סענדער בלאנק
און זיין געזינדעל

א ראמאן אהן א „ראמאן“.

געשריבען אין יאָהר 1887

# דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

דער סאָרהאַנג הויבט זיך אויף — און די קאָמעדיע הויבט זיך אָן.

צו אַ גרויסען צווייגאָרענדיגען מויער אויף דער שענסטער גאַס פון דער שטאָדט .א (אזוי הויבען־אָן אַלע ראָמאַניסטען, אזוי הויב איך אויך אָן) פאָהרען־צו און פאָהרען־אָפּ אַ גאַנץ פריהמאָרגען פאַיעטאָנען מיט דראָזשקעס מיט פערשיעדענע פאַרשוינען; די פאַרשוינען שפּרינגען־אַראָפּ און בעצאָהלען דעם קוטשער מיט דער ברייטער האַנד, נישט געדונגען זיך.

חוץ וואָס עס פאָהרען אהער אַ גאַנצען טאָג מענשען, איז שוין דאָ געוועזען צוויי מאָל דער דאָקטאָר קלוגער, און נאָך יעדען מאָל, וואָס ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דאַנען, האָבען איהם בעגלייט יונגע לייט מיט ווייבער און האָבען מיט איהם אַ היבשע ווײלע פערבראַכט אויף דעם טראָטואַר, און איינע פון די ווייבער, די יונגערע, האָט אַלע רגע צוגעטראָגען אַ קלאָר ווייס טיכעלע צו די אויגען און האָט חוץ דעם געשנייצט די נאָז מיט אזא כח, גלייך ווי זי האָט געוואָלט אויסשנייצען איננאַנצען איהרע צרות דורך דער נאָז. דער דאָקטאָר קלוגער האָט זי בערוהיגט מיט אַלע מעג־ליכקייט; ער האָט אויסגעשאָטען פאַר דער אומגליקליכער פרוי אַ סך מיט שענע ווערטער, וואָס איך מיין, אַז קיינער האָט פון זיי ווינציג־וואָס פערשטאַנען, מחמת דער דאָקטאָר קלוגער האָט ליעב איבערצושיטען זיין שפּראַך מיט זעהר פיעל הויכע ווערטער, אָדער נאָר ווערטער פון דער מעדיצין.

— בערוהיגט זיך, מאַדאַם זעמעל, קומט צו זיך! באַטראַכט זיך, אַז איהר זענט אַ מוטער פון קינדער, אַ יונגע מוטער, — וואָס טהוט איהר דאָס? זייט רוהיג: אייער פאָטער וועט, אם ירצה השם, זיין געזונט. אמת, ער דאַרף איבערטראָגען זעהר אַ שווערען

קריזיס. נאָר די נאַטור פונ'ם מענטשען איז שטאַרקער פון אייזען. איהר האָט געווים געהערט דאָס וואָרט: „אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ שטרוי און שטאַרקער פון אַ שטיין". אַ וואָהל וואָרט, כלע־בען, אַ קלוג וואָרט! מיר דאַרפען זיין צוגעגרייט צו אַלעם, ווי אַ גרויסער חכם האָט געזאָגט: „סי וויזע פּאַצום פּאַראַבעלאָם". אויף אונזער לשון הייסט דאָס: ווילסט דו שלום, טאָ גרייט זיך צו אַ מלחמה... פאַרשטעהט איהר, מיינע ליעבע דאַמען? אַדיעו! אין צוויי שעה אַרום בין איך ווידער דאָ...

— אוי, שוויגער! איהר פאַרשטעהט וואָס דער דאָקטאָר זאָגט? ער זאָגט, מע דאַרף זיין גרייט, מע דאַרף זיך ריכטען, איהר פאַרשטעהט, שוויגער?

— אוי, איך ווייס ניט! איך ווייס נאָר, אַז איך בין אומ־גליקליך, עלענד און אומגליקליך! וועה איז צו מיר און צו מיינע יונגע יאָהר!...

פון דעם טיעפען הארצען איז דער מחבר זיך מודה ומתודה, אַז דער טוידט פונ'ם נגיד מאַכט אויף איהם אַ סך אַ גרעסערען איינדרוק ווי, למשל, פון דעם קבצן; ער האָט זיך נאָך ביז אַהער ניט אָפּגעגעבען קיין דין וחשבון, פאַר וואָס דאָס איז אַזוי; דער קבצן איז דען ניט אַזאַ מענש, ווי דער נגיד? פאַר וואָס זשע הערען מיר אוים גאַנץ קאַלט, ווען דער שמש קלאַפּט מיט דער פּושקע: „צדקה תציל ממות!", אַז יוסעל דער שניידער, אָדער הערשעל דער שוסטער איז געשטאָרבען? און אַז מע זאָגט אונז: „איהר ווייסט? רב יוסעלע איז דאָך געשטאָרבען!" אָדער „רב הערשעלע איז געשטאָרבען!" — טהוט עס אונז אַ חאַפּ און אַ טראָג אין דער לופטען, און מיר ווערען פערצאַפּעלט: „הא? וואָס? רב יוסעלע? וויפיעל איז געבליבען געלד? וויפיעל קינ־דער? ער האָט מסתמא געלאָזט אַ צואה? אַזאַ גוטס! אַזאַ גוטס! אַ רחמנות, כלעבען, אויפ'ן ווייבעל!" וועט אונז דען קומען אויפ'ן זינען אפילו צו בעדויערען די לאַגע פון יוסעל דעם

שניידער׳ס, אָדער הערשעל דעם שוסטער׳ס אלמנה? ווער וועט זיך דאָס פּלוצים אנידערזעצען מאַכען אַ רעכענונג, וויפיעל קינדער זיי האָבען געלאָזט? וואו וועלען זיי זיך פּריטולען מיט די וויסטע אלמנות, זייערע מוטערס, און וואָס וועט זיין פון זיי דער תכלית?

מען קאָן אָבער פון דעם אמת ניט אוועקגעהן אפילו אויף קיין טריט, און מיט׳ן גאַנצען ווילען בענעהרען מיר צו וויסען, וואָס טהוט זיך דאָ אין דעם דאָזיגען הויז? ווער איז דאָ אזוי מסוכן קראַנק? מיר ווייסען, אז דאָ וואָהנט סענדער בלאַנק, כמעט דער גרעסטער גביר פון דער דאָזיגער שטאָדט! קאָן עס דען געמאָהלט זיין, אז סענדער אליין זאָל זיין שלאף און אזוי מסוכן שלאף? מיר קאָנען דאָס שוין מעהר אויף זיך ניט טראָגען און בעטען אונזערע נייגיעריגע לעזער מטריח זיין זיך מיט אונז צוזאַמען צו סענדער בלאַנק אין שטוב אריין איהם מבקר חולה צו זיין. נאָר לעת־עתה וועלען מיר אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלען זיך דאָ פון הינטען און צו־הערען די שענע רעד, וואָס פּרויקע דער משרת האלט פאַר דעם גאַנצען קאָמיטעט דיענסטען, משרתים און פּריקאַזטשיקעס; און הנם עס איז זעהר ניט שען איבערהויפּט אונטערהערען זיך, ובפרט נאָך אין קיך, וואָס דיענסטען רעדען צווישען זיך, נאָר וואָס זאָל נעבאָך טהון, זאָגט אליין, איין אָרעמער פּאַנאָראַמשטשיק, וואָס וויל צופריעדען שטעלען אלע זיינע ליעבע געסט? וואָס זאָל נעבאך טהון אַ מחבר אַ ראָמאַניסט, וואָס וויל, אז אלע קלאַסען לעזער זאָלען זיין צופריעדען? לאָז אייך צו קיין חרפה ניט זיין, עדעל־סטע דאַמען! צווישען אייך געפינען זיך אַ סך בעלי־בית׳טעס אזעלכע, וואָס שטעהען ניט איין מאָל מיט׳ן אויהער הינטער דער טיר צו האַפּען עפּיס אַ וואָרט פון די דיענסטען אין קיך; פון דעם רעדט מען שוין ניט, אז אַ שוויעגער איז מחויב זיך אונטערהערען, וואָס רעדט עפּיס דאָס איידעמעל מיט דער טאָכטער אויף איהר, אויף דער שוויעגער? און די שנור פון איהר זייט מוז דאָך אוודאי וויסען, וואָס שושקעט זיך עפּיס דער שוועהר מיט דער שוויעגער דאָרט, און וואָס ווינקט עפּיס דער שוואָגער מיט דער שוועגערין?

אויהערען, מיינע ליעבע פריינד, אויהערען האָט אונז גאָט געשענקט במתנה, אַז מיר זאָלען דורך זיי הערען, וואָס מע רעדט!...

— איך וויים נים, — זאָגט פרויקע, ווישענדיג די גלעזער און קייענדיג קאָרענעם לעקאך — איך ווייס נים. וואָס פאַר א רוח האָט זיך אַריינגעהאַפּט צו אונזער „אַלטען" אין בויך אריין! אַליין ליגט ער, ווי א קלאָץ, אויסגעצויגען, מיט אָנגעבלאָזענע באַקען, מיט א רויטען פּיסק, מיט א קאַרק, אויף מיר געזאָגט געוואָרען, און שרייט, ווי א משוגע'ן קעלבעל: „אוי, מיין סוף! אוי, מיין עק!" נים מיט אַ פנים לעגט מען אין דער ערד אריין, ניין! און דער דאָקטאָר גיסט אין איהם רעצעפּטען, מיט פלעשלעך, מיט דער רוח ווייסט וואָס! מע זאָל ביי מיר פרעגען, וואָלט איך איהם געהייסען אויסטרינקען א גלאָז ריצענאויל, א טאָפּ סאָראָוועץ מיט א דריי קריגלעך זויערמילך, וואָלט עס איהם באַלד געעפענט די אויגען! נים אזא בויך נעמט מען מיט פלעשלעך!

— די בעל־הבית'טע וויינט דאָך און זאָגט, אַז ער שטאַרבט שוין אוועק? — האָט זיך אָנגערופען זעלדע די קעכין און האָט אַריינגעקוקט אין אויווען אריין.

— זי זאָגט? שפּייט איהר אָן א פולען פּנים! — האָט פרויקע מיט היץ געענטפערט און אַרויסגעשלעפּט פון קעשעני נאָך א שטיק לעקאָך. — זי ווייסט דאָך יאָ מעהר פון א טוידטען! דאָס האָבען איהר די קינדער איינגערעדט; דאָס וואַכסט פון רעוועקע'ן!

— וואָס האָסטו דו צו מיין מאַדאַם, פרויקע? — האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איהר בעל־הבית'טע א יונג מיידעל פון א יאָהר צוואַנציג מיט דעם נאָמען מלכה־סאַסעל.

— ד י י ן מ א ד א ם? — איז אויף איהר פרויקע אָנגעפאַלען.— דיין מאַדאַם וואָלט שוין לאַנג געהרען, אַז דער „אַלטער" זאָל אויסציהען די פיסלעך; פאַר וואָס — דאָס איז שוין „אונזער" עסק און נים פאַר דיין קאָפּ צו פאַרשטעהן אזעלכע זאַכען! דיין רעוועקע קאָן נאָר שפּיעלען אין קאָרטען מיט פרעמדע יונגע לייט און אָסיפּ'ען אַרויסשטעלען דריי פייגען, און אמאָל שטילערהייד, אַז קיינער זעהט

נים, אָפּשטעקען איהם טאַקי אַ פינסטערען פּאַטש אויך. פון וואַנען איך ווייס — דאָס איז שוין „אונזער" עסק! זי האָט אַזוי ליעב דעם טאַטען, ווי אויגען־וועהטיג; זי קאָן נאָר אָפּנאַרען איהם גוט! און איצט, אַז ער איז עפּיס נים געזונט, האָט זי זיך עם אביסעל צעפּעסטעט — ננו! גראָד איז זי איצטער געוואָרען אַ גוטע שוועס־טער מיט דער שווענערין; זי שושקעט זיך מיט איהר און סוד'עט זיך אַ גאַנצען טאָג, און נאָכדעם שיקט זי מיך, איך זאָל שטעהן אונטערהערען זיך, וואָס רעדט דאָרטען סאָני מיט דער שוויעגער. אַ גוטע סחורה דיין רעוועקע, קיין מעשה נים! „מיר" קענען זיי; „מיר" זענען דאָ אויך נים קיין נעכטיגע, פאַרשטעהסט דו מיך...

— מיין מאַדאַם סאָני הערט זי, ווי דעם פאַראַיאָהריגען שניי! — האָט זיך אָנגערופען זלאַטקע די שוואַרצע, סאָני'ס דיענסטמיידעל. — ביי אונז אין דער היים...

— דיין מאַדאַם — האָט איהר פרויקע איבערגעשלאָגען — איז אויך געקומען אהער טאַנצען אויף דער חתונה און אָפּלעקען אַ ביינדעל; נאָר האָט צייט אביסעלע — פּפיו!!! (דאָ האָט פרוי־קע אויסגעצווינגען אַ לאַנגען סווישטש). דיין מאַדאַם האָט אויך נישט פיינגר קיין פליאַטקעס פיהרען און אָנרעדען אויף איהר איי־גענער שוועסטער כל הצרות אויף איהר קאָפּ! אומזיסט האָט זי מיך געמוטשעט דריי טעג מיט דריי נעכט כסדר, איך זאָל איהר דערצעהלען וואָס טהוט מאַרקוס? וואוהין געהט ער דאָס אַלע טאָג? צו וועמען שרייבט ער דאָס קוויטעלעך, און וואָס לויף איך אַלע טאָג אויף דער פּאָסט נאָך בריוולעך? אַ! דיין סאָני איז דאָך גאָר איין אַנטיק! דערפאַר אָבער האַלט זי דער מאַן שטאַרק אין די הענט! נאָר איין אָסיפּ איז אַ בראַוועער מאַן. ער וואָלט יאָ געוועהן אפשר אַ שטיקעל לייט, ווען ער זאָל נים זיין אַזאַ שקרן, אַזאַ לאַך, אַז ער זאָל נים האָבען אין זיך קיין וואָהר וואָרט און זאָל...

פרויקע האָט געהאַלטען אָפען דאָס מויל און וואָלט נאָך אפשר גאַנץ לאַנג געקאָמענדירט פאַר אונז זיינע פרינציפּאַלען; נאָר אַ שטאַרקער קלונג פונ'ם גלעקעל האָט איהם איבערגעשלאָגען אין

מיטען די רעד. ער האָט אַ וואָרף געטהאָן דאָס האַנטוך מלכה'ן אין פּנים אריין און האָט זיך געשווינד געלאָזט לויפען צו די טרעפּ ארויף, אויף דעם אויבערשטען עטאזש; אָבער ווי פערוואונדערט און דערשטוינט איז ער געוואָרען, אז ער האָט אליין מיט זיינע אויגען דערזעהען, ווי צוויי הויכגעשעצטע און געעהרטע דאמען שטעהען הינטער דער קיך־טיר! און אז די דאמען האָבען איהם דערזעהען, האָבען זיי זיך גלייך מיט איהם געלאָזט לויפען אויף די טרעפּ! אונזער אָרעמע פעדער איז ניט אימשטאַנד ארויסצו־לאָזען די דאָזיגע ווערטער, נאָר דער אמת פאָדערט פון אונז אויפ־דעקען פאַר אונזערע ליעבע פריינד, אז... גוואלד! די דאָזיגע צוויי דאמען זענען געווען נישט קיינער, נאָר די הויכגעשעצטע מאדאם רעוועקאַ זעמעל און די געעהרטעסטע מאדאם סאָני בלאַנק, וועלכע האָבען מיט אונז קיין וואָרט ניט דורכגעלאָזט פון דעם, וואָס פּרויקע דער משרת האָט גערעדט.

אונזערע פיעלגעשעצטע דאמען, רעוועקאַ און סאָני, לויפענדיג ארויף אויף די טרעפּ, האָבען זיך פּלוצים ביידע אין איין אויגענ־בליק אַ חאַפּ געטהאָן צוריק אראָפּ, און מיט דעם דאָזיגען מאַנעווער האָבען זיי געוואָלט אָפּנארען פּרויקע'ן, בכדי ער זאָל מיינען, אז זיי קומען ערשט אָן און לויפען גאָר אראָפּ, ניט ארויף. צי דער מאַנעווער איז זיי געראָטען, צי ניין, — דאָס קאָנען מיר בשום אופן נישט וויסען, וואָרום פּרויקע האָט נאָר אַ קוק געטהאָן אויף זיי מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, האָט געטהאָן אַ שמייכעלע, אַ וואָרף מיט דער גריווע (נויטיג צו בעמערקען, אז ביי סענדער בלאַנק זענען אַלע געגאַנגען אָהן היטלען, חוץ סענדער'ען אליין, וואָס האָט גע־טראָגען אַ יארמעלקע) און געשווינד ארויפגעלאָפען אויף די אויי־בערשטע טרעפּ.

אונזערע געעהרטע דאמען זענען תחילת געבליבען שטעהן און געקוקט איינע אויף דער אַנדערער מיט גרויס חרפה ובזיון, און גאָט ווייסט, מיט וואָס דאָס אַלץ וואָלט זיך געקאָנט ענדיגען, מיט וואָס וואָלט פּרויקע אָפּגעשפּיעלט פאַר זיין שאַרפע צונג, און ווי

אזוי וואָלטען די דאָזיגע צוויי דאַמען געקאָנט זיך קוקען גלייך אין פּנים אריין, ווען צווישען זיי וואָלט זיך ניט פערבונדען, טאַקי דאָ אויף די טרעפּ, אזא מין שמועס:

— נו, וואָס זאָגט איהר עפּיס, רעוועקאַ, אויף אייער טאַטענ'ס משרתים? דעם גרעסטען בזיון קאָן מען דורך זיי האָבען! א מערכה באַלעדיגט צו ווערען דורך אזעלכע הינט? עס איז מיר א חידוש, כלעבען, אז איהר, רעוועקאַ, זאָלט דערלאָזען האַלטען אזא הונט אין שטוב? מיר דאַכט זיך, אז אייערס איין וואָרט וואָלט ביי'ם שווערער...

— זאָגט דאָס ניט, סאָני! דער פּאַפּאַשאַ איז ניט שולדיג; דאָס איז „איהר" פּליגעל־אַדיוטאַנט, און דאָס בן־יחיד'על „איהרס" הענגט זיך פּשוט אויף זיין האַלז. דער פּאַפּאַשאַ זאָל וויסען א צעהנט־חלק, א הונדערט־חלק פון אָט די אַלע זאַכען... אַ, סאָני! ניט אומזיסט קרענקט ער פון „איהר"! „זי" איז זיין מלאך־המות! „זי" דערגעהט איהם דעם עק!...

— און פון דעסטוועגען באַריהמט „זי" זיך, אז „איהר" מאַר־קוסעל וועט זיין א האַלבער יורש... אייער טאַטענ'ס גוטס וועט אריינפאַלען אין א מקום קדוש...

— וואָס מיינט איהר דאַמיט? איהר האָט תמיד ליעב, סאָני, יענעם באַלעדיגען אומזיסט און אומנישט מיט שטעכווערטלעך און אויפ'ן וואונק...

— שטעכווערטלעך, רעוועקאַ? איך וויים ניט, ווער האָט ליעב יענעם צו שטעכען, אזוי ווי איהר, רעוועקאַ?

— סאָני! איהר זענט ערשט נעכטען געקומען אהער, הויבט איהר זיך שוין אָן צו קריעגען! איהר מיינט, עס איז אמאָליגע יאָהרען, ווען איהר זענט געזעסען ביי אונז אויף קעסט?

— ב י י א י י ך אויף קעסט, רעוועקאַ?...

ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיגט, ווען אין דער מינוט זאָל נישט געווען דורכלויפען דער יונגער העדר בלאַנק, מאַרקוס בלאַנק, מיט וועלכען מיר וועלען זיך אין גיכען בעקענען,

און ווען מארקוס זאָל ניט געוועזן מיט א שמייכעלע א קוק טהון אויף די דאָזיגע צוויי דאמען, וואָס האָבען געפונען, אז דאָס דאָזיגע שמייכעלע איז פאר זיי די גרעסטע בעלעדיגונג.

— וואָס זאָגט איהר עפּיס, סאָני, אויף „איהם“?

— אויף אייער ברודער, רעוועקא? וואָס זאָל איך זאָגען? א וואוילער יונגערמאַן, א גאַנץ פיינער יונגערמאַן; איין עבירה וואָס ער איז ביז אהער נישט אנטלאָפען, נישט באַנומען דעם שוועהר און נישט אנטלאָפען שאַרלאַטאַנעווען...

— אנטלאָפען?

— ווייסט איהר וואָס? נאָט אייך אָט דאָס בריוועל, לייענט — וועט איהר אויך וויסען.

און איינע האָט איבערגעגעבען דער אנדערער א בריעף, וואָס מיר ערלויבען זיך איבערגעבען אונזערע לעזער וואָרט אין וואָרט, ווי א דאָקומענט, וואָס איז נויטיג צו דעם דאָזיגען ראָמאַן.

„מיין טייערער אריה־לייב! מיין עהרליכער לעהרער! מיין גוטער חבר! מיין ליעבסטער פריינד! וואָס וועט זיין פון דעם דער תכלית? איך קאָן דאָס שוין מעהר נישט איבערטראָגען! וואָס ווייטער ווערד אלץ ערגער און ערגער. וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? מע מוטשעט מיך, מע האלט מיך אויף איין אייזערנער קייט, מע בעלעדיגט מיך אויף יעדען טריט! מע רעדט מיר שידוכים, מע וויל מיך חתונה מאַכען. איהר פערשטעהט, אריה־לייב? חתונה מאַכען מיט גוואַלד! מע וויל מיר אָנהענגען א ווייב, א ווייב צו נייענצעהן יאָהר! איהר פערשטעהט? מע וויל מיך פערקויפען, ווי מע פערקויפט א זאַך, א חפץ, פּונקט אזוי ווי עס ווערד בעשריבען אין א ראָמאַן! און ווען? דעמאָלט, ווען איך בין דערפון אזוי ווייט, נאָך ווייטער ווי איהר, אריה־לייב, זענט פון מיר! אָ, גוטער, ליעבער, טייערער אריה־לייב! גיט מיר איין עצה: איך בין גרייט אויף אלעס! איך פיהל, אז אין דער דאָזיגער מינוט איז ביי מיר אויסגעוואַכסען פליגעל — און איך וואָלט זיך

געלאָזט פליהען, לויפען אין דער וועלט אריין, וואוהין די אויגען וועלען מיך טראָגען! אבי אנטלויפען, אנטלויפען ווייט פון דאנען, ווייט פון די דאָזיגע ווילדע חיות, מערדער, דעספּאָטען, טיראַנען, וואָס האָבען קיין שום געפיהל פון קיין מענשען, וואָס האָבען קיין שום בעגריף פון דער השכלה, וואָס האָבען נישט געהערט פון קיין ציוויליזאציע, וואָס זענען איבערגעגעבען מיט זייער גאַנץ חיות צו דעם געלד און צו די אַלע נארישע, בלינדע, אונמענשליכע געפיהלען. אָ! קיינער, קיינער פערשטעהט מיך נישט, נאָר איהר, אריה־לייב! נאָר איין מענש אויף דער וועלט!... ווי אַזוי רייסט מען זיך ארויס פון דאנען? קיין לעהרער ווילען זיי מיר נישט האַלטען; קיין ביכער ווילען זיי מיר נישט קויפען — און איך בין עלענד, עלענד, ווי אַ שטיין, ווי אַ פערבלאָנזעטער אין דער וויסטעניש, ווי אין געפענגעניש. איך האָב אפילו נישט פאר וועמען אויסגיסען מיין ביטער הארץ, אַ חוץ אייך, מיין עהרליכער אריה־לייב. איז דאָס — מיט גרויס מיה, ווייל איך האָב מורא פיעל צו שרייבען, זיי זאָלען מיך נישט בעמערקען, — און איהר ווייסט דאָך, ווי עס איז שווער אויסצוהאַלטען מיין פאָטער'ס אָפּעקע. דערום קאָן איך אייך אָפט ניט שרייבען, און די בריעף אָפּטראָגען אויף דער פּאָסט אַליין קאָן איך ניט, מע זאָל מיך נישט בעמערקען. איהר ווייסט דאָך, ווי אַזוי דאָ האָט מען ליעב צו קוקען מיט זיעבען אויגען, דערום מוז איך שיקען דעם בריעף דורך אונזער פרויקע'ן, פון וועלכען איך האָב גענוג צרות מיט יסורים ביז איך רעד איהם צו און ביז איך בעצאָהל איהם גוט — איהר געדענקט דאָך וואָס פאר אַ פארך און אַ גנב ער איז... ווי גאָט איז אייך ליעב, אריה־לייב, ענטפערט מיר וואָס גיכער אויף דעם דאָזיגען בריעף מיט איין עצה פון איין אמת'ען גוטען ברודער: וואָס זאָל איך טהון? אצינד וועל איך אייך פאָלגען אַלעס, וואָס איהר וועט מיר שאַפען — אפילו אין פייער אריין! אייערע בריעף שיקט ווייעדער אויף דעם זעלבען אדרעס, וואָס פריהער, און פערגעסט ניט צו שרייבען „Для пере-дачи Фройкѣ Крокману", — ווען ניט בין איך אַ פערפאַלענער!

„אייער איבערגעגעבענער תּלמיד, געטרייער חבר און בעסטער, בעסטער פריינד

מ א ר ק ו ס  ב ל א נ ק.

P. S. אריה־לייב! איהר געדענקט דאָך מיין שוואָגער אָסיפּ זעמעל? האָט דער דאָזיגער פּראָלער נישט לאַנג אריינגעשריבען א בריעף, אז ער עפּענט א נייַ געשעפט, איין אמעריקאַנישע וואַש־פאַבריק, און האָפט צו געווינען א גרויסען פּראָצעס פון אַנדער־האַלבען מיליאָן! עס פערשטעהט זיך, אז מע האָט איהם דערויף אפילו נישט געענטפערט...

אייער מ א ר ק ו ס".

— וואו האָט איהר געקריגען אזא בריעף, סאָני?

— וואו? אייער אָסיפּ האָט דאָס מיר געגעבען, טאַקי אָסיפּ אליין!

— מיין אָסיפּ? ווי ארום? וואָס הייסט דאָס?

דאָס דאָזיגע שענע בריוועל האָט אין איין אויגענבליק אויפ־געמונטערט די פערזאָרגטע, פערקלאָגטע רעוועקאַ. שען, הויך, גע־זונד און פריש איז רעוועקאַ געוועזען, חאָטש זי האָט געהאַט געלע האָר מיט גרויע אויגען. א קליינינקע, א שווארצינקע, א לעבעדיגע, מיט גאַנץ שווארצע האָר, מיט גרויסע שווארצע אויגען, מיט א קליין נעזעל, א צענויפגעציפּעט מיילכעל, ווי אויף שנירלעך, מיט גריבעלעך אין די בעקלעך, אפילו ווען זי האָט ניט געלאַכט — אָט האָט איהר סאָני'ן אינגאַנצען.

— סאָניטשקע! ליובעניו, הארצעניו, נשמה'ניו! — אזוי האָט זיך רעוועקאַ גאַנץ פריינדליך געווענדעט צו איהר שוועגערין. — איך בעט אייך, געהט, נעמט, רעדט מיט אָסיפּ'ען! לאָז ער אייך אקו־ראַט דערצעהלען, וואו האָט ער דערטאַפּט דאָס דאָזיגע בריוועלע? אַלץ, אַלץ, אַלץ ווערד געוואָהר, איך בעט אייך, סאָניטשקע, האַר־צעניו! טאַקי באַלד לויפט ארויף! איך וועל אריינגעהן צום פּאַ־פּאַשאַ און וועל אייך ארויסשיקען אָסיפּ'ען. גיבער!

— די רגע ! — האָט סאָני געענטפערט. און ווי די פויגעלעך, זענען אונזערע געשעצטע דאַמען ארויפגעפלויגען אויף דעם אויבערשטען עטאַזש, וואוהין מיר בעטען אויך אונזערע לעזער, זיי זאָלען זיך מיט אונז מטריח זיין.

---

## ד אָ ס צ ו ו י י ט ע ק א פּ י ט ע ל.

די עקסטיארעז שפּיעלען געצייכענט גוט.

ווי איין אָרענטליכער ראָמאַניסט, זענען מיר מחויב פאָרצושטעלען א בילד פון סענדער בלאַנק׳ס הויז און ניט דורכלאָזען קיין קלייניגקייט; נאָר מחמת מיר זענען זעהר נייגיעריג שוין אָנצוקוקען דעם הערר בלאַנק עטליכע שעה פאר זיין טוידט, מוזען מיר די בעשרייבונג פונ׳ם שענעם הויז אָפּלעגען אויף איין אנדער צייט, און איצט נאָכגעהן טריט ביי טריט אונזער געשעצטע העלדין, רעוועקא זעמעל, גלייך צו סענדער׳ען אין צימער אריין.

דער שאַרפער ריח פון די אַפּטייק־פלעשלעך שטעלט אונז פאָר אין דער פאַנטאַזיע איין אויסגעצויגענעם חולה מיט א בלאַס געזיכט, מיט א פּאָר גלעזערנע אויגען און מיט פערשמאַכטע ליפּען, און מיר פיהלען, אז דאָ האָט זיך דער טוידט געמאַכט א נעסט, און דער מלאך־המות ליגט ערגיץ אין א ווינקעלע און מיט א לאַנגען שעכט־מעסער אין דער האַנד היט ער איהם די נשמה, אזוי אז א פּראָסט לויפט דורך איבער׳ן לייב ; און יעדער פון אונז, אפילו דער גרעסטער אפּיקורס, דערמאָנט זיך אויך אין דעם לעצטען טאָג פונ׳ם קורצען לעבען, און יעדער, נאָך זיין פערשטאַנד, הויבט אָן צו פילאָזאָפירען אויף זיין שטייגער: דער מאַטהעמאַטיקער זאָגט, אז די גאַנצע וועלט איז געגליכען צו א ראָד, און דער טוידט איז דער צענטר, און מיר, מענשען, זענען נישט מעהר ווי אומגלייכע ראַדיוסען, וואָס שפּארען זיך אָן אַלע אויף איין פונקטום... דער זייגערמאַכער זאָגט, אז די גאַנצע וועלט איז געגליכען צו א

ציפערבלאַט, די ווייזערס — דאָס איז אונזער לעבען, דער אומ־
רוה — דאָס זענען מיר, און אַז די וואָג פאַלט אַראָפּ — איז אונ־
זער לעצטע היסטאָריע... דער שוסטער זאָגט, אַז די וועלט איז גע־
גליכען, להבדיל, צו אַ חאָליווע, און דער מענש — דאָס איז דער
האַמער... דער בעל־עגלה זאָגט, אַז די גאַנצע וועלט איז בעשאַפען
געוואָרען נאָר צוליעב דעם בעל־עגלה; אי וואָס דרעהען זיך דאָ
אַרום אַזוי פיעל מענשען? — דאָס, זאָגט ער, זענען אונזערע
פאַרשוינען, פון וועלכע מיר האָבען פּרנסה... פון אַ באַנדער האָב
איך אַליין געהערט, ווי ער האָט געזאָגט, אַז די גאַנצע וועלט איז
גענגליכען, להבדיל, צו אַ פעסעל, וואָס אַז סע ווערד נאָר צעלעכצט,
מוז דאָס דער באַנדער אָנשלאָגען...

אריינגעקומען צו סענדער בלאַנק אין חדר אריין, צום חולה,
האָט זיך פאַר אונזערע אויגען פאָרגעשטעלט אַזאַ מין בילד: אויף
אַ גרויסען אייזערנעם בעט ליגט מיט'ן בויך אַרויף אַ איד פון אַ
יאָהר פופציג, מיט געלע האָר, מיט אַ גרויסער געלער באָרד, דאָס
גאַנצע פּנים כמעט מיט די הענד בעוואַכסען מיט גילדענע האָר,
מיט לאַנגע געלע ברעמען אויף די אויגען (אַ סך עהנליכקייט מיט
זיין טאָכטער רעוועקאַ). סענדער איז געשלאָפען, ווי עס האָט
אויסגעוויזען, מיט אַ זיסען געזונדען שלאָף, און אויף זיינע באַקען
האָט געפלאַמט אַ פייערעל.

רעוועקאַ איז שטיל צוגעגאַנגען צו זיין בעט, האָט צוגעלעגט
אַ פינגער צום מויל: „ש־ש־ש־ש־ש־ש־ש־ש־ש!!!" — און דער
אומגליקליכער חולה האָט זיך נעבאַך אויפגעחאַפּט, האָט אויפגע־
עפענט זיינע גרויסע גרויע אויגען און האָט אַרויסגעלאָזט עפּיס ווי
פון אַ לעדיגען פאַס: „אוי, מיין סוף! אוי, מיין עק!" — אַז די
פענסטער האָבען געציטערט. אין איין אויגענבליק האָט זיך רע־
וועקאַ'ס פרייליך שען געזיכט ווידער פערענדערט, און אויף איהר
שענעם ווייסען שטערן האָבען זיך פּלוצים אויסגעלעגט מיט אַ מאָל
עטליכע טיעפע, טיעפע קנייטשען, און איהרע אויגען האָבען זיך
בענעצט מיט אמת'ע, ביטערע טרערען.

— פּאַפּאַשאַ! — האָט איהם אונזער העלדין געזאָגט, אַרויס־שיקענדיג אַסיפּ'ען מיט אַ וואונק, און האָט זיך געזעצט ביי'ם פאַ־טער צוקאָפּענס און האָט אנידערגעלעגט איהר ווייכע, ווייסע האנד אויף זיין שטערן. — פּאַפּאַשאַ! ווער שוין געזונט. סע איז שוין צייט. זעה, וואָסער אַ פּנים דו האָסט באַקומען, פּאַפּאַשאַ! שטאַרק זיך! פאַל ניט אַראָפּ ביי זיך! לאָז זיך ניט אָפּ אינגאַנצען!

— אוי, שלעכט, שלעכט, טאָכטער! — האָט איהר דער פאָטער געענטפערט. — איין עק! איין עק! גאָט ווייסט, צי איך וועל דערלעבען מאָרגען, גאָט ווייסט! רבקה! קינדער! חיים! מאַר־קוס! וואו זענט איהר? וואו זענען מענטשען? רופט מיר מענ־טשען! איך וויל שרייבען אַ... אַ... אַ... צוואָה!

— אַ צוואָה? וויים איך, וואָס דו רעדסט, פּאַפּאַשאַ! נאַ דיר נאָר אַ צוואָה! מילא, אַז מע איז ניט געזונט, איז וואָס? סע מאַכט זיך! אַ מענטש איז ניט קיין אייזען...

— אַ... אוי, טאָכטער, איך וויל שרייבען אַ צוואָה. איך האָב עטליכע געצעהלטע שעה צו לעבען, צו מוטשען זיך. גוואַלד! גוואַלד!

דער דאָזיגער „גוואַלד" האָט אויפגעהויבען דאָס גאַנצע הויז אויף די פיס. צום אַלעם ערשטען האָט מרים־חיה, סענדער'ס ווייב, גע'חלש'ט, און דאָס ווייסען מיר דאָך אַלע, ווי גרינג דער שוואַכער פרוי איז צו חלש'ען; צו איהר איז צוגעלאָפען די מאַראַם סאָני מיט אַזאַ שרעקליך געשריי „שוויעגער! !" — אַז ווען מרים־חיה זאָל טאַקי אויף איין אמת געוועזען חלש'ען, וואָלט זי זיך אויך בע־דאַרפט אויפחאַפּען — און זי האָט זיך טאַקי אויפגעחאַפּט, אויפ־געעפענט די אויגען, אַנידערגעלעגט דעם קאָפּ ביי דער שנור אויפ'ן האַרצען און גענומען צו לייענען אַ צעטעל, ווי אַזוי אומגליקליך און עלענד זי איז, ווי אַזוי זי בלייבט ווי אויפ'ן וואַסער, ווי אַ פּער־וויסטע אלמנה — אַ יונגע נאָר אַ פּערוויסטע אלמנה! ווער וועט זיך אויף איהר אַרומקוקען?

אויף איהר קוקענדיג, איז סאַני צעגאַנגען געוואָרען פאַר געוויין, און פאַר גרויס רחמנות האָט זי כמעט פערגעסען אין איהרע אייגענע צרות און האָט גענומען טרייסטען די „וויסטע אַלמנה“ מיט די דאָזיגע ריהרענדיגע און הארצרייסענדיגע ווערטער:

— גענוג אייך צו טרויערען, שוויעגער, כלעבען, גענוג! פאַרגעסט ניט אָן גאָט און זינדיגט נישט מיט אייערע רעד, שוויעגער! גאָט וועט אייך ניט פאַרלאָזען. איהר זענט נאָך אַ יונגענד, און אייער מזל קאָן קיינער נישט וויסען. איהר זענט ניט די ערשטע, און ניט די לעצטע. גאָט קאָן אייך נאָך באַשערען, און איהר קאָנט נאָך וויסען פון אַ וועלט, און מסתמא וועט אייך דער שוועהר ניט פאַרגעסען אין דער לעצטער מינוט און וועט אייך באַוואָהרענען. אָבער איך, שוויעגער, איך קאָן זיך צו אייך נישט גלייכען, איך בין באַפאַלען מיט קינדער, און דאַרף האָבען פיעל זכות־אָבות, ביז איך זאָל פועל׳ען ביי גאָט, אַז דער שוועהר זאָל מיך אויך נישט פאַרגעסען מיט מיין מאַן. איהר ווייסט, איך האָב נאָך כמעט קיין חיי־שעה נישט געהאַט, חוץ דחקות, יסורים און הארצוועהטיג, חאָטש מיין חיים איז איין עהרליכער, אַ שטילער, אַ ליטישער יונגערמאַן, ניט אַזוי ווי אונזער אָסיפּ, דער שאַרלאַטאַן, וואָס פאַרשפּיעלט, זאָגט מען, אין קאָרטען אַ יאָהר וויפיעל איך מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדער דאַרפען פאַרלעבען, און פון דעסטוועגען ווייסט איהר, וויפיעל מתנות רעוועקאַ האָט תמיד פונ׳ם שוועהר, און איך, אַ חוץ דעם נדן, נישטאָ וואָס צו רעדען!...

און מיט די דאָזיגע ווערטער האָט נעבאַך סאָני בעהאַלטען איהר וויינענדיג פּנים ביי מרים־חיה׳ן אויפ׳ן הארצען, און אַזוי האָבען נעבאַך די דאָזיגע צוויי אומגליקליכע ווייבער אויסגעגאָסען איינס פאַר אַנדערען זייערע הערצער, זייערע ביטערע הערצער, וואָס זענען אָנגעזאָדען פון אַ צייט מיט יאָהרען מיט קנאה, שנאה, פערדראָס, הארצוועהטיג מיט נאָך אַנדערע געפיהלען... מיר זענען אַלע אַזוי, לעזער, ווער ווינציגער, ווער מעהר, ווער קליגער, ווער נארישער, ווער אָפען, ווער פערבאָרגען — אָבער עגאָאיסטען זענען מיר אַלע,

האט אויף מיר קיין פּאראיבעל ניט! אמת, מיר האָבען אַ בע־
קאַנטען איינעם, רב הערץ אָדער רב זרח — דאָס איז אַלץ איינס —
גערענק איך גאַנץ גוט, ווי אַזוי צוריק מיט אַ יאָהר צוויי, אָדער
דריי, אַז דער דאָזיגער רב הערץ אָדער רב זרח האָט בעדאַרפט
שטאַרבען און זיינע קינדער מיט זיינע פריינד זענען זיך צענויפ־
געפאָהרען צו איהם — איז כדאַי געווען צו זעהען, מיט וואָס פאַר
אַ ריהרענדיגער פריינדליכקייט, מיט וואָס פאַר אַ ווירקליכער איבער־
געבענהייט און ליעבשאַפט דאָס דאָזיגע געזינדעל איז געגאַנגען און
געהאָנגען ארום דעם חולה; עס איז כדאַי געווען צו זעהען, ווי
אַזוי דער גאַנצער עולם האָט ארומגערינגעלט דעם דאָקטאָר, און ווי
אַזוי איינער איבער'ן אַנדערען זענען געלאָפען צו בעדיענען דעם
חולה; און שטעלט אייך פאָר, אַז אַלע האָבען פערגעסען אָן זיך
און מע האָט נאָר געהאַט צו טהון מיט'ן חולה, און ביז דער לעצטער
מינוט האָבען זיינע קינדער און זיין ווייב זיך נישט געזעצט צו בע־
דויערען זייער אייגענע לאַגע, ווי אונזערע געשעצטע פרויען מרים־
חיה בלאַנק מיט איהר ליעבסטער שנור סאָני בלאַנק, וואָס האָבען,
ווי עס ווייזט אויס, בעצייטענס בעוויינט ניט דעם הערר בלאַנק,
וואָס האָט זיך געקליבען שטאַרבען, — זיי האָבען בעקלאָגט זיך
אַליין. שטעלט אייך פאָר, אַז בשעת רב הערץ אָדער רב זרח האָט
זיך געראַנגעלט מיט'ן מלאך־המות, האָט קיינער נישט אין זינען
געהאַט קיין צוואה מיט קיין בעוואָהרענישען, און ווען עמיצער זאָל
זיך געווען דערפון אויסרעדען, וואָלט דאָס געווען די גרעסטע בע־
לעדיגונג פאַר דעם גאַנצען הויזגעזינד. נים אַזוי ווי דאָ, ביי אונזער
בעריהמטען הערר בלאַנק, וואו די מאַדאַם רעוועקאַ זעמעל האָט אַ
וואונק געטהאָן צו איהר פיעלגעליעבטען מאַן אָסיפ זעמעל, ער
זאָל לויפען און ברענגען וואָס גיכער מענשען, דעם רב, דעם נאָ־
טאַריוס, און אַז דער דאָזיגער וועלטליכער דיפּלאָמאַט, מיט וועלכען
מיינע לעזער וועלען זיך באַלד בעקענען גאַנץ נאָהענט, אַז דער
דאָזיגער הערר זעמעל, זאָג איך, איז געקומען צום נאָטאַריוס, האָט
ער מיט איהם געמאַכט אַ גאַנץ לאַנגען שמועס וועגען זאַקאָנעס

בכלל און וועגן ירושה בעזונדער. ער האָט בעוויזען, ווי ווייט ער איז קלאָר אין זאַקאָנעס, און חאָטש ער איז, דאַנקען גאָט, ניט אַזוי נויטבעדערפטיג, דאָך פערהאַפט ער, אַז זיין געליעבטער שוועהר, דער הערר בלאַנק, וועט איהר אַפּשרייבען דעם גרעסטען חלק ירושה, מחמת איהם, אָסיפּ'ען, האָט ער ליעב, ווי איין אייגענעם זוהן. און שפּעטער, אַז דער נאָטאַריוס מיט די איבעריגע זענען געקומען צום חולה, האָט אָסיפּ אַרום זיי שטאַרק אַרומגעטאַנצט, און אַזוי איינגענומען און אויפגעלעגט, אַז אַ מענש פון דער זייט האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָ וועט מען שרייבען תנאים, ניט קיין צוואָה, אַז דאָ איז אַ חתונה, ניט קיין געפעהרליכער קראַנקער, וואָס געזעגענט זיך מיט'ן לעבען... נאָר איין רעוועקאַ האָט זיך ניט פערלאָרען: די דאָזיגע געטרייע טאָכטער איז ניט אָפּגעטראָטען אויף קיין מינוט, אויף קיין רגע, פונ'ם קראַנקען פאָטער; אויף איהר פּנים זענען געווען אָנגעצייכענט אַזעלכע יסורים, אַזעלכע טיעפע שמערצען, אַז דער געפעהרליכער סענדער האָט זי געטרייסט:

— וואָס וויינסט דו, נאַרלע?

די דאָזיגע עטליכע ווערטער האָבען געעפענט ביי דער זעל־טענער טאָכטער אַ נייעם קוואַל פון טרערען, און קוים מיט צרות האָט זי געקאָנט אויסרעדען אָדער אויסקוויטשען:

— טאַטע! מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!

— וואָס, נאַרעלע? וואָס דאַרף מען ניט, נאַרעלע?

— קיין צוואָה דאַרף מען ניט! מע דאַרף ניט! איך וויל ניט! איך קאָן דאָס ניט איבערטראָגען! דו וועסט נאָך לאַנג, לאַנג לעבען!

— גענוג שוין, גענוג, נאַרעלע! זעהסט דאָך, אַז איך עס זיך!

— מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!

וואָס האָט געקלערט אונזער שענע רעוועקאַ, שרייענדיג: „מע דאַרף ניט", ביי זיך אין האַרצען? עס איז נישט גרינג צו וויסען, ליעבער פריינד, וואָס איהר אָדער איך קלערען אין האַרצען; דאָס איז בכלל זעהר אַ שווערע זאַך צו טרעפען, און היינטיגע יאָהרען איז גאָר ניטאָ דער נאָר, וואָס זאָל אַרויסגעהן און דערקלערען, וואָס

דער אַדער יענער טראַכט ביי זיך אין האַרצען; יעדער אויף זיינע געדאַנקען איז בעל־הבית און קאָן זיך מיט זיי בענוצען, ווי ער פער־שטעהט... על כל פנים, דאָס קאָן איך אייך זאָגען, אַז נאָך דעם געוויין מיט'ן געשריי פון אונזער פיינער העלדין רעוועקאַ „מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!", האָב איך אַליין מיט מיינע אויגען געזעהן, ווי זי, רעוועקאַ, האָט אוועקגערופען איהר געשעצטען מאַן, אָסיפ זעמעל, און האָט זיך מיט איהם עפּיס גע'סוד'עט און גע־שושקעט עטליכע מינוט, און איהרע אויגען זענען געווען טרוקען, ווי פעפער. וואָס האָבען זיי גערעדט — קאָן איך עד היום נישט וויסען; איך האָב נאָר געחאַפּט עטליכע ווערטער: „ירושה"... „צוואָה"... „אַ חלק"... „זאַקאָן"... „איין אכטעל"... „אַ זוהן"... „אַ טאָכטער"... און דאָס איז שוין גענוג פאַר אונז, און מיר שטויסען זיך שוין אָן, פון וואָס דאָס דאָזיגע פאַרפאַלק האָט דאָ געשמועסט. די מאַדאַם רעוועקאַ איז געווען עפּיס זעהר צעטראָגען, ווי אַ סוחר בשעת ער שמועסט פון אַ גרויס געשעפט, און דער הערר אָסיפ זעמעל האָט אריינגעשטעקט ביידע הענד אין די הויזענקעשענים, פעררייסען די נאָז מיט די אַשקאַלירענע ברילען און האָט אביסעל ווי אונטערגעשפּרונגען, ווי אונטערגעטאַנצט, סקריפּענדיג שטאַרק מיט די שטיוועל, און אויף זיין פרייליך פּנים איז געווען קלאָר, אַז עס איז איהם היינטיגען טאָג בכלל זעהר אויפגעלעגט אויפ'ן האַרצען...

דאָס אייזערנע בעטעל, וואָס דער אומגליקליכער קראַנקער ליגט אויף דעם איצינד און אמפּערט זיך מיט'ן מלאך־המות, איז, איי־גענטליך, ניט קיין שלאַף־בעטעל, נאָר אזא מין קושעטקע, אַ גאַנץ גרויסע, וואו סענדער האָט ליעב געהאַט צו לעגען זיך אָפּרוהען נאָך יעדען מאָהלצייט מיט אַ גאַנץ גרויסער גראָבער ציגאַר אין די ציינער. ווי עס ווייזט אויס, האָט סענדער ליעב פון תמיד אָן שטאַרק און מאַסיוו מעבעל; דאָס קאָן מען בעמערקען נאָך דעם גאַנץ גרויסען רעמבענעם שרייבטיש, און נאָך דער הויכער רעמ־בענער קרעסלע (פאָטעל), וואָס האָט ניכער אַ פּנים פון אַ נאַר־

דערצבנע שאפע, איידער פון א קרעסלע, חאטש אין מיטען איז אויסגעהאקט איין ארט אויף סענדער'ס געזים, בעצויגען מיט א גאנצער יוכטענער פעל. מערקווירדיגער, שטארקער און מאסיווער פון אלץ איז דאס שרייב־געצייג מיט די אלע שמאכטעליאקעס, וואס געפינען זיך ביי יעדען לייטישען מענשען פון היינטיגער וועלט אויפ'ן שרייבטיש. אלץ איז אפגעארבייט און אפגעטעסעט אזוי ערנסט, אזוי ארענטליך, אזוי געטריי, — ניט אנדערש, ווי „פא־זאקאזו" געמאכט געווארען, ווארום אז מע קויפט ביי די היינטיגע טאנדעטניקעס, איז דאס נאר קיי און שפיי, מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך, אבי נאר געלד אויסצונארען און גענוג! ניין, סענדער איז ניט פון די דאזיגע שפרינגערס. וואס היינט לעבען זיי און מארגען פו־פא! סענדער האט ליעב שטארקס, פעסטינס, מאסיווען — און איז אליין אויך שטארק, פעסטיג און מאסיוו, פערפראוועט פון געזונדע מאכלים מיט די בעסטע וויינען און פערזארגט אויף היבשע, היבשע עטליכע יאהר. נאר — אך! נימא קיין אייביגע זאך אויף דער וועלט! איין איבעריגער טראפען וואסער אין טייך מאכט א גרויסע בעוועגונג אין די חוואליעס; איין איבעריג שטיקעל געפילטע פיש פון א דריי־פיער פונט מאכט־אן א גאנצע סומאטאכע, א רעוואלוציע אין בויך — און מיר זענען אלע ביי גאט אין די הענד!... ווער וואלט זיך דאס געקאנט ריכטען, אז איבער א האהן מיט א הוהן זאל חרוב ווערען אזא גרויסע שטאדט, ווי ביתר? ווער וואלט זיך דאס געקאנט ריכטען, אז איבער אזא גארנישט מיט א נישט, ווי א שטיקעל העכט, זאל עס נעמען אומוואלגערען אזא מויער, ווי סענדער בלאנק, וואס האט זיך נאך אויף זיין לעבען לעבענס קיינמאל נישט געקלאגט, אז סע זאל איהם עפים וועה טהון? און פון דעסטוועגען זעהט איהר דאך, אז אויף דער וועלט קאן זיך אלץ מאכען.

---

## דאָס דריטע קאַפּיטעל

**איז אביסעל צו גרויס, דעו עס ווערד דא בעשריבעו א סך פארשוינגעו און געשמועסט פון פערשידענע זאכען.**

אלסדינג קאָן זיך מאכען אויף דער גרויסער וועלט, און יעדער צופאל קומט־אָן אזוי אומגעריכט, פּלוצים, אז אונזער מענשליכער פערשטאנד שטעלט זיך אנידער און ווערד פערגליווערט, אז ער בעגעגענט אזעלכע וואונדערליכע זאכען אין דער נאטור.

דער פערפאסער פונ'ם דאָזיגען בוך איז אליין געווען איין עדות ביי א סך אזעלכע אומגעריכטע צופאלען. ווי היינט שטעהט אונז פאר די אויגען אונזער „רב יוסעל־דוד פאַני" מיט דער גרויסער באָרד, מיט דער צעפּלעצטער נאָז, מיט'ן גראָבען בויך, מיט דער ברייטער ליסענע אויפ'ן קאָפּ; אָט איז ער געקומען פונ'ם דאַווענען, אָט האָט ער געמאכט „שהכל" אויף א גלעזעל ספּירט און האָט פערביסען מיט עטליכע הייסע קארטאָפּליס, אָט האָט ער זיך צוגעלעגט א מינוטקעלע אויפ'ן טאפּטשאַן — און אָט האָט ער נים געסטייעט!... און אלי? אלי דער טלית'ניק ווי אזוי איז געשטאָרבען? אין באָד פרייטאָג, אויף דער אויבערשטער באנק! נאָר ווען מיר זאָלען נאָר וועלען זיך ארײנלאָזען אין לאנגע שמועסען, וואָלטען מיר געקאָנט אָפּצעהלען נאָך צוואנציג אזעלכע צופאלען, וואו דער טוידט קומט פּלוצים, נישט געריכט. נאָר נים דאָ איז דער אָרט צו פערנעמען זיך מיט אזעלכע „ספורי־מעשיות", און אז א ראָמאניסט זאָל וועלען אין איין בוך ארויסשרייבען אלץ, וואָס ער ווייסט, וואָלט זיין ראָמאן קיינמאָל קיין עק נים געהאט, ביז'ן טוידט אריין...

מיט אונזער געעהרטעסטען סענדער בלאנק איז אויך געווען איין אומגעריכטע זאך. דאָס איז געווען אין א שענעם פריהמאָרגען, נישט אין קיין חמארנעם טאָג, איז זיך סענדער אויפגעשטאנען, ווי א מענש דארף אויפשטעהן, און טרינקענדיג טיי האָט ער, פונקט ווי אלע טאָג, א ציה געטהאָן ביי'ם גלעקעל, און עס איז ארײנגע־

קומען אונזער בעקאַנטער פּרויקע, אויסגעצויגען זיך פאַר דעם בעל־הבית, ווי אַ סטרונקע.

— מע האָט שוין געבראַכט די פיש? — האָט סענדער אַ פרעג געגעבען און האָט אָפּגעזופּט אַ האַלבע גלאָז טיי.

— געבראַכט! — האָט פּרויקע געענטפערט, ווי אַ חוואַט.

— העכט?

— העכט.

— גרויסע העכט?

— גרויסע העכט.

— פרישע?

— פרישע.

— זאָג זעלדע'ן, די פיש זאָלען זיין מיט מעהרען געקאָכט, — האָט סענדער ארויסגעגעבען אַ בעפעהל און האָט אַ זופּ געטהאָן די אַנדערע האַלבע גלאָז טיי.

— מיט מעהרען געקאָכט, — זאָגט איהם פּרויקע נאָך, ווי נאָך אַ סידור.

— עטליכע קאַרטאָפלים אין די פיש איז אויך נישקשה, — האָט סענדער בעפעהלען ווייטער.

— אויך נישקשה, — זאָגט פּרויקע.

— און בע'טעם'ס, מאָסטקע, ווי מיט קליי, רויטליך, געדעכט, מיט פעפער, הייס, אויסגעזאָדען. דו הערסט, צי ניין?

— איך הער, איך הער.

— קיין זראַזע דאַרף מען היינט ניט, — האָט סענדער ווייטער ארויסגעגעבען אַ אינסטרוקציע.

— דאַרף מען היינט ניט, — זאָגט פּרויקע.

— אויפ'ן אָרט פונ'ם זראַז — איין עסיג־פלייש.

— עסיג פלייש, — זאָגט פּרויקע.

— גענזען־פלייש אין סופּ.

— גענזען־פלייש אין סופּ, — זאָגט פּרויקע.

— די דרויבעלעך פון די גענז אויך אין סופּ אריין.

— אויך אין סוף אריין.
— באשיטען מיט גרייפּלעך.
— מיט גרייפּלעך.
— אַ צימעס פון פּאַסטערנאַק.
— פון פּאַסטערנאַק.
— סע איז נאָך דאָ ביי אונז פונ׳ם ווייסען ווײַן? — האָט פלוצים סענדער אַ פרעג געטהאָן און אַנידערגעשטעלט אויף פרוי־קע׳ן אַזעלכע אויגען, גלייך ווי איינער רעדט: „זאָג שוין, זאָג, ממזר, נאַ, שטעך מיך, קוילע מיך!“... פרויקע איז גאָר צעמישט געוואָרען; ער האָט זיך אַ חאַפּ געטהאָן מיט ביידע הענד ביי׳ם שטערן, ביי די קנעפּלעך פונ׳ם פּידזשאַק, ביי די עלענבויגענס, ביי די קעשענים, און האָט אַ וואָרף געטהאָן מיט די אויגען אויף דער סטעלי, גלייך ווי דאָרט איז געווען אָנגעצייכענט, וויפיעל בוטעל־קעס ווײַן עס געפינט זיך נאָך ביי סענדער׳ען אין קעלער, און קוים מיט צרות גענענטפערט:
— האַ? וואָס? ווייסער ווײַן? ניין! יאָ! סע איז נאָך דאָ.
— פּאַרגעס ניט שיקען נאָך ביער.
— נאָך ביער, — זאָגט פרויקע.
— מע מעג שוין עפּענען אַ נייע פּאַס אוגערקעס.
— אוגערקעס.
— געדענק זשע, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט מכח די פיש.
— מכח די פיש, — זאָגט פרויקע.
— איצט געה!
פרויקע איז ארויסגעגאַנגען, און סענדער האָט גיך־גיך גענענ־דיגט מיט׳ן אָנבייסען, האָט זיך ארומגעטרייסעלט, אָפּגעווישט מיט דעם טישטיכעל די ליפּען, די הענד, אויפגעשטאַנען, אויסגעגלעט דעם בויך, פערררויכערט אַ גראָבע ציגאַר און האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין דער בעקאַנטער קרעסלע אריין. די ציגאַר האָט ארויסגעלאָזט און צעטראָגען איבער׳ן גאַנצען קאַבינעט זעהר אַ שענעם אראָמאַט, און סענדער׳ס געדאַנקען זענען אוועק ווייט־ווייט אין קיך אריין,

און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער הערט א ריח פון געקאָכטע פיש; סענדער האָט צעשפּרייט די נעזלעכער און האָט מיט'ן גאַנצען כח געגומען אריינשלעפּען צו זיך אין נאָז אריין דעם שמעקעם, געשמאַקען אראָמאַט פון די אויסגעצייכענטע געפילטע פיש, און אזוי האָט ער געהאַפּט א דרימעל, זיצענדיג אין קרעסלע, אויף א האַלבע שעה. אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך גענומען אביסעל צו די געשעפטען, אָפּגערעדט מיט א צוויי־דריי מעקלערס, איבערגעזעהן די בריעף פון דער פּאָסט, אָפּגעענטפערט וועמען מע דאַרף און האָט א קלונג געטהאָן צו פּרויקע'ן און האָט געהייסען גרייטען צום טיש.

אז אונזער סענדער האָט אריינגעטראָטען מיט א פער'חלש'ט הארץ אין עס־צימער אריין, איז שוין דער לאַנגער דעמבענער טיש געווען אינגאַנצען גרייט מיט די טעלער, מעסערס, לעפעל, פלעשער און קליינע פלעשעלעך, גלעזער און קליינע גלעזעלעך, מיט אלערליי געזאַלצענס, הערינג געשניטענער, הערינג געהאַקטער, שמאַלץ־הערינג, געראָיכערטער הערינג, געמאַראַנירטער הערינג, קליינע הערינגלעך, סערדעלען, איקרע און וואַרשעווער קאָלבאַסען. דאָס עס־צימער אליין האָט מיט דער שטאַרקייט פונ'ם מאַסיווען מעבעל געהאַפּט דעם אָפּבליק פון סענדער'ס קאַבינעט; די דאָזיגע צוויי חדרים האָט סענדער ליעב געהאַט מעהר פון זיין גאַנצען גרויסען הויז, מחמת די איבעריגע חדרים זענען געווען אויפגעפּוצט אויף היינטיגען מאַניער, און זייער גרינג, רויכיג מעבעל האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטען אויף זיך דעם שווערען קערפּער פונ'ם געשעצטען הערר בלאַנק. דריי פּריבאָרען זענען אויפ'ן טיש געשטאַנען: פאַר סענדער'ען, פאַר זיין ווייב און פאַר מאַרקוס'ען.

אונזערע לעזער זענען נאָך ניט בעקענט מיט די איבעריגע צוויי פּאַרשוינען. ביז וואַנען סענדער וועט זיך אָפּפּאַרטיגען מיט די געזאַלצענע זאַכען, וואָס שטעהען דאָ אויפ'ן טיש, וועלען מיר מיט איין קוק בעטראַכטען סענדער'ס ווייב מיט איהר זוהן מאַרקוס'ען.

מרים־חיה, די מאדאם בלאנק, איז נאך גאר א יונגע פרוי, פון א יאהר זעכס און דרייסיג, נישט מעהר; זעהר א שענע, א קלאר־ווייסע, ווי געפאלענער שניי, מיט זעהר שענע בלויע אויגען און שווארצע ברעמען, מיט זעהר איין איינגענומען סימפאטיש גע־זיכט; די גוטסקייט איהרע ליגט איהר, ווי מע זאגט, אויפ'ן פנים. מרים־חיה איז א פשוט'ע, עהרליכע און א פרומע אידישע פרוי. זי טראגט נישט קיין אייגענע האר. פרעמדע טונקעל־רוסאווע צעפ בעשענען איהר קאפ. און געקליידט איז זי ניט נאך דעם לעצטען זשורנאל, נאר ריין, ציכטיג, טשעפקע, איינגענומען. איהר וואוכס איז ניט זעהר קליין, דאך ווייזט זי אויס ווי א קינד, ווי א ליאלקע, אקעגען איהר מאן, וואס זי שעצט איהם העכער און גרעסער פון אלעמען אויף דער וועלט, און סענדער'ס ווארט איז ביי איהר, להבדיל, א דין. זי איז ביי איהם די צווייטע פרוי און האט מיט איהם איין־און־איינציגען זוהן מארקוס, וואס די נאטור האט איהם געשענקט מרים־חיה'ס שענקייט מיט סענדער'ס גבורה, און אינ־איינעם איז פון איהם ארויס אקוראט אזא זעלטענער העלד, ווי מיר דארפען אין אונזער ראמאן. ארויסלאזען איהם אויף דער גאס, ווען עס שפאציערען אונזערע מאמזעלען מיט די דאמען, איז געווען, מיין איך, א געפעהרליכע זאך, ווארום אין דער שטאדט, וואו עס קומט־פאר אונזע אמת'ע געשיכטע, איז דער צווייטער מארקוס ניט געווען. אמת, סע זענען געווען נאך צוויי, דריי מארקוסען, נאר ניט אזעלכע מארקוסען, ווי אונזער מארקוס, מיט אזעלכע גרויסע בלויע אויגען, מיט אזא ברייטען ווייסען שטערן, מיט אזעלכע שענע בלאנדע געקרייזעלטע האר, מיט אזעלכע שענע ווייסע הענד, מיט אזא הויכען גרויסארטיגען שטאלט, מיט אזא שען ליכטיג ריין פנים, מיט אזעלכע איידעלע מאניערען, מיט אזא איינגענומענעם רעדען... לאכט, לאכט, איהר געבילדעטע מאמזעלען, קורסיסטקעס! אויב אייערע איידעלע הערצער זענען נאך ניט פערדארבען געווא־רען פון פערשיעדענע פרייע, מאדנע געדאנקען, וועלען זיי זיך נאך קאנען קלאפען, בעגעגענענדיג אזא מאנספארשוין, אזא שענעם קא־

וואַליער, ווי אונזער יונגער העלד מאַרקוס בלאַנק, מיט וועלכען מיר טרעטען־אַרוים מיט גרויס גדלות אויף די בלעטלעך פון אונזער אמת'ער ערצעהלונג. איך ווייס, איהר וועט מיר ענטפערען: וואָס קומט אונז אַרוים פון אַ שען פּנים מיט אַ גרויסען שטאַלט? דער עיקר איז — צי האָט ער עפּיס אין קאָפּ, אין האַרצען? וואָס אמת איז אמת: מיין העלד האָט די נאַטור ניט געשענקט קיין בעזונ־דערע פעהיגקייטען, אָדער טאַלאַנטען; וועך פערמאָגט אָבער אַזא גוט, ווייך, וואַרעם האַרץ, ווי מאַרקוס האָט? וועך פערמאָגט אַזא גליקליכע לאַגע צו זיין אַ זוהן, אַ בן־זקונים ביי סענדער בלאַנק, וואָס קאָן איהם געבען נדן, וויפיעל מיינט איהר? צוואַנציג טוי־זענד, דרייסיג טויזענד, און פאַר וואָס ניט קיין פופציג טויזענד רובעל? סענדער וועט איהם געוויס געבען פופציג טויזענד רובעל, אויב ער וועט גרויכען דעם שידוך, וואָס ער וויל. און דעם שידוך, וואָס ער וויל, פאַר וואָס זאָל ער איהם ניט גרויכען? מיט וואָס איז סענדער בלאַנק ערגער פון גרשון מירמעלשטיין?

— וואָס זאָגסט דו, מרים־חיה, אויף דעם דאָזיגען פּאַרך? — זאָגט סענדער צום ווייב און קוקט אַריין אין די פּיש אַריין.

— אויף וואָסער פּאַרך, סענדער? וואָס פאַר אַ פּיש ווילסט דו? אַ מיטעלשטיק? איין עקשטיק? צי אַ קאָפּ?

— לאָז זיין אַ מיטעלשטיק מיט איין עקשטיק מיט אַ קאָפּ, — זאָגט סענדער. — איך רעד פון דעם שייגעץ, רעד איך.

— וואָסער שייגעץ, סענדער? נעם — אָט דאָס איז אַ גוט שטיקעל, סענדער.

— טויזענד מאָל דאַרף מען דיר זאָגען, צי וואָס? איך רעד פון גדליה דעם שרכן, רעד איך. ער שרייבט שוין ווידער אַ מאָל וועגען דעם דאָזיגען גראַביאַן!

— וועגען וואָסער גראַביאַן?

— איך האָב דיר שוין, דאַכט מיר, צעהן מאָל געזאָגט, אַז גדליה דער שרכן דולט מיר אַ ספּאָדעק, איך זאָל אַ שידוך טהון

מיט מאיר קוואשע, אַט דעם בעל־עגלה־יונג, וואָס פאַרמאָגט ניט מיין מיסט. דו פאַרשטעהסט? אַ העזה פון אַ שייגעץ!

— וואָס הייסט, סענדער? מע זאָגט דאָך אָבער, אַז ער איז איין עושר, אַ גביר! נעם, סענדער, דו האָסט דאָך ליעב אַ געפילטען קאָפּ?

— איין עושר? אַ גביר, זאָגסט דו? אַ קבצן, איין עני ואביון! זעהסט דו, דער שותף זיינער, מאָטעל פריעדמאַן, האָט אביסעל געלט, נאָר וואָסער אַ געלט? געראַבעוועט, גע׳גזל׳ט, אויסגעריסען מיט גוואַלד. אזוי ווי ראובן בייטשעלע, אָדער שמחה פייג איז אויך אַ גלייכער שידוך? האַ? ווי מיינסט דו, אשטיינער? איאָ, אַ פיינע זאַך? סענדער בלאַנק מיט שמחה פייג — צוויי גלייכע מחותנים, איאָ?

— איך ווייס? מיר דאַכט, אַז רב שמחה איז אַ... פיינער מענטש...

— אַ פיינער מענטש, זאָגסט דו? נו, און רב יואליק שלעפער? און רב אייזיק פאַטשיילע? און זלמן קרום־פּנים? אויך פיינע מענטשען? האַ? זאָל איך זיך מיט זיי אויך משדך זיין? ווי מיינסט דו?

— איך זאָג דען, סענדער, אַז...

— אַז וואָס? חס ושלום! דו ווילסט נאָר, איך זאָל נעמען אויף מיינע עלטערע יאָהרען און אוועקגעבען אזאַ קאַפּיטאַל מיט געלט דער רוח ווייסט וועמען — עפּים פייפערס, גנבים, שלעפערס!

— שלעפּערס?

— פאַרשטעהט זיך, שלעפּערס! זאָלסט דו טאַקי וויסען, אַז סע איז שלעפּערס, קבצנים, כלבים, שאַרלאַטאַנעס, פליהערס, אַנזעצערס, ניטאָ איינער אַ רעכטער, אַלע אויף פּרעמד געלט, אבי קאַרעטעס, פּעררלעך! סע איז גאָלע הולטאַיעס, בלוטזויגערס, קולעספּאַט... קולעספּאַטאַרניקעס... ווי אזוי הייסט דאָס דאָרטען ביי דיר, מאַרקוס, אין די היינטיגע ביכלעך?

— עקספּלאָאַטאַטערעס, — פּעררעכט איהם מאַרקוס.

— עקסלאַפּאַטאַטשניקעס, מערזאַוועצעס, סוואָלאַטשעס, און גע־נוג! און מע וויל, איך זאָל מיך מיט זיי משדך זיין! אָ, ווי לאַנג קרענקען זיי, ניט דערלעבען זאָלען זיי דאָס!

— עס, סענדער. דערוויייל עסט דו ניט.

— איך עס, איך עס, וואָס דען טהו איך? זעהסט דו, אָט דער דאָזיגער גרשון, גרשון מירמעלשטיין — אָט דאָס הייסט אַ לייטי־שער מענטש, אַ מענטש, אַ פיינער מענטש, אַ געשטעלטער מענטש, אַ בארוהטער מענטש, אַ מענטש, וואָס סע הייסט מענטש, וואָס מע קאָן אויף איהם זאָגען מענטש, מיט איינעם וואָרט — אַ מענטש!... ווי מיינסט דו, מרים־חיה, אשטייגער, אז איך זאָל וועלען מיט איהם אַ שידוך טהון, וואָס וואָלט ער געזאָגט, הא?

— איך ווייס? וואָס קאָן ער זאָגען, סענדער? איך ווייס וואָס?

— אדרבה, ווי מיינסט דו, מרים־חיה? איך וויל הערען דיין מיינונג.

— מיין מיינונג? איך מיין, אז... איך מיין גאָרניט.

פאַרהאַן ביי אונז אַ סך אַזעלכע ווייבער, וואָס מיינען גאָר־ניט, וואָס מיינען גאָר דאָס, וואָס דער מאַן וויל און וואָס דער מאַן הייסט. מרים־חיה איז געוועזען איינע פון די ווייבער, וואָס האָבען דרך־ארץ פאַר'ן מאַן, נישט מחמת „אהבה", נאָר מחמת „יראה", דאָס הייסט, נישט אַזוי פאַר ליעבשאַפט, ווי פאַר אָפּשיי. סענדער איז געוועזען אַ איד, וואָס ביי זיך אין שטוב האָבען אַלע פאַר איהם געהאַט דרך־ארץ, פונ'ם ווייב ביז'ן געבאַלעוועטען מי־זיניק מאַרקוס. אויפ'ן לשון פון די „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָ־מאַניסטען" קאָן מען זאָגען, אז סענדער איז געוועזען אַ דעספּאָט, אַ טיראַן... איך וואָלט נאָך צוגעזעצט דאָס וואָרט „מערדער", איז ער אָבער געוועזען ווייט פון אַ מערדער. ער איז געוועזען אַ איד גלייך מיט אַלע אידען, וואָס ביי זיך אין שטוב האָט ער געהאַט די דעה, און ווייטער קיינער ניט. און אַז מיר האַלטען שוין דער־ביי, געבען מיר דאָ איבער אביסעל זיין ביאָגראַפיע אין קורצען:

סענדער איז געווען אמאָל אַ קליין מענשעלע, נאָר אַ קליין מענ־
שעלע. דאָס איז געווען שוין לאַנג, אָבער גאַנץ לאַנג, נאָך איידער
ער האָט געהאַט די קלינגערס, אַז ער האָט נאָך געהייסען סענדער
חלפן (למאי זאָלען מיר לייקענען ? ער איז געווען אַ חלפן), האָט
ער זיך דעמאָלט אָנגעליטען פון די שענע אידען, ציירענע יונגע־
לייט, נגיד׳ישע קינדער. אוי, האָט ער זיך פון זיי אָנגעליטען !
אוי, פלעגט ער שטעהן פאַר זיי כעבדא קמיה מאריה, האָבען דאָס
נייעניעהריגע קדחת ! אוי, פלעגט ער זיי מקנא זיין, און אוי,
פלעגט איהם אויף זיי ברענען !... און נאָכדעם, אַז ער איז פון
אַ חלפן ארויף אויף דער מדרגה פון אַ בעל־הלואה, און פון אַ בעל־
הלואה — אויף אַ פעלהענדלער, פון אַ פעלהענדלער — אַ גראַבאַר־
שטשיק, פון אַ גראַבאַרשטשיק — אַ צעלניקער, פון אַ צעלניקער —
אַ קאָמיסיאָנער, פון אַ קאָמיסיאָנער — אליין אַ סוחר, אַ צוקער־
הענדלער, אַ גרויסער סוחר, אַ רייכער סוחר, ביז אַ באַנקיר, — איז
ער אַלץ געוואַכסען העכער און העכער אין די אויגען פון זיינע בע־
קאַנטע, און ער האָט אָנגעהויבען אראָפּוואַרפען איינציגווייז די פרי־
הערינגע נעמען, ווי אַ פוינעל, וואָס וואַרפט פון זיך איינציגווייז
די אַלטע פעדערען, און האָט אָנגעהויבען צו בעקומען נייע נעמען :
סענדער גראַבאַרניק, סענדער צעלניקער, סענדער האַרטאָוואָניק.
איינער פון זיינע אָרעמע קרובים האָט איהם געשענקט פון זיך
אַ „על“ — איז געוואָרען „סענדערעל“. און צום סוף (אַ צייט
מיט יאָהרען האָט מען נישט געוואוסט זיין פאַמיליע) — סענדער
בלאַנק !... רב חיים׳קע, רב זיאַמקע, רב מאיר׳על האָבען ביסלעכ־
ווייז אויפגעהערט צו פערררייסען פאַר סענדער׳ען די נאָז און האָבען
אָנגעהויבען ארומדרעהען זיך ארום דעם אויפגעקומענעם נגיד, פרי־
הער געבענדיג איהם צו וויסען, אַז ער איז פון די „אויפגעקומענע“,
מיט אַזעלכע אויסרעדלעך, למשל : „אַ ! שלום עליכם, אַ באַקאַנ־
טער איד ! דאַכט זיך, סענדער ? וואָס זשע מאַכט איהר עפּיס
גוטס ? עפּיס זאָגט מען אויף אייך, אַז סע געהט אייך, אָהן עין־
הרע, זעהר גוט ?“... און נאָכדעם שוין : „רב סענדער סערדצע !

מיר שטעהען, דאַכט זיך, אויף איין סטאַנציע? קומט אַריין אויף דער נאַכט צו אונז אַביסעל!"... „אַ, רב סענדער! איהר דער־וואַיטערט זיך שוין פון אונז?"... „איך האָב צו אייך אַ קליינע בקשה, רב סענדער: עטליכע טויזענד קערבלעך אויף צוויי חדשים"... „אַך! ווענען זעה איך? ווען איך ווייס, אַז איהר זענט היע!"... און נאָכדעם: „מיר ווילען, די גאַנצע שטאָדט וויל, זי חלש'ט, אויסקלויבען אייך פאַר אַ גבאי, פאַר גלאַסנע, דעפּוטאַט, פאַר דירעקטאָר אין באַנק"... „הערר בלאַנק! מיר האָבען די עהרע, מיר בעטען, איהר זאָלט אונז ניט אָפּזאָגען. זייט אַזוי גוט און געהט אַריין אין אונזער לאַגע, איהר זענט דאָך ביי אונז, ווי זאָגט מען עפּיס, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?"...

אונזער סענדער איז ניט געוועזען פון די דאָזיגע, וואָס פער־חלינען זיך מיט זייער מזל און בלאָזען, ווי מע זאָגט, פון זיך; ניין! ער קאָן אויסהערען די דאָזיגע אַלע קאָמפּלימענטען גאַנץ גלייכגילטיג, מיט עניוות, גלייך ווי ער וואָלט גאָר אַזאַ כבוד ניט פערדיענט, און ענטפערען, אַז ער איז נישט מסוגל, נישט מיט אַלעמען, נישט אויפגעלעגט, סע איז דאָ גרעסערע פון איהם. אָבער דאָרט, טיעף־טיעף אין הארצען, האָט ער געמענגט שטאַרק אָנקוועלען פון ביידע זייטען: אי וואָס ער האָט דערלעבט אַזאַ כבוד, אי וואָס אָט די אַלע כלבים האָבען אראָפּגעלאָזט די וויידלען און פערשטעהען דרך־ארץ. און נישט פאַר קיינעם, נאָר פאַר'ן ווייב האָט ער ליעב זיך פערגיסען אמאָל מיט אַ געלעכטער.

— וואָס זאָגסט דו עפּיס, מרים־חיה, אויף רב זיאַמקע דעם מיוחס, חאַ־חאַ־חאַ? געדענקסט איהם חאָטש, אַ רוח אין זיין טאַטען?...

קיין פעטער אָנבייסען, קיין גוט גלאָז וויין האָט ניט געקאָנט איהם צושטעלען אַזאַ פערגעניגען, ווי רב זיאַמקע וכדומה אַזעלכע לייט, ווען זיי האָבען בעראַרפט אָנקומען צו איהם. אויפ'ן שענ־סטען אופן און מיט'ן גרעסטען כבוד האָט אונזער סענדער צוגע־נומען דעם געעהרטעסטען גאַסט ביי זיך אין קאַבינעט, געבעטען

זיצען, גענעבען אַ פּאַפּיראָס, אָנגעצונדען און אונטערגעטראָגען דעם גאַסט אַ שוועבעלע, געפרעגט: „וואָס האָט איהר עפּיס אַזאַ שלעכט פּנים?“ און געגעבען איין אויסרעד: „פאַר וואָס זעהט מען אייך עפּיס ניט?“ ווי אויף נאָדלען איז דער גאַסט געזעסען; ער האָט שוין לאַנג אויסגערויכערט דעם געשענקטען פּאַפּיראָס; ער האָט שוין לאַנג זיך אויסגעהוסט דריי מאָל און אַכצעהן מאָל זיך אונטערגעהויבען אויפ'ן בענקעל, אָפּגעווישט דעם שווייס, גוט אויסגעשנייצט די נאָז, ארויסגענומען און געמאַכט זיך איין אייגענעם פּאַפּיראָס, איינעם, דעם אַנדערען, דעם דריטען, עטליכע מאָל געפּרובט אָנהויבען צו רעדען, וואָס ער בעדאַרף, און איבערגעהאַקט געוואָרען אויפ'ן ערשטען וואָרט. — און סענדער האָט אַלץ דערצעהלט פון זיינע געשעפטען, פון זיינע פערפאַלענע חובות, פון זיינע משפטים, וכדומה, מיט גרוים התלהבות, גלייך ווי דער גאַסט בעט איהם, וויינט און חלש'ט פאַר איהם, ער זאָל איהם „אינגאַנצען“ דערצעהלען און חס־ושלום ניט דורכלאָזען קיין ברעקעלע... נאָר יעדע זאַך דאַרף זיך אָבער האָבען איין עק, און אַ מענש האָט אין זיך אַ גאַל! דער גאַסט, רב זיאַמקע, אָדער רב חיים'קע, האַפּט די מינוט און הויבט־אָן גלייך, גיך, אין איין אָטהעם:

— איך האָב אייך געוואָלט בעטען, רב סענדער, איהר האָט דאָך געהערט מסתמא, אַז איך האָב אָוועקגעקויפט ביי דעם פּריץ שישינסקי'ן אינגאַנצען די ווייץ, און מחמת...

— איך ווייס, איך האָב געהערט! — שלאָגט איהם סענדער איבער אינמיטען. — איך האָב געהערט פון אייער גילדענעם געשעפט. איך בין אייך וועניג־וואָס מקנא, רב זיאַמקע, אָבער נאָר וועניג! ווייסט איהר זשע, פאַר וואָס? איך וועל אייך דערצעהלען! אָט דער שישינסקי האָט ביי מיר פאַר פיער יאָהרען געוואָלט לייהען פופציג טויזענד קערבלעך, און דוקא אויף גוטע קאָנדיציעס. איך האָב אָבער דעמאָלט געהאַט איין עסק מיט'ן קאַשקיווקער פריץ. די מעשה איז אַזוי געווען...

און סענדער האָט אוועקגעצווינגען אַ שפּאָגעל־נייע מעשה אויף נייע זעכס שעה. רב זיאַמקע איז שוין פּיטש־נאַס: עס רינען פון איהם ריקעס שווייס; ער ווישט זיך נעבאך מיט דער פּאָלע און זיפצט, ווי איין אומגליקליכער פלענער אין געפענגעניש; רב זיאַמקע שלאָגט איהם איבער די רעד:

— האָט מיר קיין פאַראיבעל ניט, רב סענדער, וואָס איך שלאָג אייך איבער די רעד... איהר ווייסט, וואָס איך בין געקומען צו אייך?

— ניין; פון וואַנען זאָל איך וויסען?

סענדער בלאַנק האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס רב זיאַמקע'ס וויזיט בעדייט, נאָר ער מאַכט אַ נאַאיוו פּנים און קוקט איהם אין די אויגען אריין.

רב זיאַמקע איז אויפגערעכט געוואָרען און זאָגט זיך גאַנץ פריילי:

— פאַרשטעהט איהר מיך, רב סענדער, די מעשה דערפון איז אַזוי: איך האָב די ווייץ אוועקגעקויפט מיט אַ שותף, מיט אברהם זאַלצוואַסער...

— מיט אברהם זאַלצוואַסער? נאָט זאָל אייך אָפּהיטען, רב זיאַמקע! דאָס איז דאָך אַ שווינדלער, אַ דרעהער, אַ רוצח, אַ קוילער! שטעלט אייך פאָר, אז פאר צוויי יאָהרען ווינטער, ארום חנוכה, צי ארום פורים, — איך געדענק ניט אקוראַט — קומט צו מיר אריין אַ איד. גוט מאָרגען! — גוט יאָהר! זעהר פיין! און מישט מיר אויף אַ מעשה...

רב זיאַמקע בייסט זיך די נעגעל, קראַצט זיך אונטער דער יאַרמעלקע. ער הוסט, ער קלאַפּט מיט די פיס, עס פערשפּיליעט זיך די קאַפּאָטע, ער רוקט־אָן דאָס היטעל שטאַרק, שטאַרק. און סענדער דערצעהלט נאָר אַ נייע מעשה גאַנץ אנגענעהם, בהדרגה, מיט זעהר שענע וויצען פערפראַוועט, אָהן איין אויסלאַז, אָהן איין עק! רב זיאַמקע שפּרינגט שוין אונטער און פאלט אריין אין די רעד, שוין גאָר אָהן דרך־ארץ:

— פאַרשטעהסט איהר, רב סענדער? האָב איך ביי אייך גע־וואָלט בעטען אַ גמילות־חסד אויף אַ קליינער צייט.

— אַ גמילות־חסד? ! — פרעגט סענדער שטאַרק־שטאַרק פער־וואונדערט, גלייך ווי מע האָט איהם דערצעהלט, אַז דער און דער האָט גענומען דאָס גרויסע געווינס, אָדער ס'איז געוועזן נאָר־וואָס אין דרויסען אַ הריגה, אַ שרפה, אַ מגפה...

— יאָ, אַ גמילות־חסד, — ענטפערט זיך רב זיאַמקע נישט הויך, נישט שטיל, נאָר אַזוי, מיטעלמעסיג, ניט צו פערשטעהן, וואָס וואונדערט זיך דאָס עפּיס אַזוי רב סענדער? — יאָ, אַ גמילות־חסד, ביז וועסנע; נישט קיין סך: אַ רובעל צעהנטויזענד.

— איצט האָב איך נישט, בנאמנות, איך האָב ניט איצט ביי זיך, איך זאָל אַזוי ניט האָבען קיין שלעכטס, איך זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעק מיט אייך אינאיינעם. פאַר וואָס האָט איהר מיר נעכטען ניט געזאָגט? נעכטען האָב איך גראָד יאָ געהאַט, איז געקומען צו מיר אַ מענטש פון גבריאל פעלקענשטיין און לענט מיר פאַר איין עסק, אַזוי ווי אין טיטיקיוועקע סטראָיעט זיך היינט אַ נייע פאַבריק, און גבריאל פעלקענשטיין האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט די שותפים נאָך פאַראַיאָהרען, אַז דער וואַלד דער טיטיקיוו־קער... און אַזוי ווייטער — אָהן איין אויסלאָז, מיט מעשיות און מיט קליינע מעשה'לעך געבונדען און געפלאָכטען, אַזוי, אַז סע ברעכט דעם מוח !...

און אַזוי געהט זיך רב זיאַמקע אוועק נעבאַך אָהן געלד, אָהן כח, איין אויסגעמוטשעטער, אַ נאַסער פון שוויים, און פאַר זיין אוועקגעהן מוז ער נאָך אויסהערען אַ לאַנגע נאָטאַציע פון רב סענדער'ען, אַז ניט אַזוי האַנדעלט מען, אַז מע זאָל דאַרפען אָנ־קומען צו יענעם, און מע טאָר זיך ניט פיהרען אַזוי גרויס, און מע דאַרף זיך היטען פון שלעכטע שותפים, און מע דאַרף וויסען, ווי אַזוי צו האַנדלען און מיט וועמען צו האַנדלען, און מע זאָל פרעגען ביי איהם, ביי סענדער'ען, וואָלט ער קלאָר געמאַכט און געוויזען אַ דרך אין אַלע געשעפטען. און ביי'ם געזעגענען זיך בעט איהם

סענדער אמאָל ארייננקומען, מהיכא תיתי, אביסעל שמועסען... רב זיאַמקע לויפט אָהן איין אָטהעם און האָט מורא זיך ארומקוקען! עס געהט איבער א קליינע צייט. מע דאַרף אָבער פאָרט די קליינ־גערס, — וואָס טהוט מען? ער געהט נאָך א מאָל צו רב סענ־דער'ען, טאָמער, א קשיא אויף א מעשה?... און ווייטער די זעלבע געשיכטע; ווייטער א מאָל דאָס אייגענע! און אזוי איז מיט רב זיאַמקע'ן, מיט רב חיים'ען, מיט רב איציקל'ען, און אזוי איז מיט אלע זיינע אלטע בעקאַנטע. אָט אזא מין נפש איז ער.

אונזער סענדער איז ניט בעסער און ניט ערגער פון אלע אנ־דערע אויפגעקומענע גבירים, פשוט'ע מענשלעך, וואָס קאָנען קיין אנדערע פערגעניגענס נישט האָבען פון קיין זאַך, א חוץ געלד און כבוד.

אייגענטליך, וואָלט איך דאָ בעדאַרפט אביסעל בעשרייבען די ביאָגראַפיע זיינע: ווער איז ער? פון וואַנען שטאַמט ער ארויס? ווער זענען זיינע עלטערען? מיט'ן גרעסטען און מיט'ן שענסטען כבוד וואָלט איך דאָס געטהאָן, ווען איך זאָל דאָס וויסען. איז דען מעגליך, אז ראָמאַניסטען זאָלען קענען א גאַנצע וועלט? און וואָס איז אונז דער אונטערשיעד — לאָמיר שמועסען עפענטליך: — וואָס געהט אונז אָן, ווער איז געוועזען סענדער'ס זיידע, צי סענדער'ס באָבע? צי איז זיין פאָטער געוועזען א מלמד, א שוסטער, א באָנדער, צי א מעקלער? מיר ווייסען נאָר סענדער'ען; מיר געדענקען איהם, אז ער איז אמאָל, ניט היינט געדאַכט, געוועזען א געמיינער איד, א חלפן, א פעלהענדלער, א מוכר־תבואה'ניק, און היינט... היינט איז ער ס ע נ ד ע ר ב ל א נ ק! קוקט אייך גוט צו צו איהם: אפשר איז ער אייך אויך קענטליך, אזוי ווי מיר?

---

## ד אָ ס פ י ע ר ט ע ק אַ פּ י ט ע ל.

טראַכטירט פון מארקוס'עז אליין.

שוין צייט, שוין צייט צו פערנעמען זיך אביסעל מיט דעם יונגסטען פון דער פאַמיליע בלאַנק; שוין צייט, אז אונזערע לעזער

זאָלען אַביסעל נעהענטער זיך בעקענען מיט אונזער יונגען העלד, מיט אונזער שענעם מארקוס בלאַנק, — דאָס קלענסטע און דאָס בעסטע קינד פון סענדער'ען.

„דאָס קלענסטע און דאָס בעסטע" — אזא מיינונג איז געווען וועגען מארקוס'ען דער פאָטער אליין איבער צוויי זאכען. ערשטענס, האָט סענדער ליעב געהאט זיינע קינדער, ווען זיי זענען נאָך געווען קליינע, ברעקעלעך, קאראַפּוזיקעס; און ווי באלד די דאָזינע קאראַפּוזיקעס האָבען אָנגעהויבען אונטערצוואַכסען, אזוי האָט אונזער פיינער סענדער אָנגעהויבען בעקומען צו זיי א שנאה, וועלכע איז געוואַכסען אלע מאָל שטאַרקער און גרעסער. ער האָט נעקוקט אויף זיי, ווי אויף שותפים, ווי אויף פּרעטענדענטען אויף זיין גוטס, און אָהן קריעג, אָהן סצענעס, אָהן פּעטש האָט זיך נישט געמאַכט קיין שמחה, קיין חתונה; דער פאָטער האָט געאַרבייט מעשים, געטופּעט מיט די פיס, די מוטער האָט געוויינט, די קינדער האָבען געגאָסען מיט טרערען, — און דער סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אז סענדער האָט געמוזט עפענען די האַנד און מיט טוידטע קללות אָפּצעהלען געלד, וויפיעל מע האָט בעדאַרפט.

ביי א סך גאַנץ לייטישע מענשען פיהרט זיך אזוי. דער מחבר פון דער דאָזיגער געשיכטע איז ניט איין מאָל געווען איין עדות ביי אזעלכע פיינע סצענעס, ניט איין מאָל געווען א פערמיטלער צווישען פאָטער מיט זיינע אייגענע קינדער, וואו דער גאַנצער סכסוך איז נעגאַנגען וועגען איבעריגע עטליכע הונדערטערס, וואָס מיט דעם האָט מען געקאָנט פשוט מציל זיין פון הונגער און פון דחקות א גאַנצעס הויזגעזינד; געלד האָט טאַקי דער פאָטער געגעבען, נאָר בלוט האָט ער אָפּגעצאַפּט ביי די אומגליקליכע קינדער א סך מעהר, ווי אויף עטליכע הונדערטערס... אז איך האָב אויף א ציקאַווע'סט א פרעג געטהאָן דעם איינגעשפּאַרטען פאָטער, צו וואָס האָט איהם געטויגט דער גאַנצער טאַרעראַם מיט די בזיונות, מיט די טרערען אומזיסט און אומנישט? — האָט ער מיר גאַנץ ערנסט געענטפערט:

— א קינד טאָר מען ניט ווייזען קיין וועג. א קינד איז א חזיר, א קינד דארף מען לערנען, סע זאָל וויסען, אז א קערבעל איז ניט קיין הונט. וועט ער אויך וויסען אויף דער עלטער, ווי אזוי זיך צו באַגעהן מיט א קינד און ווי אזוי מע דארף היטען א קערבעל הייני־טיגע יאָהרען...

סע פערשטעהט זיך, אויף אזא לאָגיקע האָב איך ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען...

די צווייטע סיבה, וואָס מארקוס איז געוועזען טייערער ביי סענ־דער'ען כמעט פון אלע קינדער, איז ווייל מרים־חיה איז ביי איהם געוועזען דאָס צווייטע ווייב, און אינגאַנצען איהר לעבען איז געוועזען אָפּגעהאַנגען פון איהר טייערען בן־יחיד.

„נו, מילא? — פרעגט מיך דער לעזער. — וואו שטעהט דאָס, אז די קינדער פונ'ם צווייטען ווייב דארף מען בעסער ליעב האָבען?“

נו, מילא! — ענטפער איך אויך דאָס אייגענע. מילא אהין, מילא אהער — סע איז פאָרט אזוי איינגעפיהרט ביי א געוויסער קלאַס אידען. נאָר לֹמאי זאָלען מיר אוועקגעהן פונ'ם אמת? מאר־קוס איז טאקי געוועזען איין אנטיקעל, וואָס מע קריגט עס גאָר ניט. די גאַנצע שטאָדט האָט מיט איהם געהאַט צו טהון; אז סענ־דער האָט געבראַכט דעם ערשטען שבת דעם פינפיעהריגען מארקעל אין בית־המדרש מיט א זיידען העמדעל, סאַמעטענע הויזלעך און מיט א גילדען היטעלע, האָבען איהם ארומגערינגעלט א מאַסע יונג־לעך, ווייסע־חברה'ניקעס, און יעדער האָט איהם א טאַפּ געטהאָן. פון יענעם שבת אָן איז אוועקגעגאַנגען א שם אויף דער גאַנצער שטאָדט, אז ביי סענדער בלאַנק איז דאָ א מיזיניקעל,* א מארקעל, עקט זיך מיט איהם די וועלט! עס איז איהם ניט אין פּנים אריינ־צוקוקען, און קלוג איז ער, אז עס זאָל איהם גאָר קיין גוט אויג ניט שאַדען... איך וואָלט א בעלן געווען אָנטהון לייזער דעם בעל־ענלה'ס יונגעלע אין א זיידען העמדעל, סאַמעטענע הויזלעך מיט א גילדען יאַרמעלקע, און הערען, וואָס וועלען זאָגען אָט די אלע צבוע'קעס, וואָס דארפען אָנקומען צו סענדער'ס קעשעני, אויף

לייזער׳ס אַנטיקעל. וואָס איז שען און קלוג, אז „עס עקט זיך מיט איהם די וועלט“? אָבער דערווייל זעהען מיר פאר אונזערע אויגען סענדער׳ס מיזיניקעל און מיר לייענען גרויסע גילדענע אותיות, אַנגעצייכענט אויף זיין ווייסען שטערן:

„געלד וועסט דו האָבען,
א פערד וועסט דו זיין“...

און דאָרט, ביי דער זייט, שטעהט לייזער דעם בעל־עגלה׳ס א זוהנדעל, א שווארץ „איננגבערעל“ מיט א שטיק בולקע אין דער האנד (קוים דערלעבט דעם גליקליכען שבת!), אָפּגעריסען און באָרפים, מיט א פּאָר גלעזערנע אויגען, און אויף זיין בעוואַכסע־נעם שווארצען שטערן איז אָנגעצייכענט פערקעהרט:

„א פערד וועסט דו האָבען,
א קבצן וועסט דו זיין“...

אך! פּאר וואָס בין איך ניט קיין פּאָעט? איך זיץ אצינד בע־גייסטערט, פול מיט מחשבות; איך וואָלט אָנגעשריבען דערויף א גאַנצען שיר אין שענע קלינגענדיגע פערזען, מיט מעלאַנכאָלישע, פילאָזאָפישע, הויכע געדאַנקען, מיט טענות צום בורא־שמים, פאר וואָס קומט דאָס, אז סענדער׳ס קינד, וואָס איז פונקט אזוי קלוג און מיט די זעלבע טאַלענטען, ווי לייזער׳ס אידיאָט, און פון דעסט־וועגען געהט יעדער צו צו מאַרקלען מיט א פאַרטיג שמייכעלע, מיט א חנופה׳לע, מיט א קניפּ אין בעקעל, און צו לייזער׳ס פּעמ־פּעק וויל קיינער אפילו קיין קוק ניט טהון, און אז ער קומט זיך יאָ עמיצען אונטער די הענד, טהוט מען איהם א שטורך, א שנעל אין נעזעל, א ציפּ ביי׳ם אויהער, אָדער מע רוקט איהם אָן דאָס היטעלע איבער די אויגען און מע מאַכט פון איהם חוזק...

און שפּעטער, אז מיר האָבען דערלעבט צו זעהן אונזער קליינעם העלד צו דער בר־מצוה, האָבען מיר זיך זאַט ניט געקאָנט אָנקוקען זיין שענע צורה, און הגם מיר האָבען פון איהם אליין קיין בע־זונדערע שאַרפע חכמות ניט געהערט, דאָך האָט מען אונז דער־צעהלט פון דעם דאָזיגען פייער. פונ׳ם דאָזיגען מאַרקעל, אזעלכע

אנטיקלעך, אז מיר זענען באמת געווען אנטציקט פון דעם דאָזיגען יונגאטש. „שטעלט אייך פאָר, — אזוי האָט דערצעהלט חיים־חנא דער מלמד — אז מיט זיינע פּליצליבע קשיות, וואָס ער פרעגט ביי איהם, ביי זיין רבי'ן, שטעלט ער איהם אזוי אנידער, אז ער, רב חיים־חנא, מאָהלט אייך, וואָס איז באמת א חריף, בלייבט אָפּהענגטיג און קאָן קיין מויל ניט עפענען אקעגען דעם דאָזיגען תלמיד. וואָס דאַרף אויסוואַכסען עפּיס א מין גאון, אָדער איך וויים אַליין ניט וואָס!“... איז נאָך דאָ וואָס צו רעדען פון סענדער'ס פערגעניגען און פון מרים־חיה'ס גליק, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אין טרערען? מיט וואָס האָט זי פערדיענט ביי גאָט אזא ברכה? מיט וואָס האָט זי זוכה געווען צו האָבען אזא תכשיט, וואָס גאָט און לייט טהוען זיך פרייהען מיט איהם? ניט אנדערש, אז דער־וואָס־לעבט־אייביג האָט זיך ארומגעקוקט אויף איהר, ווי זי קומט נעבאך אָפּ ביי סענדער'ען, כמעט ווי א דיענסט — גאָט זאָל ניט שטראָפען פאר די רעד! ניט אנדערש, אז דאָס איז איהר א רפואה צו דער מכה...

נאָר מרים־חיה האָט, אפנים, ניט פערדיענט ביי גאָט, אז איהר זוהן זאָל באמת זיין א גאון־עולם; כל זמן רב חיים־חנא דער מלמד האָט געלעבט, איז מארקעל געווען אזא תכשיט, אזא גילדען קעפּעל, אז קיינער האָט איהם ניט געקאָנט נעמען פערהערען, מחמת חיים־חנא איז דערצו געווען א מזיק; ער האָט קיינעם ניט געלאָזט אויסרעדען א וואָרט: ניט דעם פערהערער, ניט דעם תלמיד. ער האָט געענטפערט פאר אַלעמען; ער האָט אַליין געפרעגט און אַליין געענטפערט. און אז יענער האָט געפרעגט דעם תלמיד, למשל: „וואָס לאָזט מיך דאָ, מארקעל, דער תנא הערען?“ — האָט חיים־חנא פערקאַטשעט די אַרבעל, געמאַכט מיט די הענד און אין דער גיך געענטפערט: „נו, זאָגט ער דאָך אייך, אז עבודה זרה איז ניט גלייך, זאָגט ער, צו דער פּרה אדומה; פאַר וואָס? זאָגט ער, מחמת עבודה זרה, זאָגט ער, איז איין אנדער זאך, און די פּרה אדומה, זאָגט ער, איז ווידער איין אנדער זאך; איז געדרונגען, זאָגט ער,

אַז דער תנא האָט זיך געשטעלט, זאָגט ער, אויף דעם פּסוק, צו פֿרע־גען, זאָגט ער, אַ ווידעראַנאַנד: מה דאַך, זאָגט ער, עבודה זרה איז אַזוי, איז דאַך פּרה אדומה, זאָגט ער, על אחת כמה וכמה!"...
און מיט דעם דאָזיגען „זאָגט ער" האָט חיים־חנא אַזוי פֿעררערט און פֿערקלאָפּט די צייהן, אַז דער פֿערהערער איז געבליבען זיצען, ווי אַ מענש, וואָס מע חאַפּט איהם אויף פֿונ׳ם שלאָף און מע זאָגט איהם: „קוק!" — ער קוקט און קוקט און ווייסט ניט, וואו ער איז אין דער וועלט...

אַז חיים־חנא איז געשטאָרבען, און מאַרקעל איז אַריינגעפֿאַלען צו אַנדערע מלמדים אין די הענד אַריין, האָבען די דאָזיגע אָנגע־הויבען בעמערקען, אַז רב סענדער׳ס זוהן האָט אביסעל „אַ האַרט קעפּעל", אַ „שווערע תפיסה" מיט אַ „קורצען זכרון"; דערצו האָט סענדער אָנגעהויבען ווערען רייכער און רייכער, און ביי לייטען האָט ער געזועהען, ווי אַזוי מע לערענט קינדער אויף דעם נייעם שנים, האָט ער געקריגען מאַרקום׳ען אַ צוויי־דריי לעהרערס פֿון „היינטי־גער וועלט", וואָס אונזער יונגער העלד האָט ביי זיי גענאַשט פֿון יעדער זאַך צו ביסלעך, עטוואָס פֿון אויבען, אַזוי, אַז צו זיעבעצעהן־אַכצעהן יאָהר האָט ער געהייסען זעהר אַ פֿיין בחור׳על, ניט ער־גער פֿון אַ סך אַזעלכע בחורים׳לעך, וואָס איך מיט אייך קענען זיי זעהר גוט: זיי געהען זעהר שען אויסגעפּוצט, זיי האָבען ביי זיך אַ סך ביכלעך; צווישען זיך שמועסען זיי אויף דער גאַס וועג־גען טורגעניעוו׳ען, און שרייען אַזוי שטאַרק, אַז איהר מוזט זיי בעמערקען; צייטונגען לייענען זיי אַלערליי, און מיט פֿרעמדע הענד שרייבען זיי אַליין אויך אַ מאָל אַריין אַ קאָרעספּאָנדענציע אין אַ אידיש בלאַט, און שפּעטער, אַז ער ווערד עלטער, דערמאָנט ער אייך, אַז ער האָט אַמאָל, אין די יונגע יאָהרען, „געשריבען אין די צייטונגען". מיט איינעם וואָרט, אונזער אויסגעצייכענטער מאַר־קוס וואָלט געווען אַ יונגעל אַ משכיל, ווי אַלע משכילים אין דער פּראָווינץ, אַ „אינטעליגענט", אַ געוועהנליכער טיפּ פֿון אַ אידיש בחור׳על אַ נאָהאַל, וואָס נעמט אַ שענע כלה מיט רויטע בעקלעך

און מיט א סך נדן, — און האָט חתונה, און ווערד א פיין איידע־מעל, א בעל־הלואה, א שטיקעל סוחר, א גרויסער סוחר, א יונגער־מאַן א גביר מיט עטליכע קינדער, וואָס בעקומען ביי איהם פונקט אזא ערציהונג, ווי זיינע עלטערען האָבען איהם געגעבען, און אזוי איז „דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת" — איין דור געהט נאָך דעם אנדערען, ווי א זייגער... נאָר ניין! אונזער שענער העלד האָט געהאַט איין אנדער השגה אין דער וועלט, און זיין צוועק איז געווען ניט אזוי, ווי מיר האָבען פון זיינעטוועגען אויסגעבעטט. יע־דער מענש האָט זיך זיין קאַפּריז, זיינע השגות; פאַר וואָס זאָל מאַרקוס בלאַנק זיין ערגער פון אלע אנדערע מענשען? איך זעה, אז מיינע לעזער ווילען טרעפען, אז מסתמא מוז דאָ זיין א שען מיי־דעל אינמיטען, און מאַרקוס איז שטאַרק פערליעבט... ניין! איהר דאַרפט געדענקען, אז מיין ראָמאַן איז „א ראָמאַן אָהן א ראָמאַן"! איך וועל אייך ניט געהן שווערען, אז ווען מיין שענער העלד זאָל געווען בעגעגענען ערגיץ א מין ראָזאַ, אָדער א יעליזאַבעטאַ, וואָלט ער פון איהר אנטלאָפען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַכסט. איך וויים נישט. די עפּאָכע צווישען אכצעהן און צווישען צוואַנציג יאָהר איז די געפעהרליכסטע צייט פאַר די יונגע קינדער, און אזוי ווי דאָס ברעקעלע קינד מוז נעבאַך איבערקומען פּאָקען, מאָזלען און צייהנדלעך, אזו מוז דאָס גרעסערע קינד איבערקומען די צייט פון ליעבע, — און למאי זאָלען מיר זיך נאַרען? מיר האָבען דאָך אלע געפּאָקט, געמאָזעלט, ליעב געהאַט און, דאַנקען גאָט, איבער־געקומען אָט די אלע וועהטיגען געזונדערהייד... וואָס קאָן איך אָבער טהון מיט מיין יונגען העלד, אז עס האָט זיך איהם פאָרט ניט גע־טראָפען דער צופאל? קאָן איך איהם דען מיט גוואַלד זאָגען: „געה, מאַרקוס, ליעב זיך אייך, שרייב פלאַמפּייעריגע בריוולעך, וואָר צע־גאַנגען ווי א וואַכס, הענג זיך, טרינק זיך, אבי איך זאָל האָבען שטאָף אויף א „העכסט־אינטערעסאַנטען ראָמאַן"? ובפרט, אז מיין יונגער העלד האָט געהאַט גאָר איין אנדער אידעע, איין אנדער ציעל, וואָס ער האָט זיך צו דעם געשלאָגען דורך טיר און דורך טויער מיט

אַלע כחות פון זיין געזונדען יונגען קערפּער, — מיט איינעם וואָרט, מיין מאַרקום האָט געוואָלט שטודיערען. איין מאָל פאַר אַלע מאָל שטודיערען: אויף דאָקטאָר, אויף אַדוואָקאַט, אויף אינזשיניער — שטודיערען און גענוג!

ווען און ווי אַזוי איז דער דאָזיגער געדאַנק איינגעפאַלען מאַרקוס'ען אין קאָפּ אַריין — קאָן איך אייך אַקוראַט ניט זאָגען; נאָר די בריוולעך, וואָס ער האָט געשריבען צו איינעם פון מיינע חברים, צו אַריה־לייב'ען, זענען געווען מיט אַזאַ פייער געשריבען, אַזוי הייס, אַזוי ענערגיש, אַזוי אמת, אַז איך האָב זיך אויף קיין מינוט ניט פערטראַכט, אַז דער דאָזיגער יונגער מענש וועט זיין צוועק דערגרייכען. (איינע פון די דאָזיגע שענע בריעף האָט דער לעזער בעגעגענט אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון אונזער אמת'ער מעשה).

נאַטירליך, האָט דער פאָטער ניט געטאָרט וויסען פון דער דאָזיגער פיינער אידעע, און איך רעכען, אַז עס איז גלייכער, וואָס סענדער האָט ניט געוואוסט, וואָס מאַרקוס טראָגט ביי זיך אין קאָפּ און אין האַרצען: גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט געקאָנט דערפון אַרויס! סענדער האָט געהאַט צו טהון מיט די שידוכים, און מאַרקוס האָט געשריבען הייסע בריוולעך צו אַריה־לייב'ען, אַזוי ווי אויבען איז געשטאַנען.

מעהר ווי אַלע מאָל האָט זיך אויפגעהויבען דאָס פייער ביי אונזער יונגען העלד זומערצייט, פּונקט אין דער עפּאָכע, ווען עס קומט פאָר אונזער נאַטירליכע געשיכטע; אין דער דאָזיגער צייט זענען זיך צענויפגעפאָהרען אַלע תּלמידים פון די גימנאַזיעס מיט אַלע סטודענטען פונ'ם אוניווערסיטעט. אַך! ווי שטאַרק אונזער מאַרקוס האָט זיי נעבאַך מקנא געווען אויף זייערע גילדענע קנעפּלעך, די אָפּיצערסקע היטעלעך, די העמדלעך פון די סטודענטען; ווי פריילין, ווי פריי, ווי גליקליך זענען די דאָזיגע מענשען, און ווי טרויעריג, געבונדען און אומגליקליך איז ער נעבאַך! דעמאָלט, ווען זיי שיפען זיך אויף דער לאָדקע אין דער אויסגעצייכענטער זומער־

נאכט און זינגען ליעדלעך אקעגען דער זילבערנער לבנה, מוז ער נעבאך זיצען אין דער היים און אויסהערען אט די אלע מעשיות מיט די רעד פונ'ם פאטער. וואס האבען זיך איהם שוין אזוי צו־געגעסען! ער איז פשוט געפּענטעט אין קייטען; ער איז אין גע־פענגעניש; מע האט איהם פערשפּארט, מע האלט איהם אין אפּ־טראג; מע לאזט איהם ניט ארויס אויף דער ליכטיגער שיין. וואס האט מען נעבאך צו איהם און צו זיינע יונגע יאהר און טעג? פאר וואס קאן ער ניט געניסען פון דער זיסער יוגענד, גלייך מיט אט די אלע יונגע מענשען? פאר וואס איז פאר איהם אלץ פערשלאָ־סען, אלץ בעהאלטען, אלץ פערבאטען? אלע מעגען, נאר ער, מאר־קוס, טאר ניט; ער דארף דא זיצען און פערשווארצט ווערען — ביז וואנען? ביז ווי לאנג נאך?

מיט אזעלכע שווארצע געדאנקען זיצט נעבאך אונזער יונגער העלד, אנגעשפּארט דעם שענעם קאפּ אויף די ווייסע הענד, און סענדער דערצעהלט זעהר א שענע געשיכטע, ווי אזוי א שותף האט איהם איינגעפיהרט אין א געשעפט אריין, ווי אזוי ער האט איהם געוואלט „אפּקאכען“, ווי אזוי זיי זענען ביידע געקומען צום פריץ, ווי אזוי דער פריץ האט איהם געבעטען זיצען, ווי אזוי דער שותף האט זיך אריינגעחאפּט צו איהם אין די הענד אריין, ווי אזוי דער פריץ האט זיך מיט איהם אפּגערעכענט און האט איהם געזאגט: „עי, מאשקא! יאק סיעמאש, פאן מאשקא?“ חא־חא־חא! — סענדער לאכט, און זיין פעט לייב טרייסעלט זיך פאר געלעכטער. מרים־חיה לאזט ניט אראפּ קיין אויג פון איהר טייערען זוהן, וואס איז נעבאך שוין פון א צייט אזוי בלאס, אזוי אומעטיג; ער עסט ניט, ער טרינקט ניט — וואס איז „דעם קינד“?

— וואס איז דיר, מארקעל? וואס טהוט דיר וועה, מיין קינד? — אזוי זאגט איהם די געטרייע מוטער פאר'ן שלאף, קוקט איהם אין די אויגען אריין און נעמט איהם אן ביי דער האנד, און טרערען קלויבען זיך איהר אויף די אויגען.

— אי, טשעפּע זיך אָפּ פון מיר! גאָרניט! גאָרניט! — מאַר־קוס שלעפּט ארויס זיין האַנד פון איהרע הענד, און מרים־חיה געהט־אוועק מיט אַ טיעפען זיפץ פונ׳ם האַרצען.

איך פרעג אייך: ביי אַט אַזעלכע פערשיעדענע אומשטענדען, וואָס איז דער חדוש, אַז יעדען צופאַל, וועלכער זאָל קאָנען אונזער פיינעם העלד אויסלייזען פון זיין טרויעריגער לאַגע, וואָלט ער בע־גענגט מיט פרייד? וואָס איז דאָ צו וואונדערען זיך, וואָס מאַר־קוס האָט גלייך מיט אַלע אונזערע בעקאַנטע ביי סענדער׳ען אין הויז ארויסגעקוקט אויף דעם דאָזיגען צופאַל, וואָס קיינער פון זיי האָט אויך ניט ארויסגערעדט און וואָס יעדער בעזונדער האָט גע־טראַכט ביי זיך טיעף־טיעף אין האַרצען?...

ליעבער לעזער, טייערער פריינד! ווער דו ביזט דאָרטען און וואָס דו ביזט דאָרטען — געב מיר אַהער דיין האַנד און לאָמיר זיך ביידע ווינשען, אַז עס וועט קומען אַמאָל די צייט, ווען מיר וועלען זיך דאַרפען אָפּגעזעגענען מיט׳ן דאָזיגען נאַרישען וועלטעל, זאָל אונז גאָט שומר ומציל זיין פון אַזאַ טרויעריגער לאַגע, וואו אונזער געעהרטער סענדער בלאַנק האָט זיך געפונען אין דער צייט, ווען זיין פיינע משפחה האָט זיך צענויפגעפאָהרען צו איהם „מבקר חולה זיין“...

---

## דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

סענדער׳ס משפחה פאָהרט זיך צענויף ביסלעכווייז.

מיר האָבען איבערגעלאָזט סענדער בלאַנק אין קאַבינעט נאָך דעם גרויסאַרטיגען אָנבייסען. סענדער האָט זיך געפיהלט עפּיס ניט אין בעסטען; אַ שרעקליך שניידעניש איז אויף איהם אָנגעפאַלען, און אַ גאַנצע מלחמה האָט זיך אויפגעהויבען אין זיין בויך.

— שלעכט! שלעכט! — האָט ער געזאָגט צו מרים־חיה׳ן. — ס׳איז מיר שלעכט, זעהר שלעכט!

— וואָס זשע איז דיר אזעלכעס? גאָט איז מיט דיר, סענדער!

— איך ווייס ניט. אָט דאָ איז ביי מיר איין אומגליק! — און סענדער האָט אָנגעוויזען מיט ביידע הענד אויפ'ן בויך. ראשית חכמה, האָט מרים־חיה געשיקט רופען דעם דאָקטאָר. הגם סענ־דער גלויבט ניט אין קיין דאָקטאָר און זאָגט, אז די גאַנצע „שפּיעל" (די מעדיצין) איז נאָר אַ שאַנטאַזש, אַ „פּאָקוס" אויף צו נאַרען געלד, פון דעסטוועגען לאָזט איהם וועה טהון אַ פינגער — שיקט ער באַלד צום דאָקטאָר. פאַרהאַן אַ סך אזעלכע צווישען אונזערע אי־דען, וואָס האָבען עפּיס קיין „אמונה" ניט אין דער מעדיצין, חאָטש (די מעדיצין) איז נאָר אַ שאַנטאַזש, אַ „פּאָקוס" אויף צו נאַרען אויף דער וועלט, און ער מעג יאָ גלויבען און ניט גלויבען — אַלץ איינס!

אונזער געהערטער סענדער האָט זיך געהאַט זיין דאָקטאָר, דעם דאָקטאָר קלוגער, און מיט איהם האָט ער ליעב געהאַט אין אַ פרייער צייט אריינצושמועסען מכח „דאָקטאָריע". דער דאָקטאָר האָט לאַנג געקנעלט, ביז ער האָט איהם איינגעבילדעט, אז פונקט אזוי ווי ער קאָן שטאַרבען פון אַ שלאַפקייט, אזוי קאָן מען זיך געזעגענען מיט'ן לעבען געזונדערהייד. דער דאָזיגער כלל איז סוף־כל־סוף איהם אריין אין קאָפּ, און פון יענער צייט אָן האָט ער געפּיהלט, אז זיין לעבען הענגט אויף אַ האָר, חאָטש אפילו ער איז געזונד און שטאַרק אויף אַלע אברים. דעריבער האָט ער זיך געריכט טאָג אויף טאָג און האָט זיך שוין לאַנג צוגעגרייט אַ צואה, אויסגערע־כענט ביז דער לעצטער פּרוטה (דאָס איז ביי איהם געווען בסוד), און יעדער טאָג איז ביי איהם געווען אַ געשענקטער, און דעריבער טאַקי פלעגט ער זיך אָנטהון כל התענוגים אויף דער וועלט: גוט עסען, רעכט טרינקען, אויסרוהען די ביינער, געניוג אויסלאַכען זיך אויף „די היינטיגע", „די קבצנים", אָפּגעבען גאָט זיינס, דאָס הייסט, דאַווענען אַלע טאָג, אמאָל, אז עס איז געווען צייט, אָפּ־זאָגען אַ צוויי־דריי קאַפּיטלעך תהלים, און אמאָל שענקען אַ נדבה (זעלטען, זעהר זעלטען). אַך! ווען יעדער פון אונז זאָל האָבען

בכח, אַזוי ווי מיין העלד, מקיים זיין אַלע חובות, וואָס ליגען אויף אונז, און דערצו נאָך אַזוי בערוהט אָפּלעבען זיך דאָס וועלטעל — אַך, ווי גרינג וואָלט אונז געווען צו געהן פון דער וועלט! ווי אַנגענעהם וואָלט ביי אונז געווען דער טוידט! בערעכענט זיך אַליין: איך עס מיר אָפּ אַנבייסען, פעררויכער מיר אַ געשמאַקע ציגאַר, טרינק מיר אויס אַ גוט גלאָז ביער, זאָג מיר אָפּ אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים, שענק מיר איין אַרעמאַן אַ צוויי גראָשען, איך נעם מיר דעם טינט־און־פּען און מאַך מיר אַ חשבון: דעם זוהן אַזוי פיעל, דער טאָכטער אַזוי פיעל, עטליכע קערבלעך אויף דער שוהל, אַ פּאָר רובעל אויפ׳ן מרחץ, להבדיל, עטליכע גריוונעס אויף צעטיילען די תלמוד־תורה־יונגלעך פאַר דער מטה, אַז זיי זאָלען פון מיין כבוד וועגען שרייען: „צדק לפניו יהלך!“ נאָכדעם זאָג איך מיר אָפּ גאַנץ בערוהיגט ווידוי מיט אַ גלאַטען לונג־און־לעבער און מיט אַ ריינעם סאָוועסט, איך לעג מיך צו, פערמאַך מיר איין אויג, דאָס אַנדערע אויג — און ווער אַנשלאָפען... און אויף מאָרגען ווידער אַ מאָל דאָס איינענע... אַז דער דאָקטאָר איז געקומען צו סענדער׳ען, האָט ער איהם געפונען זעהר אין אַ טרויעריגער לאַגע.

די ערשטע פראַגע, וואָס סענדער האָט פאַרגעלעגט דעם דאָקטאָר, איז געווען:

— איז מיין שלאַפקייט ניט געפעהרליך, און צי וועל איך נאָך קאָנען געזעגענען זיך מיט מיינע קינדער?

— ווען איהר זאָלט זיין אַזוי געפעהרליך, — האָט איהם דער דאָקטאָר קלוגער גאַנץ ערנסט געענטפערט — וואָלט איך איצט ניט געהאַט דאָס גליק מיט אייך צו רעדען; נאָר נאָך די קינדער שיקט וואָס צום גיכסטען. מהומ־אָפּ אייערס, וועט איהר זיין רוהיג, אָראָפּ אַ משא!

טוידט ווי די וואַנד איז סענדער געוואָרען, אַז ער האָט דערהערט דעם דאָקטאָר׳ס רעזאָלוציע. און ער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען, צאַפּלען מיט אַלע אברים: „אוי, מיין סוף! אוי, מיין עק! אָט דאָס איז שוין מיין עק! אָט דאָס איז מיין עק!“...

— זאָגט מיר, דאָקטאָר, דעם אמת, דעם ריינעם, לויטערען אמת: צי קאָן איך האָבען אַ שטיקעל האָפענונג? איך בין ערשט אַלט דריי און פופציג יאָהר! מיין פאָטער האָט געלעבט פיער און אַכציג יאָהר, מיין מוטער — זעכס און נייענציג יאָהר, און מיין זיידע, זאָגט מען, האָט אָפּגעלעבט מעהר אַלס הונדערט יאָהר; פאַר וואָס זשע קומט עס מיר, איך זאָל אַזוי ניך?...

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך סענדער צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. מרים־חיה האָט געַ'חלש'ט, און מארקוס, וואָס האָט געהאַט זעהר אַ גוט ווייך הארץ, האָט זיך געווישט די נאָסע אויגען.

און דער דאָקטאָר קלוגער האָט צענומען די הענד, אויסגעצויגען דעם קאָפּ און געמאַכט אַזאַ מינע, פונקט ווי דער רייזענדער מאַכט, בשעת עס ברעכט זיך איבער איין אַקס און דער וואָגען טהוט אַ טראַסק אין דער ערד אַריין.

די דאָזיגע מימיקע האָט אויף אונזער סענדער'ען געווירקט שרעקליך: עס האָט זיך איהם דייטליך פאָרגעשטעלט, ווי זיין איינוועניגסטע „מאַשינעריע", די „געדערים", האָבען פּלוצים געלאָפּנעט, און צוהערענדיג זיך צום בויך, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דער מאָגען האָט זיך איהם ווירקליך אַנידערגעשטעלט אויף איייביג. דאָך האָט ער זיך געשעמט אַ פרעג טהון דעם דאָקטאָר און האָט איהם נאָר געבעטען, ער זאָל איהם נאָך אַ מאָל גוט בעטראַכטען. דער דאָקטאָר קלוגער איז מרוצה געוואָרען צו בעטראַכטען דעם חולה נאָך אַ מאָל און האָט זיך צוגעלעגט מיט'ן אויהער צום קראַנקען'ס בויך. בעטראַכטענדיג איהם, האָט דער דאָקטאָר ניט ארויסגעלאָזט קיין פּיפּס פונ'ם מויל, נאָר גלאַט אַזוי געקנייטשט מיט די פּלייצעס, געדרעהט מיט'ן קאָפּ, געסמאָרעט מיט דער נאָז, לאַנג־לאַנג געטראַכט, געקוקט דעם חולה אין די אויגען אַריין, געזיפצט, ווייטער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געקנייטשט מיט די פּלייצעס און אַזוי ווייטער. סענדער בלאַנק האָט דאָס אַלץ גוט בעמערקט, און טראָפּענס שוויים, קאַלטער שוויים, האָבען ארויסגעטראָטען אויף זיין פּנים. נאָכדעם האָט זיך דער דאָקטאָר אויפ־

געחאַפּט, אויסגעשנייצט די נאָז שטאַרק־שטאַרק און האָט אַזוי געזאָגט:

— מיין ליעבער הערדר בלאַנק! איהר ווייסט, אַז איך בין אייך אַ גוטער פריינד. איך וועל טהון אַלע מיטלען. נאָר איהר וועט מיך פאָלגען, צי ניין? רופט נאָך אַ דאָקטאָר, וועלען מיר מאַכען אַ קאָנסיליום. ביי אונז אין דער מעדיצין איז דאָ אַ גלייך וואָרט: איין קאָפּ איז גוט, צוויי איז נאָך בעסער... — מיט די דאָזיגע ווער־טער האָט ער זיך אָפּגעזעגענט מיט'ן חולה און מיט אַלע אַנדערע און איז געשווינד ארויסגעגאַנגען פון קאַבינעט. אראָפּגעלאָפען פון די טרעפּ און געקומען אראָפּ, האָט ער געטראָפען פּרויקע'ן מיט זיין פּאַלטאָ אין די הענד. ארויפגעוואָרפען אויפ'ן דאָקטאָר דעם ראָק, האָט זיך פּרויקע ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט אַ פרעג געטהאָן דעם דאָקטאָר: „וואָס הערט זיך מיט'ן בעל־הבית?" האָט איהם דער דאָקטאָר קלוגער געענטפערט מיט אַ זיס שמייכעלע אויף לאַטיין (דער דאָקטאָר קלוגער איז זעהר אַ פּשוט'ער ביי זיך, זעהר אַ ליעבענסווירדיגער מענש און איז מיט יעדען אַ גוטער ברודער):

— נישקשה, אביסעלע גאַרגולעס, אביסעלע פלעריז קסוהאַטי־וואַ, נאָר סע וועט זיין רעכט: דער דאָקטאָר קלוגער שלאָפט ניט!...

— דער רוח ווייסט איהם, וואו ער נעמט אַזעלכע טערקישע ווערטער! — האָט פּרויקע געזאָגט צו זיך אַליין און פערשלאָסען די טיר.

מיר ווייסען וואָהל פאַר קלאָר, אַז פּרויקע האָט זיך גאָרניט אָנגעקעהרט מיט די בלאַנקס; נאָר מחמת ער דיענט שוין דאָ אַ יאָהר זיעבען־אַכט, דערפאַר האַלט ער זיך מיט זיי שטאַרק היימיש, נאָהענט, כמעט ווי אַ ווייטער קרוב, און דעריבער האָט זיך פּרויקע גערעכענט ביי זיך, אַז על־פּי יושר קומט איהם אויך אַ שטיקעל חלק פון סענדער בלאַנק'ס ירושה. ער איז געווען, נאָך זיין השגה נאָך, זעהר גערעכט: האָרעווען האָט ער געהאָרעוועט, ווי איין אייזעל, און אין דער גאַנצער צייט פון זיין געטרייער דיענסט האָט

ער נאָך ניט געזעהען פון זיין בעל־הבית קיין מתנה אפילו פאר א צווייער, און חוץ לזה האָט נאָך סענדער געהאַט א טבע אָפּנעמען חשבון ביי פרויקע'ן פונ'ם מארק ביז דער לעצטער קאָפּיקע! מיט זיין גאנצען לעבען איז פרויקע געווען איבערגעגעבען דעם בעל־הבית, און פון זיינעטוועגען וואָלט ער געגאנגען אין פייער און אין וואסער, און דעריבער האָט פרויקע געשאַרפט די צייהן אויף דריי טוץ זילבערנע לעפעל, א גרויסען זילבערנעם הדס, א גוטען בור־שטינענעם, אין גאָלד געפאסט, ציגאַרען־שפּיץ, וואָס נאָך זיין רעכע־נונג נאָך האָט ער בעדארפט ווערטה זיין, צום ווענינסטען, פינף און דרייסיג רובעל, א טוץ געפּרעסטע העמדער, מיט נאָך אזעלכע קליינינקייטען, וואָס די יורשים וואָלטען זיך ביי'ם טראַסק ניט ארומגעקוקט. און איבערהויפּט איז פרויקע געווען אנטציקט פון סענדער'ס גילדערנעם זייגער מיט דער מאסיווער גילדערנער קייט; דאָס דאָזיגע קייטעל האָט סענדער בלאַנק אליין געלאָזט מאַכען אין דער פאבריק, און דעריבער איז דאָס געווען אזוי מאסיוו. פרויקע פלעגט ניט איין מאָל האַלטען דאָס קייטעל מיט'ן זייגער, אָנמעס־טען זיי אויף זיך, קוקען אין שפּיעגעל אריין און אָנקוועלען פון זיך. נאָר פרויקע איז ניט געווען קיין גנב; חלילה! גאָלד האָט געמעגט ליגען פאַר זיינע אויגען, וואָלט ער ניט געטשעפּעט. „נאָר נאָך דעם בעל־הבית'ס טוידט, — האָט ביי זיך פרויקע גע'פּועל'ט — ווען אַלע וועלען נעמען, וועל איך אויך נעמען: ווער וועט זיך ארומ־קוקען אויף דעם עלענדען פרויקע'ן?“ און איצט, אז פרויקע האָט דערזעהען, ווי זיין בעל־הבית פּאַכט מיט דער נשמה, האָט אין איהם אָנגעהויבען קלאַפּען דאָס הארץ פאר שרעק, און זיצענדיג אונטען אויפ'ן בענקעל און וואַרטענדיג, אז אָט־אָט וועט מען איהם שיקען נאָך דער „חברה־קדישא“, האָט זיך פרויקע דערווייל גע־מאַכט א צעטעל, וואָס ער דאַרף, און אז עס איז געקומען צום זייגער מיט דער קייט, האָט ער זיך געטראַכט, וואָס זאָל ער טהון מיט זיי: צי זאָל ער זיי פערקויפען, צי זאָל ער נעמען זיך דעם זייגער און דאָס קייטעל אָוועקשענקען בליומקע'ן (זיין כלה), צי

אפשר זאָל ער גאָר איבערמאכען דאָס קייטעל אויף אויהערינגלעך מיט אַ בראָש פון בליומקע'ס וועגען?...

— דזין! דזין! דזין! — האָט דאָס גלעקעל זיך געלאָזט הע־רען פון אויבען. פייל אוים דעם בוינגען האָט זיך פרויקע געלאָזט לויפען ארויף און אין עטליכע מינוט ארום איז ער אראָפּגעלאָפען מיט צוויי דעפעשען. וואָס מע האָט איהם געגעבען אוועקצושיקען עקסטרע צו די קינדער און מע האָט איהם צעהן מאָל אנגעזאָגט: „ער זאָל לויפען גיך, אויף איין פוס!" פון דעססטוועגען האָט זיך פרויקע ערלויבט צו צוזעצען זיך אויף אַ רגע'לע, זעהען, וואָס שטעהט דאָ אין די דעפעשען.

צום כבוד פונ'ם דאָזיגען געטרייען דיענער מוזען מיר בע־מערקען, אז אין די פינף יאָהר, וואָס פערשיעדענע לעהרערס האָבען פערבראכט ביי די בלאנקס אין הויז, האָט זיך פרויקע צוגעלערענט אביסעל רוסיש לייענען און שרייבען. מע קאָן ניט זאָגען, אז פרוי־קע האָט זעהר טייערע פעהיגקייטען צום לערנען; דערפאר האָט אָבער מארקום אליין גענוג געקנעלט מיט איהם, ביז ער האָט דער־לעבט, אז פרויקע קען שוין האלב טראָף (סקלאָדעס) און חתמ'ענען זיך אויף רוסיש: „פרויקע קראָקמאַן", אזוי אז עס איז אויסגעקו־מען גאָר: „מאנפרויקערקאָקער". נאָר צום רעכענען האָט פרויקע געהאַט אַ זעלטענעם קאָפּ, און ווער ווייסט, וואָס פאר אַ מאטהע־מאטיקער פון איהם וואָלט ארויס, ווען זיין פאָטער, קאָפּעל קראָקמאַן, זאָל ניט געווען זיין קיין קוימענקעהרער און זאָל ניט געווען פון בראָנפען שטארבען און פאר דעם טוידט אָפּגעבען פרויקע'ן צו אַ קאָוואל, און דער קאָוואל זאָל איהם ניט געווען שלאָגען אלע טאָג ווי אַ הונד, און פרויקע זאָל ניט געווען אַנקומען פריהער צו זיין אַ הויף־משרת און נאָכדעם אַ לאָקיי ביי סענדער בלאַנק. די גרעס־טע „זאדאטשע" האָט פרויקע געקאָנט אויסרעכענען אויפ'ן קאָפּ, אזוי אז דער בעל הבית פלעגט ניט איין מאָל נבהל ונשתומם ווע־רען.

בכן, האָט אונזער געבילדעטער משרת צונעטראָגען די דעפּע־
שען צום פענסטער און איז אָפּגעשטאַנען איבער זיי קרוב צו אַ
האַלבער שעה, ביז ער האָט יאָקאָש צענויפגעלעגט.

— בוקי... אָן... על... יע... נאָש — באָליען... שלאָף! אָן...
פאָקאָי... אז... סלאָווא... נאָש... אָן — אָפּאַסנאָ... זעהר געפעהר־
ליך! אָפּאַסנע! דאָס הייסט, אָט שטאַרבט ער. אהא?...

און פּרויקע׳ס געדאַנקען האָבען זיך ווייטער איינגעפלאָנטעט
אין דעם גילדענעם זייגער מיט דער שווערער קייט... אויף דעם טע־
לעגראַף האָט פּרויקע פריהער געוויזען די דעפּעשען עפּים אַ רויטען
אידען, ער זאָל זיך מטריח זיין איבערלייענען און געבען איהם צו
פערשטעהן, וואָס שטעהט דאָרטען.

„אך, ווען מע זאָל מיך געוועזען לערנען אין די יונגע יאָהרען!“ —
האָט זיך פּרויקע געטראַכט, אראָפּגעלאָזט טיעף אין דער אונטער־
שטער קעשעני די צוויי רובעל מיט די פערציג קאָפּיקעס אויס־
גאָב. אזוי, אַז זיי זאָלען מאַקי ביי איהם בלייבען, מחמת ווער ווייס
זיך היינט אַרומקוקען, צי עס איז דאָ אויסגאָב, צי ניין? נאָר ווי
איבעראַשט איז ער געווען, אַז אַריינגעקומען צו רב סענדער׳ען
אין קאַבינעט, האָט איהם זיין געפעהרליכער פּרינציפּאַל באַלד אַ
חאַפּ געטהאָן:

— אויסגאָב, פּרויקע! צוויי מיט פערציג!...

„ער האָט שוין אפילו אויסגערעכענט, דער אַלטער גאַנאַמ־
ניק!“ — האָט פּרויקע געטראַכט און האָט במחילת כבודו אויסגע־
לעגט אויפ׳ן טיש די צוויי רובעל מיט די פערציג קאָפּיקעס און איז
מיט אַ ביטער הארץ אַוועק אין זיין רוה אַריין.

באַלד אויפ׳ן אַנדערען טאָג איז געקומען סענדער׳ס עלטערער
זוהן, חיים בלאַנק, מיט זיין ווייב סאָני און מיט צוויי קליינע קינ־
דער: פאַני — אַ מיידעל פון אַ יאָהר אַכט, און מאַני — אַ קליי־
ניטשקע פון זעכס יאָהר.

ווי אזוי סענדער'ען איז געגאנגען אין זיינע געשעפטען גוט, אזוי איז זיינע קינדער געגאנגען שלעכט. אז חיים איז אראפ פון קעסט, האט ער געהאט זיינע עטליכע טויזענד רובל.

— נערענק, חיים, — האט איהם דער פאטער געזאגט — אז איך האב פון מיין צד גענוג יוצא געוועזן: דיך אויסגעהאדרעוועט, חתונה געמאכט, געגעבען נדן, געהאלטען פינף יאהר אויף קעסט אויך — און וואס נאך? האסט צו מיר כלל וכלל ניט! מיט מיר קעהרסט דו זיך שוין היינט ווינציג־וואס אן: איך האב נאך קינ־דער; איך האלט א טאכטער אויף קעסט און דארף חתונה מאכען א זוהן. פאהר דיר געזונטערהייד און זיי מצליח! אז דו וועסט זיך שאנעווען, וועסט דו האבען געלט און סע וועט דיר זיין גוט, אם ירצה שם. זעה, היט־אפ א קערבעל, וועסט דו זיין א מענטש!...

אז חיים איז נעבליבען אהן געלד, האט ער צום פאטער ניט געוואלט שרייבען: ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז עס וועט זיין אומזיסט. נאר אז מע האט שוין אלסדינגג אויסגעפערקויפט פון שטוב, און די קינדער האבען געבעטען ברויט און עס איז ניט גע־ווען, האט זיך חיים געזעצט און האט אנגעשריבען אזא מין בריעף:

„לכבוד אהובי אבי היקר הגביר המפורסם החכם ומופלג כש"ת מוהר"ר סענדער נ"י.

„שוין מעהר אז צוויי יאהר, זינט איך בין געבליבען אהן א קאפיקע, האב איך דיר דען אפילו מזכיר געוועזן, זעהסט דו דאך אליין, אז מסתמא האב איך שוין קיין געלד ניט... וואס רעד איך? די קינדער און מיין ווייב און איך שטארבען פאר הונגער... איך בין דא א פרעמדער... על כן, אהובי אבי! פערשטעהסט דו שוין... ניטא וואס צו רעדען... אזעלכע צוויי קינדער, ווי איך האב, דאכט מיר... און מיין ווייב איז דוקא ניט קיין אויסברענגערין, ווי אנ־דערע... און איך ווייס? פערקעהרט, מיט אלע מעגליכקייטען... ווען ניט אט דער פייפערמאן, אט דער גזלן... ער האט ביי מיר אויסגע־נארט דריי טויזענד רובעל... מזומענ'ע דריי טויזענד קארבען!... קיין אנדערע געשעפטען איז דא ניטא... אפשר דארט, אין דיין

שטאָדט, וואו מע קען מיך, מע ווייסט ווער איך בין... מע זאָגט, אַז יעקב־משה צוקערשטיין האָט געוואונען צעהן טויזענד רובל... גרים לאמי ח' היקרה מרת מרים־חיה, לאחותי היקרה מרת רבקה עם בעלה היקר מו"ה יוסף זעמעל מיט זייערע קינדער... ווי געהט עס זיי היינט? גרים לאָחי המשכיל החכם מוהר"ר מארקוס שיחיה. זייט געזונד און פיל גליקליך, ווי עס ווינשט אייך

דיין זוהן חיים בלאנק.

„גם איך האָב דיר פערגעסען מודיע זיין, אַז זוגתי מרת סאָני שתחיה איז איצטער ניט בקו הבריאה, און מיין קלענערע טאָכטער מאַניטשקע פּאָקט.

חיים הנ"ל".

פון טאָג אויף טאָג איז חיים געגאַנגען אויף דער פּאָסט, און ערשט אין צוויי וואָכען ארום איז אָנגעקומען אַ בריעף.

— אַ בריעף, סאָני, אַ בריעף פון דער היים!

סאָני איז שוין געזונד געוואָרען און האָט זיך קוים ארומגע־שלעפּט איבער דער שטוב, נאָר דאָס קינד איז נאָך אַלץ געווען שלאַף. מיט גרוים ציטערניש האָבען זיי זיך געזעצט לייענען דעם לאַנג־ערוואַרטעטען בריעף:

„לבני היקר הרבני מוהר"ר חיים נ"י ע"ש זוגתו היקרה מרת סאָנע תחי' עכב"ב.

„ראשית מודיעכם, אַז מיר זענען אַלע ברוך השם אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון אייך צו הערען ניט ערגער, אָמן! והשנית, פערשטעה איך ניט, וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר, בני היקר, וואָס זאָלסט מיר אָנטהון אַזעלכע יסורים, און מיר אַלע זאָלען האָבען איבער אייך אַ פערשטעהרטען יום־טוב? לאָז מען פרעגען ביי דער וועלט, צי האָב איך ניט יוצא געווען אָקעגען דיר, ווי דער בעסטער פאָטער? על כן, בני היקר, בעט איך דיך, זאָלסט מיר ניט מקצר ימים זיין און ניט שרייבען מיר אַזעלכע בריעף, וואָס זיי זענען מיר ניט לרצון. און אַהער האָסט דו ניט וואָס צו פאָהר־רען, מחמת אָהן געלד קריגט מען אין ערגיץ קיין געשעפטען ניט

היינטיגע יאָהרען, און אזעלכע פייפערמאַנס, וואָס נאַרען־אויס געלד, זענען דאָ אומעדום אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס זאָל מען טהון? שווערע יאָהרען היינט! פון דעסטוועגען, אז מע איז אַ מענש, קומט מען ניט דערצו, אז מע זאָל בלייבען ווי אויף'ן וואַ־סער. דיין שוואָגער מוהר"ר יוסף זעמעל האָט היינט דאָס גרעסטע געשעפט, און מע זאָגט, אז ער פערדיענט גרודעס מיט געלד. איך זיץ שוין היער מעהר פון דרייסיג יאָהר, האָט זיך מיר נאָך איין מאָל ניט געמאַכט אזא גליקליך געשעפט, ווי חתני מוהר"ר יוסף נ"י האָט בעקומען דאָרט אין זיין שטאָדט; עס איז אַ סברה, אז ער קויפט זיך אַ דירה פאַר צוואַנציג טויזענד רובל, — לאָז איהם גאָט העלפען; איך פערגין איהם מיט'ן גאַנצען הארצען. היינט נעהם מיר אַ נייע סדרה: מע דאַרף אַ שידוך טהון מיט מאַרקוס'ען און געבען איהם אַ דרייסיג טויזענד רובעל נדן און אַ קוויטאַנציע פאַר אַ זעכס טויזענד רובל. היינט הלבשה און חתונה־הוצאות! איך האָב צורעכט געמאַכט מיין הויז, קאָסט מיך בלא גוזמא צעהן טויזענד רובעל! היינט איז ביי מיר געוועזן בתי מרת רבקה תחיה צו גאַסט מיט'ן קינד (אַ זעלטען קינד!), האָט מען איהר געמוזט שענקען ת"ק קערבלעך אַ מתנה! פון וואַנען זאָל זיך דאָס נעמען אַלעס? גרים לזוגתך מיט די קינדערלעך.

פון מיר אָביך ס ע נ ד ע ר ב ל א נ ק".

נאָך אַ יאָהר — אַ שווער יאָהר! — האָט זיך חיים אָפּגע־מוטשעט, ביז ער האָט זיך געקריגען ענדליך אַ שטעלע מיט פופציג רובעל אַ חודש געהאַלט. און אין אַ יאָהר ארום האָט מען זיך ארומ־געקוקט, אז חיים איז איין אָרענטליכער מאַן און איז אַ געטרייער מענש, האָט מען איהם מוסיף געווען נאָך פופציג רובעל. דערפאַר האָט ער אָבער געהאָרעוועט און איז געווען אינגאַנצען פערקויפט דעם פּרינציפּאָל און האָט פערבראַכט גאַנצע טעג מיט נעכט אין וואַלד (דאָס איז געווען זיין שטעלע).

אין דער דאָזיגער לאַגע איז ער געווען, ווען ער האָט פּלוצים דערהאַלטען די עקסטרע־טעלעגראַמע פונ'ם פאָטער, וואָס רופט איהם

ארויס, ער זאָל תיכף ומיד קומען מיט די קינדער. חיים האָט ניט גע־קאָנט וואַרפען דעם וואַלד אַפילו אויף צוויי טאָג; נאָר עס איז א תירוץ, אַז דער פאָטער איז נעפעהרליך שלאַף און רופט, מע זאָל קומען?

אַז חיים איז אַריינגעקומען צום פאָטער אין קאַבינעט אַריין, איז ער איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז, און אויף סענדער'ס אויגען האָבען זיך בעוויזען טרערען. ער האָט צוגערופען צו זיך די שנור, געפרעגט „וואָס מאַכסט דו?" און האָט אויסגעצויגען די לינקע האַנד די צוויי אייניקלעך, אַז זיי זאָלען אַ קוש געבען דעם קראַנקען זיידען; דערפאַר האָט ער זיי אַ קניפּ געטהאָן אין בעקעל און גע־הייסען זיי געהן זיך שפּיעלען. די קינדער זענען מיט גרויס פּער־גענינען אַרויסגעלאָפען זיך שפּיעלען און דערווייל בעטראַכטען דעם זיידענ'ס גרויסען הויף מיט'ן שענעם גאָרטען. אונטען האָט זיי פרויקע איבערגענומען, געשענקט צו מאַרמעלאַדען און האָט זיך גע־נומען אויספרעגען ביי זיי: ווי רופט מען זיי? וויפיעל זענען זיי אַלט? וואָס טהוט זייער פאָטער אין דער היים? וואָס טהוט די מוטער? צי האָבען זיי אויך אַזאַ גרויסע שטוב, ווי דער זיידע? צי קאָנען זיי שוין לייענען, שרייבען? די עלטערע, פאַני, האָט איהם געזאָגט, אַז זי קאָן שוין גיך לייענען ניט נאָר געדרוקטע, אַפילו געשריבענע אויך. פרויקע האָט זיך ניט געפוילט זי באַלד אויפ'ן אָרט אָפּעקזאַמענירען. ער האָט אַרויסגעהאַפט אַ שטי־קעל פּאַפּיער פון דער קעשעני און האָט מיט אַ שטיפטעל אָנ־געצאַראַפּעט: „מאַנפרויקערקאָקער". די קינדער האָבען אויסגע־שאָסען אַ געלעכטער און זענען מיט אַ קוויטש אַוועק אין גאָרטען אַריין, שרייענדיג: „מאַנפרויקערקאָקער!!" אונזער געריהמטער פרויקע האָט דאָס געהערט, און פון יענער מינוט אָן האָט ער גע־טראָגען אַ שנאה אין הארצען אויף די דאָזיגע צוויי קינדער מיט זייערע עלטערען צוזאַמען.

חיים איז שפּעטער מיט צוויי שעה אַריינגעגאַנגען צו מאַר־קוס'ען אין קאַבינעט, וואו יענער האָט איהם בעוויזען אַלע זיינע אַנטיקלעך פון דער ביבליאָטהעק ביז די מינדסטע קליינינקייטען.

אונזער יונגער העלד איז געווען אַזוי צופריעדען, אַזוי גליקליך מיט׳ן גאַסט, וואָס ער האָט זיך שוין אַזוי לאַנג מיט איהם נישט געזעהן. אַז ער האָט נאָר פערגעסען צו פרעגען חיים׳ען, ווי געהט עס איהם. און חיים האָט פון זיין זייט אויך ניט געמאַכט פון זיך קיין רעדע און האָט די גאַנצע צייט, וואָס זיין יונגערער ברודער האָט גע־פּלאַפּעלט, קיין איינציג וואָרט ניט געזאָגט. און סאָני? סאָני איז געזעסען מיט מרים־חיה׳ן אין א ווינקעלע און האָבען זיך שטילער־הייד געשמועסט פון היימישע זאַכען: פון די דיענסטען די הולטיי־קעס, פון די קינדערשע מלבושים׳לעך, ווי עס קאָסט יעדע זאַך גאַלד, פון דעם יקרות בכלל און פון היהנער, גענז, קאַטשקעס, אַז צו וואָס מע ריהרט זיך צו, הייסט מען זיך אָפּגילטען!

— אַנומעלט האָב איך מיר געהייסען ברענגען אייער — האָט מרים־חיה דערצעהלט דער שנור און זיי האָבען ביידע געפּלאַמט — ביי מיר איז שוין א מקח זיעבעציג קאָפּיקעס; סיידען ערב פּסח צאָהל איך א קערבעל, א קערבעל מיט פינף — אָבער נישט מעהר. איך צעהל־אָפּ די אייער... פינף שאָק האָב איך זיך געהייסען ברענ־גען, מחמת איך האָב געוואָלט אָפּבאַקען א טאָרט פון צעהן פונט, האָטש אפילו יענע וואָך האָב איך אָנגעבאַקען א פולע שאַפע מיט צוקערלעקאַך, און עס איז אין דריי טעג פאַרשוואונדען געוואָרען; איך זאָל זאָגען אויף דער אידינע — קאָן איך ניט: ביי מיר איז היינט איין עהרליכע אידינע, איך זאָל האָבען אַזאַ יאָהר... שאַ! דו דאַרפסט זי קענען, זי איז ביי מיר געווען פאַר זעכס יאָהרען, זי הייסט זלאַטע...

— אוי! זלאַטע? שוויעגער, זלאַטע איז ביי אייך?

— יאָ, זלאַטע! זי האָט זיך שוין גע׳גט מיט׳ן מאַן און וויע־דער א מאָל חתונה געהאַט.

— ועמען האָט זי גענומען, שוויעגער?

— וויים איך ועמען זלאַטע האָט גענומען! אַזאַ יאָהר זאָל ער האָבען! עפּיס א שאַרלאַטאַן, איין אויסוואורף. ער איז כלומרשט א שניידער, א קורנאָסער שלים־מזל!...

— אפשר מרדכי צפורה'ס? איא איך טרעף, שוויעגער?
— יא, פון וואנען ווייסט דו, סאני?
— און וואו איז היינט צפורה? זי דיענט נעבאך?
— יא? אוודאי! שוין לאנג געשטארבען!
— אוי! צפורה איז געשטארבען?! וואס רעדט איהר, שוויע־גער?! אי־אי־אי!!!...

און גאט ווייסט, וואוהין די געעהרטע דאמען וואלטען פער־קראכען אין זייער לאנגען שמועס, און צי זיי וואלטען זיך אמאל אומגעקעהרט צו די פינף שאק אייער, צי זיי וואלטען אזוי, שפרינ־גענדיג, ניט פערפאהרען העט־העט, אין די ווייטע לענדער אריין, — ווען פרויקע זאל ניט געווען פלוצים אריינגעהן און אנזאגען א נייע בשורה, אז דער הערר אסיפ זעמעל מיט דער מאדאם און מיט'ן קינד, מיט נאך עפיס איין אלטער אידינע, זענען געקומען צו פאהרען.

מיינע לעזער וואונדערען זיך, וואס אונזערע האכגעשעצטע דאמען האבען אין אזא צייט, ווען דער אלטער ליגט כמעט אויפ'ן טוידטען־בעט, נישט געפונען קיין אנדער זאך אויף צו שמועסען, נאר אייער מיט היהנער וכדומה?... שאט! איהר האט ניט וואס צו וואונדערען זיך: זיי זענען אומגעהרען אריינגעפאלען אין אזא אינטערעסאנטען שמועס מכח בעל־הבית'ישקייט, וואס עס קומען אריין אין דעם אי היהנער, אי אייער, אי פעטרעשקע, אי קובעבע מיט לאקריץ. דער מחבר פונ'ם דאזיגען בוך האט אליין געזעהען מיט זיינע אויגען, ווי א פראווינציאלע דאמע האט זיך צוגעגרייט אין טהעאטער, שען, פיין, ווי עס קעהר צו זיין; אפילו א בילעט גענומען אין דער ערשטער רייה קרעסלעס פאר דריי רובעל מיט פופציג קאפיקעס. פלוצים, אין מיטען וועג, געהענדיג, דערזעהט זי, ווי א סאלדאט טראגט א ווייסען האהן אונטער'ן שיניעל און קוקט זיך עפיס אלע מינוט ארום אויף אלע זייטען. דער מאדאם איז איינגעפאלען אין קאפ אריין א פרעג טהון דעם סאלדאט, עס קאן זיין אויף קאטאוועס:

— טשטא טעביע זא פיעטוחא?

— דוואַרצאַט פּיאַט קאַפּעיעק סערעבראַמ'ס !

— וואַזמי דוואַרצאַט ! — האָט איהם די דאַמע אויף געלעכ־טער געענטפערט און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע'לע און האָט דערווייל געחאַפּט אַ קוק אויפ'ן האָהן.

— פּאַזשאַליטע דיענעך'ס ! — האָט איהר דער יון געענטפערט אויף איין אמת. די דאַמע האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט זיך פערקערעוועט צוריק אַהיים מיט'ן סאָלדאַט און מיט'ן האָהן.

ערשט צום דריטען אַקט, אַז איך האָב אַ קוק געטהאָן דורך מיין בינאָקל אַרויף, האָב איך דערזעהען, ווי מיין דאַמע פונ'ם האָהן איז אַריינגעקומען אין טהעאַטער אַריין און דאָס פּנים האָט איהר צוויי מאָל אַזוי פיעל געשיינט, ווי פריהער.

געקומען אַהיים פון טהעאַטער, האָב איך זיך דערמאַנט, אַז מאָרגען איז ערב יום־כּפּור און מע דאַרף אַ ווייסען האָהן אויף כּפּרות...

„גליקליכער מאַן ! — האָב איך זיך געטראַכט. — דו האָסט דאָס געטרייעסטע ווייב אויף דער וועלט !“...

---

## דאָס זעכסטע קאַפּיטעל.

רעוועקאַ, איהר געשיכטע אין קורצען, און אַסיפ זעמעל מיט זיינע ירושות.

אַז די פאַמיליע זעמעל איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, איז די מאַדאַם רעוועקאַ זעמעל אַרויפגעפאַלען דער שטיפמאַמע און דער שוועגערין אויפ'ן האַלז אַהן ווערטער, און פון זיי איז זי מיט דעם אָנטהון מיט אַלעמען אוועקגעפלויגען צום קראַנקען פאָטער אין קאַבינעט אַריין, און דער מאַן איהרער מיט די קינדער, מיט דער שוויגער און מיט דער שוועגערין זענען געבליבען דאָ. פאַר וואָס דער הערר אָסיפ זעמעל איז אויך ניט אַריינגעגאַנגען באַלד מבקר־חולה זיין דעם שוועהר — וועלען מיר גיך געוואָהר ווערען ; און דערווייל וועלען מיר זיך בענוצען מיט דער דאָזיגער געלעגענהייט צו בעקענען זיך מיט דעם הערר זעמעל.

ער איז אַלט אַכט און צוואַנציג יאָהר, און מע קאָן בשום אופן ניט וויסען, צי איז ער אַ שענער, צי אַ מיאוסער יונגערמאַן, ווייל די אויגען זענען פערשטעלט מיט אשקאָלירענע ברילען, די האָר מיט דער גערױזירטער באָרד זענען אָפּגעפּאַרבט, אָנגעפּאָמאַדעט און לאָזען פון זיך אַ שרעקליכען אַראָמאַט. דער קאָלנער פון העמ־דעל איז אזוי אָנגעקראָכמאַלעט, אז דער העררר זעמעל קאָן זיך קיין ריהר ניט טהון מיט'ן קאָפּ און מוז זיך דרעהען מיט'ן גאַנצען קאָרפּוס פון זיין דינעם, לאַנגען שטאַלט. אויף זיין קלאָר־ווייסען קאַמזויל הענגען עטליכע קייטעלעך מיט מעדאַליאָנען, און אויף דריי פינגער — פיער פערשיעדענע פינגערלעך מיט אַ גרויסען סיגנעט, און די שטיוועל סקריפּען ביי איהם אויף אַזאַ קול, אז מע דאַרף אָפּטרעטען די שטוב. אונזער זעלטענער פּאַרשוין אָסיפּ זיצט ניט איין אויף איין אָרט, און אפילו ווען ער רעדט מיט עמיצען, האָט ער אויך ליעב אַרומשפּאַנען אהין און צוריק און קוועטשען די סקריפּקעס פון די שרייענדיגע שטיוועל. האַלטענדיג די הענד אין די קעשענים. מיר האָבען שיער ניט פערגעסען בע־מערקען, אז אין דעם טייערען האַלזטוך ביי איהם שטעקט אַ גיל־דענע שפּילקע מיט אַ קעפּעל פון אַ חזיר, מיט זעהר שענע אָפּגע־אַרבייטע חזיר'שע אויהערלעך, און אויפ'ן קליינעם פינגער פון דער לינקער האַנד איז ביי איהם אַ לאַנגער, גאַנץ לאַנגער נאָגעל.

— וואָס זשע מאַכט איהר עפּיס, סאָפיא אבראַמאָוונא? — האָט זיך אָסיפּ געווענדט צו זיין געעהרטער שוועגערין און האָט זיך צוגעזעצט צו איהר; מרים־חיה איז אוועקגעגאַנגען מיט די קינדער אין זאַל אריין. — שוין אַ לאַנגע צייט האָבען מיר זיך ניט געזעהען!

— יאָ, אָסיפּ מאָיסיעוויטש, — האָט סאָני געענטפערט, בע־טראַכטענדיג דעם געשעצטען שוואָגער, — שוין גאַנץ לאַנג! אַ סך וואָסערען זענען אָפּגעלאָפען פון יענער צייט. געגוג צרות האָבען מיר איבערגעטראָגען! ווי געהט דאָס עפּיס אייך אין אייערע גע־שעפטען? דער שוועהר האָט אונז אַמאָל געשריבען, אז דאָס גליק

זאָגט אייך פשוט נאָך. איך ווייס ניט, ווי אזוי הײנט? מע זאָגט עפּיס, אז אייערע שותפים האָבן אייך ניט שען באַהאַנדעלט, אזוי ווי אונז... דער געוויסער מערדער פּייפּערמאַן...

— אָ, סאָפיא אבראַמאָווּנאַ! — האָט איהר אָסיפּ געענטפערט און האָט זיך אויפגעחאַפּט פון׳ם בענקעל, ווי איין אָפּגעבריהטער, און האָט אָנגעהויבען אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב, סקריפּענדיג מיט די טייערע שטיוועל. — אָ, איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר א שווינדלער עס איז דאָ אויף דער וועלט! זיי האָבען מיך גע־וואָלט אומגליקליך מאַכען אויף טויזענדער, אויף הונדערט טוי־זענדער, אויף מיליאָנען! טשעסטנאָיע סלאָווא! נאָר איך האָב זיך יאַקאָש אויסגעדרעהט פון זייערע הענט און האָב מציל געווען א גרויסען קאַפּיטאַל. און הגם דאָס געשעפט האָט זיך צוגעשטעלט אויף א קליינער צייט, פון דעסטוועגען שלאָף איך ניט און וועל מיט גאָט׳ס הילף אויספיהרען מיינס. איך רעכען, אז היינטיגס יאָהר זאָל מיר אומקעהרען דאָס, וואָס מיינע שותפים האָבען ביי מיר צוגענומען... א חוץ האָט ביי מיר דאָס הויז, וואָס איך האָב געקויפט, צוגענומען גוטע פּופציג טויזענד רובעל... דער גאָרטען אליין קאָסט מיך א קאָסע געלט... דער גערטנער נעמט ביי מיר ת״ק קערבלעך א יאָהר. היינט וואו איז דער עקיפּאַזש מיט די פערד? וואו איז זייטיגע הוצאות? וואָס מיך קאָסט אָפּ א יאָהר אונטערהאַלטען קרובים און פרעמדע, וואָלט מען זיך, איך ווייס?... טשעסטנאָיע סלאָווא!

— נו, אין קאָרטען שפּיעלט איהר היינט אויך? — האָט איהם סאָני געפרעגט מיט א זיס שמייכעלע אויף די ליפּען.

— חס ושלום! — האָט איהר אָסיפּ געענטפערט מיט א גע־פיהל פון א מענשען, וועלכען מע בעלעדיגט אומזיסט. — לאָז מיך גאָט היטען! סיידען אמאָל אין א פרייהער צייט, אין א לאַנגער ווינטער־נאַכט, אז סע איז ניטאָ וואָס צו טהון, זעצט מען זיך אמאָל צום „גרינעם טישעל“. אי דאָס, דאַרפט איהר געדענקען, אז איך פאַרשפּיעל קיין מאָל ניט; פאַרקעהרט, איך געווין שטענדיג,

טשעסטנאָיע סלאָוואָ! (דאָ האָט זיך אָסיפּ צוגעשטעלט און האָט זיך צעלאַכט, בעוויזען זיינע שווארצע ציינער). אָט דאָ ניט לאַנג געפאָהרען פון אדעס, האָב איך זיך בעקענט מיט אַ יונגענמאַן אין וואַגאָן ערשטער קלאַס. ער פרעגט מיך, ווער איך בין? זאָג איך איהם: דער און דער. זאָגט ער מיר: אזוי? קען איך דאָך אייך! פרעג איך איהם: ווי ארום? ענטפערט ער מיר: מיין פאָטער האָט ביי אייך פאַראַיאָהרען געהאַנדעלט ווייץ אויף הונדערט טויזענד רובעל. ווער זשע איז אייער פאָטער? — פרעג איך איהם. האָט ער אָנגערופען זיין נאָמען. בקיצור, אהין — אהער, מיר האָבען זיך געזעצט שפּילען, און ביז קיעוו האָט ער מיר אנידערגעלעגט פופצעהן טויזענד רובעל און איז געוועזען טוידט ווי די וואַנט, און איך האָב איהם נאָך געמוזט לייהען אויף הוצאות אַ פופציגער, חאַ־חאַ־חאַ! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!...

ביי די לעצטע ווערטער איז רעוועקאַ אריינגעקומען צוריק פונ׳ם פאָטער׳ס קאַבינעט און האָט זיך ווייטער ארומגעהאַפּט קושען מיט סאָני׳ן לאַנג־לאַנג, ווי צוויי געטרייע שוועסטער, וואָס האָבען זיך שוין פון צעהן יאָהר ניט געזעהן, און דער גוטער גאָט האָט זיי געבענשט, אז זיי קאָנען זיך ווידער זעהן און, קושענדיג און האַלזענדיג, קאָנען זיי אויסגיסען זייערע הערצער... אך! אין דעם דאָזיגען מאָמענט האָבען אונזערע צוויי געעהרטע דאַמען גאָר פערגעסען, אז בשעת זיי זענען געוועזען אויף קעסט, האָבען זיי זיך געריסען, ווי די קעץ, און זענען געוועזען אַ גאַנץ יאָהר ברוגז דערפאַר, וואָס רעוועקאַ האָט געזאָגט אויף סאָני׳ן, אז זי האָט ביי איהר אוועקגע׳גנב׳עט אַ נאָזטיכעל, און סאָני האָט איהר אויסגעוואָרפען דעם מאַן דעם „קארטיאָזשניק“. עס קאָן זעהר זיין, אז אין דער דאָזיגער מינוט האָבען זיי זיך מיט׳ן גאַנצען הארצען מוחל געווען, וואָס זיי האָבען זיך אמאָל געקריגט, געזידעלט, געיאָגט, און אזעלכע צוויי גוטע פריינד, ווי אונזערע געשעצטע דאַמען, רעוועקאַ און סאָני, אין דער מינוט, זענען אויף דער גאַנצער וועלט גאָר ניט געווען. עס איז שווער געוועזען צו חאַפּען אלץ, וואָס זיי האָבען גע־

רעדט; ווי די פויגעלעך, האָבען זיי געשטשעבעטשעט, און האָבען „אנטפלעקט“ און פערגלויבט איינע פאַר דער אנדערער אַזעלכע זאכען, וואָס פאַר זייערע געטרייע מאַנען וואָלטען זיי דאָס געווים ניט געטרויעט! סע איז נאָר אַ תענוג צו זיצען פון דער ווייטענס און קוקען אויף אַזאַ שענער קאַרטינע, וואו שענהייט, גראַציע, אויפ־ריכטיגקייט און אומשולדיגקייט ווערען צענויפגעגאָסען אינאיינעם, און איהר קוקט דערויף מיט פערגעניגען און מיט קנאה אינאיינעם...

ערשט אין אַ האַלבע שעה אַרום איז רעוועקאַ אויפגעשטאַנען, האָט אָוועקגערופען אָסיפ׳ען אויף אַ זייט און האָט איהם געזאָגט אויפ׳ן אויהער:

— געה נאָר אריין צום טאַטען, אָסיפ; נאָר זעה האַלט צונג, וואָרום ער קען דיך שוין, — גלויב מיר! טאָמער וועט ער דיך זידלען, שווייג איהם אָפּ היינטיגס מאָל, בכדי זאָלסט קיין חרטה ניט האָבען. געדענק זשע!

אָסיפ האָט זיך בלומרשט צעלאַכט, און רעוועקאַ האָט איהם געזאָגט אויף אַ קול:

— געה, אָסיפ, דער פּאַפּאַשאַ וויל זיך מיט דיר זעהן! — און אָסיפ האָט מיט אַ פערריסענעם קאָפּ און סקריפּענדיג מיט די שטי־וועל אָוועקגעשפּאַנט ווייטער.

ווי אַזוי סענדער בלאַנק האָט איהם צוגענומען און וואָס זיי האָ־בען גערעדט — ווייסט נאָר איין פרויקע, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער דער טיר און האָט זיך צוגעהערט צום שמועס פון דעם געשעצטען שוועהר מיט זיין געעהרטען איידעם אָסיפ זע־מעל.

אונזערע לעזער זענען אומזיסט אין כעס אויף דעם פאַלשען משרת, וואָס האָט אַ העזה צו אונטערהערען זיך, וואָס די פּרינצי־פּאַלען רעדען צווישען זיך. איהר דאַרפט מוחל זיין דעם עלענדען משרת, וואָס איז ניט מעהר ווי אַ פערקויפטער מענש, איין „אומ־גליקליכער קנעכט“, וואָס מוז יעדען פאָלגען: — איהם האָט גע־שיקט אונזער געעהרטעסטע דאַמע סאָפיאַ אַבראַמאָוונאַ, ער זאָל

זיך אונטערהערען, וואָס זיי רעדען דאָרט, און דערפאַר וועט ער בעקומען אין יד אריין וויפיעל ער האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט...

שפעטער מיט עטליכע שעה האָט שוין בליומקע (פרויקע'ס כלה) אויך געוואוסט, אז רב סענדער האָט קראַנקערהייד געזידעלט דעם איידעם, ווי א הונד, און אָסיפ האָט איהם דאָס אַנדערע וואָרט ניט געענטפערט און איז די גאַנצע צייט געשטאַנען, ווי א גולם מיט גלעזערנע אויגען, און נאָך א סך אינטערעסאַנטע זאכען האָט פרוי־קע דערצעהלט זיין געליעבטער כלה, פערבייסענדיג מיט שטיקער טאָרט פון דער קעשעני, מיט ניס און מיט נאָך גוטע זאכען.

לאָזען מיינע לעזער ניט מיינען, אז אונזער אָסיפ האָט קיין שכל ניט געהאַט ענטפערען דעם שוועהר צוריק. אָדער ער האָט אויף איהם געלעגט כבוד; אָבער גאָר לא! אָסיפ האָט געקאָנט פער־רעדען צעהן מענשען מיט א מאָל. און וועגען אָפּגעבען כבוד איז אויך א ספק. ווארום סע איז געוועזען א צייט, ווען אָסיפ איז געזע־סען ביי'ם שוועהר אויף קעסט און האָט געהאַט א סך געלד, האָט, פערקעהרט, דער שוועהר איהם אָפּגעגעבען כבוד. און ווער שמועסט, אז אָסיפ מיט רעוועקאַ'ן זענען אראָפּ פון קעסט, און סענדער האָט דערהערט, אז זיין איידעם מאַכט אזעלכע גרויסע, גליקליכע געשעפטען, איז ער געווען צופריעדען גאָר אויף איין אַנדערען אופן; ער פלעגט זיי שיקען גאַנץ אָפטע בריעף און שענקען רעוועקאַ'ן אמאָל די שענסטע מתנה, און אויף אָסיפ'ען האָט ער געזאָגט, אז איהם פּאַסט צו זיין א גרויסער גביר, אז ער האָט א פּנים פון א „מיליאָנשטשיק".

די ערשטע שפעקולאַציע, וואָס אָסיפ האָט זיך צו איהר גענו־מען, איז געוועזען דער האַנדעל פון ברויט, ווען עס האָט גראָד גע־גאָלטען, — האָט ער, געוועהנליך, פערדיענט א סך געלד; נאָר זאָ־גען האָט ער זיך ערלויבט צוויי מאָל אזוי פיעל, און אזוי איז ער אויסגעוואַכסען געוואָרען ביי יעדען אין די אויגען. דער מסחר פון ברויט האָט געפלאַמט, און אָסיפ האָט נאָך מעהר געפלאַמט און האָט איינגעקויפט א היבשען טראַנספּאָרט ווייץ אויף א יאָהר און

אויף צוויי יאָהר; ווייץ איז געפאַלען, נאָר אָסיפּ איז ביי זיך ניט געפאַלען: ער האָט אָפּגעשאָטען דאָס ברויט אין די שפּייכלערס און האָט דאָס געהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז האַלב איז כּפּרה געוואָרען, און די אַנדערע האַלב האָט ער נעבאַך געמוזט פערקויפען פאַר האַלב געלד. אַז סענדער איז געוואָהר געוואָרען פון אַזאַ מעשה, האָט ער איהם אָריינגעשריבען אַ בריוועל, פול מיט שטעכווערטלעך, אַז ניט אַזוי האַנדעלט מען: מע דאַרף קאָנען טרעפען אַ צייט, מע דאַרף זיין געהיט, מע דאַרף ניט לאָזען קריכען ווייט. אָסיפּ האָט איהם אָפּגעענטפערט, אַז אַזוי האַנדלען, ווי ער, אָסיפּ, האַנדעלט, קאָן קיינער ניט, און סע וואונדערט איהם, אַז אַזאַ מענש, ווי זיין שוועהר, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָנגעקוקט קיין פּוד ווייץ, לעהרענט איהם, אָסיפּ'ען, ווי אַזוי צו האַנדלען... דעם ראָזיגען ענטפער האָט סענדער צעריסען און איז געווען ברוגז אַ קליינע צייט, ביז ער האָט פּלוצים מקבל געווען אַ דעפּעש פון רעוועקאַ'ן, אַז אָסיפּ'ס באָבע, אַ רייכע אַלמנה, איז געשטאָרבען און האָט איהם אָפּגעשרי־בען הונדערט זעכציג טויזענד רובעל. סענדער איז אויפגעמונ־טערט געוואָרען און האָט אַוועקגעשיקט אַזאַ מין בריעף צו די קינ־דער:

„לכבוד חתני הגביר המפורסם החכם המשכיל היקר ומהולל מוהר"ר יוסף נ"י הער זעמעל.

ולכבוד בתי הגבירה המפורסמת החכמה המשכלת היקרה המהוללה מרת רבקה שתחי' עכב"ב. מיט פיעל עגמת־נפש האָב איך איבערגעלייענט אייער טעלעגראַמע, און סע טהוט מיר הערצ־ליך לייד, וואָס דיין געריהמטע באָבע, מיין הויכגעשעצטע מחותנת־טע, איז נאָך נאָר יונג פון דער וועלט געגאַנגען. תנצב"ה! נאָר וואָס קאָן אַ מענש העלפען מיט זיין וויינען און טרויערען, מסתמא הייסט גאָט אַזוי, און דיין געטרייהע באָבע וועסט דו שוין ניט לעבעדיג מאַכען; לאָז זי האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן, און איהר זענט נאָך יונגע קינדער און דאַרפט נאָך לעבען אויף דער וועלט. לכן, חתני היקר ובתי היקרה, נעמט זיך ניט צום האַרצען און פער־

נעסט, און לאָז נאָט געבען, מיר זאָלען שוין מעהר פון קיין צער ניט וויסען מיט דעם כלל ישראל, און קיין יונגערע זאָלען ניט שטארבען — אָמן! מיין דעה איז, קינדער, אז דאָס געלד זאָל לעת־עתה ליגען אין באנק, ביז גאָט וועט העלפען, איהר וועט זיך ארומ־קוקען און סע וועט זיך אייך מאכען עפּיס א רעכט געשעפט. איך רעכען, אז דאָס פּריצענט פון אזא קאפּיטאל דארף אייך טראָגען צום לעבען, ובפרט איהר ווייסט, אז איך האָרעווע אויך פון אייערט־וועגען און וועל מיין געלד אין קבר אריין ניט מיטנעמען, און א מענש לעבט ניט אייביג... בלייבט אייך געזונד און פיעל גליקליך, און איך זאָל האָבען פון אייך א גרעסערען נחת, ווי פון מיין זוהן חיים נעבאך, וואָס האָט מיך ניט געוואָלט פאָלגען... גריסט אייער טהייער ליעב קינד גאָר פריינדליך.

פון מיר אייער געטרייער פאָטער

ס ע נ ד ע ר ב ל א נ ק.

גם זוגתי מרת מרים־חיה גריסט אייך אלע הערצליך.

ס ע נ ד ע ר ה נ "ל".

דאָס דאָזיגע בריוועל איז געוועזען ביי אָסיפּ'ען שטארק אָנגע־לעגט: ער האָט נאָך קיינמאל ניט געזעהען, אז זיין שוועהר זאָל איהם שרייבען: „הגביר המפורסם החכם המשכיל". האָט ער איהם צוריק אָפּגעענטפערט, דוקא אויף העברעאיש, א מליצה־בריעף מיט זעהר א סך גרייזען, און פון דעמאָלט אָן זענען זיי געוואָרען שלום אויף א היבשע צייט, ביז וואנען אונזער פיינער אָסיפּ זעמעל האָט אָנגעוואָרען דאָס געלד, און ביז וואנען ער האָט דאָס ניט גע'פּטר'ט איינגאנצען, האָט ער זיך ניט בערוהיגט. און אז ער האָט דאָס גע'־פּטר'ט, איז איהם געוואָרען גרינגער אויף דער נשמה און ער איז פון דעסטוועגען ביי זיך ניט אראָפּגעפאלען דאמיט; אונזער דאָ־זיגער פיינער העלד איז געבאָרען געוואָרען אונטער אזא גליקליכען שטערן, אז כמעט זיין גאנצען לעבען האָט ער גענומען איין ירושה נאָך דער אנדערער, און ביז ער האָט צעטראַנזשירט איין ירושה,

איז איהם שוין אונטערגעשפּרונגען אַ נייע ירושה; דאָס פון אַ באבע, דאָס פון אַ פעטער, דאָס פון אַ מוהמע! און איך מיט אייך, ליעבער לעזער, האָבען גאָר קיין זכיה ניט ביי גאָט צו האָבען אזעלכע באבעס, פעטערס מיט מוהמעס, וואָס זאָלען אונז אויך דערמאַנען פאר'ן טוידט צו גוטען... ניין! איך מיט אייך האָבען אַנדערע גליקען: איין אָרעמע פּלימעניצע חתונה מאַכען... אונטערהאַלטען אַ געפאַלענעם „שני שבשלישי"... צענויפלעגען זיך אויף אַ „נשרף" נעבאַך פונ'ם ווייב'ס צד, אָדער פיהרען צום פּריזיוו אַ גליעד־גליעד־שוועסטער־קינד, עפּיס אַ שלים־מזל, אַ דער רוח ווייסט וואָס!... ניטאָ וואָס צו רעדען, לעזער! מע דאַרף צומאַכען די אויגען און מע מוז שווייגען.

* * * * * * * * * * * * * * * *

מע קאָן ניט זאָגען, אז רעוועקאַ האָט תמיד געלעבט גוט און פיין מיט איהר מאַן. אמת, אז רעוועקאַ איז אַ כלה געוואָרען פאר אַסיפּ'ען, איז זי געווען כמעט איינגעליעבט אין איהר שענעם, רייכען חתן. רעוועקאַ איז נאָך געווען אַ קינד פון פופצעהן יאָהר, דאָך האָט זי פערשטאַנען, אז עס ערוואַרטעט זי אַ גרויס גליק; דאָס האָט געזאָגט די גאַנצע שטאָדט, און ס'איז ניט געווען קיין ליגען: מ ש ה ז ע מ ע ל איז געווען אַ גרויסער גביר, און די מתנות, וואָס ער האָט איבערגעשיקט דער כלה, זענען טאַקי געווען גרויסאַרטיג, און די בריעף, וואָס דער חתן האָט איהר געשיקט אַ יאָהר כסדר, זענען געווען אַזוי שען, מיט אַזאַ פייער געשריבען, אז די יונגע, שענע, געזונדע רעוועקאַ, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסען בעגריעף אין די שענסטע ראָמאַנען אויף דער וועלט, האָט זיך, ניט ווילענדיג, איינגעליעבט אין איהר חתן, וואָס איז שוין דענסטמאָל אַלט געווען צוואַנציג יאָהר. ניט איין נאַכט פלעגט די פערליעבטע רעוועקאַ אויסלינגען אויפ'ן בעטעל מיט טרערען אויף די אויגען און איהר פאַנטאַזיע האָט איהר פאָרגעשטעלט איהר חתן, אַסיפּ זעמעל, פאר אַזאַ שענעם העלד, פאר אַזאַ גרויסאַרטיגען, הויכען, קלוגען מאַנס־

פארשוין, אז יעדער טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט האָט זיך געצווי־
גען ביי איהר אין די אויגען אזוי לאַנג, אזוי לאַנג!... אמת, זי האָט
זיך אַ מאָל דריי געזעהען מיט איהר חתן, האָט ער ביי איהר אויס־
געוויזען נים אזוי, ווי די פאנטאזיע האָט איהר געמאָהלט. רע־
ווועקאַ האָט פון איהם קיין גרויס קלוגשאפט, שענקייט און בילדונג
נים ארויסגעזעהען. פערקעהרט, זי האָט בעמערקט אין איהם איי־
ניגע קליינינקייטען און נידעריגע תנועה׳לעך, און אָפטמאָל געהאפט
אין אַ ליגען. דאָך האָט זי געדעכענט, אז דאָס איז דערפאר, ווייל
ער איז אַ געבאלעוועטער, אַ ציטעריגער און אויף ראָסקאָש אויפגע־
צויגען, און אז אָסיפּ פלעגט אוועקפאָהרען און ווייטער שיקען זיינע
הייסע, פייעריגע בריוולעך, פלעגט זי ווידער אָנהויבען פאנטאזי־
רען, אזוי אז דער אמת׳ער אָסיפּ איז ארויסגעפלויגען פון איהרע
געדאנקען, און אויף זיין אָרט איז אויסגעוואכסען ווייטער אַ גרוי־
סער, אַ שענער, אַ גוטער, אַ טייערער אָסיפּ, אַווירקליכער העלד!

מיט גרויס ציטערניש האָט רעוועקאַ געצעהלט די טעג צו דער
חתונה, און דאָ האָט מען גענייהט אויף איהר די טייערסטע און
שענסטע מלבושים אויף דער וועלט: אונזער הויכגעשעצטער סענ־
דער בלאַנק האָט זיך צעבייטעלט, בכדי ער זאָל חלילה נים פער־
שעמט ווערען פאר אזא מחותן, ווי משה זעמעל. אָט נאָך אַ חודש,
נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי טאָג, נאָך אַ טאָג, נאָך אַ נאכט, נאָך אַ
שעה, נאָך אַ מינוט — דער חתן איז שוין דאָ!... די חתונה... די
כלי־זמר... דער באַל... די טענץ... דאָס ווייסע קלייד... די חברתהס...
די חופּה־וועטשערע... דאָס געזעגענען זיך... אוים חתונה...

דער ערשטער חודש, דער „האָניג־חודש“, ווי מע רופט דאָס,
דאָס איז דער פריהלינג ביי דעם יונגען פּאָרפאָלק. די גאַנצע וועלט
איז בעשאפען געוואָרען פון זייער כבוד וועגען, זיי צו פריילינך מא־
כען; און אפילו אָט דער וואסער־פיהרער, וואָס האָט געלאָזט אין
דער היים אַ קראַנק ווייב מיט הונגעריגע קינדער, בעקומט ביי זיי
אין די אויגען עפּיס אויך אַ מין חן, און דער בעטלער, וואָס שטעהט
מיט אַ הוילען קאָפּ, אָנגעלעהנט אויפ׳ן שטעקען, מיט איין אויס־

געשטרעקטער האַנד — אַך, ווי שען דאָס איז!... אַך, עס זאָל זיך ציהען אייביג אזוי!...

ניטאַ, ניטאַ קיין אייביגע זאַך אונטער'ן הימעל! דער פריה־לינג געהט אוועק, דער „האָניג־חודש" געהט אוועק, — אַלץ געהט אוועק! רעוועקאַ האָט פינף וואָכען נאָך דער חתונה בעמערקט איהר געליעבטען אָסיפ'ען, אַז ער געהט, קוועטשט ער אויף די סקריפּקעס, בכדי זיי זאָלען שרייען, און סע זשומעט איהר פשוט אין די אויהערען, און סע דרעהט זיך איהר דער קאָפּ... אָסיפּ האָט איהר געענטפערט, אַז סע ווייזט זיך איהר אוים, אַז סע איז ניט מעהר ווי אַ נאַרישער קאַפּריז, טשעסטנאָיע סלאָווא!... רעוועקאַ האָט איהם געענטפערט, אַז זי ווייסט ניט, ווער איז צווישען זיי דער נאַר און ווער איז דער קלוגער. אָסיפּ איז אָנגעצונדען געוואָרען און האָט איהר מיט כעס געענטפערט, אַז אַזעלכע קלוגע, ווי זי, האָט ער געזעהען, אַז שטעכווערטלעך האָט ער פיינט, אַז דאָס, וואָס זי ווייסט, האָט ער שוין לאַנג פערגעסען, טשעסטנאָיע סלאָווא!... רעוועקאַ איז שוין אויך בייז געוואָרען און האָט איהם געזאָגט, אַז זי פערשטעהט ניט, אין וואָס ליגט זיין חכמה מיט זיינע קענטעניַ־שען, אַז זי האָט זיך מעהר אָנגעלייענט פון איהם, אַז עס איז קיין מלאכה ניט זיין אַ פּוסטער גדלן מיט אַ שענעם, גלאַטען העמד און מיט אַ לעדיגען קאָפּ... אָסיפּ איז שוין אונטערגעשפּרונגען פאַר הארצוועהטיג און האָט איהר אויסגעוואָרפען איהר פאָטער דעם גראָבען יונגאַטש, וואָס פערמאָגט ניט דאָס מיסט, וואָס וואַלגערט זיך ביי זיין פאָטער אויפ'ן הויף, טשעסטנאָיע סלאָווא!... רעוועַ־קאַ'ן האָט דאָס שטאַרק פערדראָסען, האָט זי איהם געזאָגט: אויב עס שטעהט איהם ניט אָן צו זיין ביי איין אָרעמען שוועהר, קאָן ער זיך פאָהרען געזונדערהייד צו זיינע רייכע עלטערען אפילו היינטי־גען טאָג, און זי, רעוועקאַ, וועט איהם כלל ניט נאָכלויפען... אָסיפּ האָט מיט גרויס קוראַזש אָנגעהויבען אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב, מיט די הענד אין די קעשענים און מיט גרויס גדלות; ער וועט טאַקי אוועקפאָהרען צו זיינע פיינע עלטערען, סע אַהרט איהם ניט,

אז רעוועקאַ וועט איהם ניט נאָכלויפען; אַזעלכע פיינע בריות, ווי זי, האָט ער שוין געזעהען אַ סך, און דוקא שענערע, קליגערע און מעהר געבילדעט פון איהר, טשעסטנאָיע סלאָווא!... דאָס האָט שוין רעוועקאַ ניט געקאָנט איבערטראָגען און האָט זיך בעגאָסען מיט טרערען און האָט, ווי אַ צעמישטע, געשריגען אויף אַ קול:

— וואָן, וואָן, שאַרלאַטאַן! וואָן פון מיינע אויגען! איך קאָן דיך ניט אָנקוקען! וואָן!!!

נישט מעהר ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום איז שוין אונזער העלד אָסיפּ געשטאַנען פאַר זיין טייערער רעוועקאַ׳ן אויף די קניעס, זי געבעטען מחילה, אַז ער איז שולדיג, אַז ער האָט געזינדיגט פאַר זיין טייערער, טייערער רעוועקאַ, אַז ער איז ניט ווערטה איהרע טריט, איהר מינדסט פינגערל, איהר נאָזטיכעל, אַז ער מעג זיין די כפרה פאַר איהרע שענע ליכטיגע אויגען, אַז ער מעג אַ מיתה־משונה איינגעמען פאַר איהר איין שמייכעלע, אַז וואָס ער האָט גערעדט האָט ער געבילט, טשעסטנאָיע סלאָווא!...

אַזעלכע און אַנדערע סצענעס זענען געווען עפּטער און עפּטער, ביז אָסיפּ האָט געמוזט מאַכען פּליטה צום פאָטער אויף אַ דריי חדשים, און חאָטש ער האָט זיך אַמאָל געשוואָרען, אַז צוויי שעה אפילו קאָן ער אָהן רעוועקאַ׳ן ניט לעבען, פון דעסטוועגען האָט דאָס איהם חלילה נים געשאַדט און ער האָט דאָס, דאַנקען גאָט, אויסגע־האַלטען און איז נים געשטאָרבען. פערקעהרט, מע זאָגט, אַז ער האָט זיך נאָך אַביסעל פעררעכט דאָרט אין זיין שטאָדט, צווישען זיינע אַלטע בעקאַנטע, און שלעכטע מענשען, שונאים, האָבען אונ־טערגערעדט, אַז ער שרכנ׳ט זיך יאַק־בי צו זיינער אַ קוזינע, זעהר אַ שען פריילין, וואָס וואַרט נאָר ביז אָסיפּ וועט זיך גט׳ען מיט רעוועקאַ׳ן (אָ, בייזע מיילער!)... די דאָזיגע רכילות׳ען האָבען גע־גרויכט צו דער וויסטער ענונה — רעוועקאַ בלאַנק, אָדער רעוועקאַ זעמעל, — וואָס עס האָט זי גענוג געקרענקט און פערשאַפט גענוג שמערצען, צי פאַר גרויס ליעבשאַפט, צי פאַר שנאה — ווען קאָן דאָס וויסען?... גאָט ווייסט, וואָס וואָלט דערפון אַרויס, ווען עס

וואָלט ניט אָנגעקומען אזא מין דעפּעשע צו דער מאַדאַם רעוועקאַ זעמעל:

,,Передать Ревеккѣ, скончался папенька, оставилъ 300,000. Сердечно сокрушенъ. Пріѣзжай. Осипъ Земель.''.

אויף אידיש הייסט דאָס:

„איבערגעבען רעוועקאַ'ן, געשטאָרבען מיין פּאָטער. געלאָזט דריי הונדערט טויזענד. הערצליך דערשלאָגען. קום צו פאָהרען. אָסיפּ זעמעל".

אונזער געריהמטער סענדער בלאַנק האָט געהאַלטען סאַמע אין מיטען מיטאָג, ווען עס איז אָנגעקומען די דאָזיגע טעלעגראַמע; פון דעסטוועגען איז דער פאָטער אוועקגענאַנגען מיט דער טאָכטער אין קאַבינעט אריין, און זיי האָבען זיך דאָרט פערזאַמט אַקעגען אַ האַלבער שעה. און אַז זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, איז רעוועקאַ געווען פערוויינט... פאַר קיין געלד וואָלט רעוועקאַ ניט געפאָהרען צום מאַן! נאָר ווער ווייסט ניט, אַז די פרויען זענען ווייכהערציג און האָבען רחמנות אויף אונז, מאַנספּאַרשוינען, אפילו ווען מיר טהוען זיי שלעכטס?... אָסיפּ איז נעבאך געבליבען אַ יתום און איז נעבאך דאָרט איינער אַליין ביי אזא צופאַל, ביי אזא שווערען נסיון!... רעוועקאַ האָט זיך זעהר שען אָנגעטהאָן, און פונ'ם וויי־נען האָבען איהר געפלאַמט די בעקלעך. פערבייגעהענדיג אין זאַל, האָט זי דערזעהען איהר שטאַלט אין שפּיעגעל, און זי האָט בשום אופן ניט געקאָנט ניט אָפּשטעלען זיך אַקעגען שפּיעגעל און בע־טראַכטען זיך אַביסעל. אויף איהר שען מיילכעל האָט זיך בעוויזען אַ שמייכעל, ווי איינער רעדט: „קיין מעשה ניט?"... שפּעטער, אַז רעוועקאַ איז געזעסען אין וואַגאָן, און דער קוריער־צוג האָט זי געטראָגען אהין, אהין, צו איהר געליעבטען מאַן, צו איהר עלענ־דען אָסיפּ'ען, האָט זיך איהר געטראָפען אַ צופאַל, וואָס מיר קאָנען ניט פערדעקען פון אונזערע לעזער און מוזען איהם אין קורצען דער־צעהלען.

אריינגעקומען אין וואגאָן אריין, האָט רעוועקאַ אָנגעהויבען זיך זוכען אַ רעכטען אָרט און איז אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען אהין און צוריק איבער'ן וואגאָן; ענדליך האָט זי זיך געפונען איין אָרט ביי'ם פענסטער — אַקעגען אַ יונגענמאַן, וואָס איז געווען פער־טיעפט אין אַ בוך. דער צוג איז שוין לאַנג אָפּגעפאָהרען, און דער יונגערמאַן האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען פונ'ם בוך. רעוועקאַ איז בטבע געווען אַ פריילַיכע און האָט פיינט געהאַט זיצען און שווייגען; דאָך האָט זי ניט געוואָלט די ערשטע פערבינדען אַ שמועס מיט איהר שכן, איהר Vis-à-vis. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן עלענבויגען אויפ'ן פענסטער און האָט זיך פערטראַכט. רע־וועקאַ איז געווען געטליך שען אין דער דאָזיגער מינוט. דער יונ־גערמאַן האָט פערמאַכט דאָס בוך און האָט זיך געקלויבען חאפּען אַ דרימעל; נאָר זיינע אויגען האָבען זיך, ניט ווילענדיג, אָפּגעשטעלט אויף רעוועקאַ'ן, אויף איהר קלאָר ווייס העלדזעל, וואָס איז געווען אינגאַנצען נאַקעט. דער יונגערמאַן איז וואַכענדיג גע־וואָרען און האָט פשוט אויפגעגעסען מיט די אויגען די יונגע שענע פרוי.

— איהר פאָהרט ווייט, מאַדמואַזעל?

רעוועקאַ האָט דערהערט דאָס וואָרט „מאַדמואַזעל", איז זי רויט געוואָרען און האָט נאָך שענער אויסגעזעהען ווי פריהער. זי האָט איהם געזאָגט, וואוהין זי פאָהרט, און צווישען זיי האָט זיך גיך פערבונדען אַ לאַנגער שמועס, פון וואָס רעוועקאַ איז געוואָהר געוואָרען, אַז דער יונגערמאַן איז אַ איד, אַ סטודענט, זעהר אַ פיינער, אַ קלוגער און אַ פריילַיכער יונגערמאַן. דער סטודענט האָט דערצעהלט טויזענדער אַנעקדאָטען, און רעוועקאַ האָט ערנסט, ערנסט געלאַכט, צום גרויסען פערגעניגען פונ'ם יונגענמאַן, וואָס האָט ליעב געהאַט זיין פריילַיך און אויך יענעם פריילַיך מאַכען. רעוועקאַ האָט אויך ניט געשוויגען און האָט, פון איהר זייט, אויך דערצעהלט עטליכע שענע מעשיות — און די יונגע מענשען האָבען שטאַרק־שטאַרק געלאַכט צוזאַמען. אויף די וואָקזאַלען זענען זיי

ביידע אַראָפּגעגאַנגען, גענעסען, געטרונקען, גענאַשט — אויך צו־
זאַמען. אויף איין וואַקזאַל האָט מען בעדאַרפט וואַרטען אויפ׳ן צוג
דריי שעה. אונזערע יונגע רייזענדער זענען אַרומגעגאַנגען — גע־
אַרעמט — אויף דער פּלאַטפאָרם, און דער סטודענט האָט געהאַל־
טען עפּיס זעהר אַ לאַנגע און אַ שענע רעדע. רעוועקאַ האָט דאָס
ערשטע מאָל דערהערט אַזעלכע זאַכען, וואָס זי האָט אין איהרע
בעסטע ראָמאַנען ניט געלייענט. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר איהרע
אויגען געעפענט, אַ שענע, אַ גרויסע, אַ ליכטיגע וועלט!... און די
זון האָט געשיינט, געקוקט פון אויבען. עס האָט אַלץ געבליהט,
געזונגען, געלעבט — עס איז געווען תחילת מאַי, איהר פער־
שטעהט?... רעוועקאַ האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען אויף דעם
יונגען סטודענט און האָט זיך בעגעגענט מיט זיינע גרויסע, שוואַר־
צע, פייערדיגע אויגען. זי האָט דערפיהלט, אַז זי איז רויט גע־
וואָרען, און אויפ׳ן האַרצען איז איהר געווען אַזוי גוט, אַזוי ליכ־
טיג, אַזוי וואַרעם, ווי אין דער נאַטור. דער קאָפּ האָט אויף איהר
ווי געברענט... רעוועקאַ האָט נאָך קיינמאָל אַזעלכעס ניט געפיהלט,
ווי אין דער דאָזיגער מינוט. זי געדענקט ניט, ווי אַרום איהר האַנד
איז געלעגען אין די גרויסע וואַרעמע הענד פונ׳ם יונגען סטודענט.
זי געדענקט ניט, וואָס ער האָט איהר אַזעלכעס געזאָגט. זי האָט
נאָך אַ מאָל זיך בעגעגענט מיט זיינע שענע אויגען און האָט פּלו־
צים אויסגעריסען איהר האַנד פון זיינע הענד און זי האָט זיך דער־
מאַנט, אַז אויף איהר קוקט־אַרויס איהר מאַן אָסיפּ, איהר עלענ־
דער אָסיפּ!... נאָך איין מינוט איז זי געשטאַנען און האָט געקוקט
אויף דעם יונגענמאַן, גלייכענדיג איהם מיט איהר אָסיפּ׳ען, זיי־
נע שענע אויגען מיט אָסיפּ׳ס קליינע רויטליכע אויגעלעך אונטער
די אשקאַלירענע ברילען, זיין ליכטיגען קלוגען פריילּיכען קאָפּ מיט
אָסיפּ׳ס שאָפּען־קעפּעל, וועלכעס איז לעדיג, ווי אַ מיאַטשיק, דעם
יונגענמאַנ׳ס גרויסאַרטיגע רעדע מיט אָסיפּ׳ס ליגינים... „אוועקט,
אוועקט, שלעכטע מחשבות! אוועקט, אוועקט, פאַלשע געדאַנקען!...
אהין, אהין דאַרף איך פאָהרען!... איך דאַרף, איך מוז, איך קאָן

ניט אנדערש!... ווער אנדערש? וואס אנדערש?... אהין! אהין!!!..." — האט רעוועקא געטראכט און האט זיך מיט א קלאַ־פּענדיג הארץ אפּגעזעגענט מיט'ן סטודענט.

אז רעוועקא איז געקומען וואוהין זי איז געפאהרען, האט זי נאך דורך דעם פענסטער דערזעהען אסיפ'ען שטעהן אויף דער פלאטפארם שטארק אויסגעפּוצט; און אין איהר קאפּ איז, ווי א ווי־כער, דורכגעפלויגען דער יונגער סטודענט, וואס זי האט זיך מיט איהם אפּגעזעגענט פריהער מיט צוויי שעה, און זי האט נאך ניט אוספּעיעט אפילו א קלער טהון, ווי עס געהער צו זיין, איז שוין אסיפ געוועזען מיט איהר אין וואגאן און האט זי געהאלזט און געקושט און גערעדט מיט היץ, מיט פייער. רעוועקא האט ניט געהערט גאר־ניט... נאר אין פאעטאן (אסיפ איז ארויסגעפאהרען מיט'ן פאטער'ס גרויסארטיגען עקיפאזש אקעגען רעוועקא'ן) האט זי זיך אנגע־שפּארט מיט איהר הייסען קאפּ אויף אסיפ'ס פלייצעס און האט זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד... אסיפ האט זי געטרייסט און איינגע־נומען, ווי ווייט ער האט געקאנט, און אזוי זענען זיי געקומען אהיים. די נייע שטאדט, דאס נייע הויז, נייע קענטשאפט, נייע קאמפּלימענטען מיט נייע געדאנקען האבען מיט געוואלד ארויסגע־טריבען פון רעוועקא'ס קאפּ דאס בילד פונ'ם יונגען סטודענט.

אין דער דאזיגער צייט זענען צווישען מאן און ווייב פארגע־קומען עטליכע מיאוסע סצענעס, וואו אסיפ האט געשפּיעלט די ראלע פון א פערזינדיגטען, וואס האט אויף די קניעס געבעטען מחילה, און רעוועקא פלעגט איהם, פאר רחמנות, מוחל זיין... איינ־מאל אין א פריהמארגען האט זיי דאס שטובמיידעל געטראפען אין א טרויעריגער לאגע: די מאדאם רעוועקא איז געשטאנען אין איין העמד און האט אויף זיך געריסען די האר, און דער הערר אסיפ איז געשטאנען מיט א שטיוועל אין איין האנד און מיט א פאר אש־קאלירענע ברילען אין דער אנדערער האנד. ווי אזוי אבער זענען זיי אלע מאָג ארויסגעפאהרען מיט'ן קנאק און מיט'ן פייף! ווי גרויסארטיג איז רעוועקא געווען געקליידט! וויפיעל דאמעז און

מאַמזעלען האָבען איהר מקנא געווען אויף איהר רייכטהום, אויף איהר גרויסקייט! אַ כפרה, לעזער, אַ גוטער איידעלער געבילדעטער מאַן פאַר אַ פּאָר גרויע פערדלעך! אַ כפרה, לעזערין, אַ גליקליך לעבען מיט דעם אָרעמען ליעבענדען מאַן פאַר אַ לאָזשע אין טהעאַטער! אַ כפרה, קינדער, אַלע אידעאַלען פאַר אַ גרויסאַרטיגען אָבענד, פאַר אַ גלענצענדען באַל, פאַר אַ טאַנץ מיט איין אָפּיציער!...

אז דער ערשטער טרויער איז איבערגעגאַנגען, און אָסיפּ האָט אויפגעהערט צו קלאָגען נאָך זיין טייערען פאָטער, האָט ער אין אַ יאָהר ארום אויפגעבראָכען זעהר אַ גרויס געשעפט פון ערד־קויהלען מיט עטליכע שותפים, און אויף אָסיפּ׳ס הויז איז פּלוצים, אין אַ שענעם פריהמאָרגען, אויסגעוואַכסען אַ גאַנץ גרויסע טאַבליצע, מיט גילדענע אותיות, מיט די דאָזיגע ווערטער:

,,Главная Контора Каменоугольнаго Товарищества Земеля, Файфермана и Ко.''

אין דער דאָזיגער קאַנטאָר זענען תמיד געזעסען דריי בוכהאַלטערס, צוויי קאָרעספּאָנדענטען, אַ סעקרעטער מיט אַ קאַסיר און האָבען פון זייגער נייען אין דער פריה ביז פינף בייטאָג געשפּיעלט אין פּרעפעראַנס; און זעמעל, פייפערמאַן מיט דער קאָמפּאַניע זענען געזעסען אין פּעטערבורג — גאָט ווייסט צו וואָס, צו ווען! רעוועקאַ איז זיך געזעסען אין דער היים, זעהר אין אַ שען הויז, און די פיינסטע יונגע לייט פון דער שטאָדט פלעגען זיך דאָרט כמעט אַלע נאַכט צענויפקלויבען „האַפּען אַ קערטעל“. אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען דריי יאָהר; דריי גוטע, בערוהטע יאָהר פאַר זעמעל׳ס בוכהאַלטערס מיט די קאָרעספּאָנדענטען, דריי פרייליכע יאָהר פאַר רעוועקאַ׳ן מיט איהרע בעקאַנטע, — און דריי ביטערע יאָהר פאַר דעם אומגליקליכען הערר אָסיפּ זעמעל, וואָס האָט נעבאַך גע׳פּטר׳ט אינגאַנצען זיין קאַפּיטאַל און האָט נאָך געהאַט אַ פּראָצעס מיט זיין שותף פייפערמאַן, וואָס האָט איהם אָנגעפייפט מחילה אין די ערד־קויהלען. שטיל, אָהן צערעמאָניעס, איז די גילדענע טאַבליצע

ארויף, און שטיל, אָהן צערעמאָניעס, איז זי אראָפּ פון זעמעל'ס הויז און ארויפגעטראָגען געוואָרען אויפ'ן בוידעם. דאָרט, צווישען אלע אלטע חאַליעוועס, ליגט זי נאָך עד היום הזה; שפּינען בויען אויף איהר זייערע קונציגע שטיבעלעך און מייז טאַנצען אויף איהר אָרום מיט גרוים עזות... אויף איהר אָרט הענגט היינט איין אַנדער טאַבליצע, שוין נישט מיט קיין גילדענע אותיות:

,,Механическое Прачешное Заведеніе.''

דער נאָמען „זעמעל" שטעהט שוין נימ ארויסגעשטעלט; נאָר מיר ווייסען, אַז די וועש־פאבריק איז זיינע, און ס'איז גאָר קיין עולה נימ, אַבי פערדיענען געלד. דער חסרון איז אָבער, וואָס סע פערדיענט זיך נימ. אונזער אָסיפּ זעמעל האָט געעפענט די פאַב־ריק, ווי אַ גרויסער פריץ, און מיט אַזאַ שיק, אַז גאָט ווייסט, אויב זי וועט זיך האַלטען נאָך אַ חודש, אָדער העכסטענס צוויי חדשים.

ביי די דאָזיגע אומשטענדען און ביי דער דאָזיגער לאַגע פון זייערע געשעפטען האָבען זיי, אָסיפּ מיט רעוועקאַ'ן, פּלוצים ערהאַל־טען די טרויעריגע דעפּעשע, און אָט אַזוי זענען זיי געקומען צו סענ־דער'ען אין שטוב אריין, וואו מיר האָבען געהאַט די עהרע זיי שוין צו זעהען.

---

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

וואו דער לעזער בעקענט זיך מיט צוויי זייטיגע פּאַרשוינען אינ'ם דאָזיגען ראָמאַן.

די אַלטע לייט האָבען שוין אַזאַ מזל, משטיינס געזאָגט, אַז ווי באַלד זיי חאַפּען זיך נאָר אריין צווישען יונגוואַרג, אַזוי פער־געסט מען נאָר אָן זיי, גלייך ווי זיי זענען גאָר נימאָ אויף דער וועלט.

צווישען אַלע אונזערע פּאַרשוינען, וואָס דרעהען זיך דאָ אָרום ביי אונזער פיינעם סענדער'ען אין הויז, האָבען מיר גאָר דורנעלאָ־זען די מוהמע דאָבריש, סענדער'ס איינענע שוועסטער, איין

אַלטע אידינע פון אַ יאָהר זיעבעציג, מיט אונטערגעבונדענע צייהן, אַ הויכע און אַ גראָבע, אויף סענדער'ס מאַניער.

— ווי קומט איהר אהער, מוהמעניו? — האָבען זי די יונגע דאַמען געפרעגט. — ווען קומט איהר אָן? ווי אַרום, און פון וואַנען?

— אָך! — האָט זיי די מוהמע דאָבריש געענטפערט, קרעכצענדיג און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. — אָך! איך האָב דערהערט די גוטע בשורה פון אַ היגען בעל־עגלה, וואָס פאָהרט צו אונז אַלע וואָך; פון איהם בין איך געוואָהר געוואָרען פונ'ם שלאַג! אָך! איין ברודער! איין־און־איינציגער ברודער! און וואָסער אַ ברודער! אַזאַ ברודער! אָך! אָך!

— וואָס אָכקעט איהר, דאָבריש? — האָט זיך מרים־חיה אָנגערופען. — גאָט וועט געבען, וועט ער, אם ירצה השם, זיין געזונט.

— יאָ, מיין קינד, יאָ, ביי גאָט איז אַלץ מעגליך, יאָ! ער איז אודאי אַ גרויסער בריה! ער איז אַ דאָקטער איבער אַלע דאָקטוירים!

דער בעריהמטער אָסיפּ זעמעל, וואָס האָט נאַר־וואָס געהאַט דעם שענעם פּסק פון זיין שוועהר, האָט פערבונדען אַ שמועס מיט דער מוהמע דאָבריש און האָט אויסגעשאָטען אינגאַנצען זיין סאַטירע, אַלע זיינע וויצען מיט די ווערטלעך איבער איהר, און דערמיט צעלאַכט דעם גאַנצען עולם. ערשט אין אַ פּאָר שעה אַרום נאָך איהר קומען האָט מען זי אַריינגערופען צום קראַנקען ברודער, וואו זי איז אָפּגעזעסען עטליכע מינוט און איז צוריק אַרויסגעגאַנגען, שנייצענדיג די נאָז און ווישענדיג די אויגען. דער ניט־געפּאַלענער אָסיפּ האָט זי בעגעגענט מיט אַ הילכיגען געלעכטער און האָט איהר אין די אויגען איבערגעקרימט, ווי זי וויינט און שנייצט די נאָז. דער עולם האָט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער, און אָסיפּ האָט געשיינט פאַר שמחה.

— לאַכט, לאַכט, קינדערלעך! — האָט זיי די גוטע מוהמע

געענטפערט מיט גרויס הכנעה. — איהר וועט אמאל אויך אלט ווערען, וועט מען אייך אויך אויסלאכען!

דער לעבעדיגער אסיפ האט ניט אויפגעהערט צו שפעטען פון דער אלטער מוהמע, צום גרויסען פערגעניגען פון דער גאנצער פאמיליע, און די גוטע מוהמע דאבריש האט ניט איבערגערעדט דאס צווייטע ווארט און האט געלאכט גלייך מיט זיי אלע.

שווער צו פערשטעהן די פראספּקיים און די ווייכקייט פון דער דאזיגער אלטער: צי ווייל זי איז טאקי בטבע אזא גוטע פרוי, צי איבער איין אנדער זאך? מיר קענען די מוהמע דאבריש פאר א אידינע, וואס האט ביז פופציג יאהר עקספּעדירט דריי געזונדע מאנען אויף יענער וועלט און איז געבליבען א „קטלנית“, ווי עס ווערד ביי אונז אנגערופען, און קיין קינדער האט זי ניט געהאט.

די מוהמע דאבריש האט, ווי עס ווייזט אויס, געוואוסט, אז אויף דער עלטער וועט זי בלייבען עלענד, ווי א שטיין, האט זי פון פריהער צוגעגרייט א שטיקעל פערמעגען, עטליכע הונדערט רובעל מיט א קליין שטיבעלע און מיט איין אייג קלייטעל פון „באקאליע“, פון וואנען זי ציהט זיך איהר בעדערפעניש. אין שטאדט הייסט זי ביי איטליכען „די מוהמע דאבריש“, און כריסטען רופען זי „דאברוכא“. א חוץ וואס זי האט א קלייטעל, איז די מוהמע דאבריש א שטיקעל רופא'טע אויך; ביי איהר קריגט מען אלערליי רפואות, פערשיעדענע גראזען, סם, מישיאק, ראזמארין, שאלווי, ראמאשקעס, און זי איז א ווילדע מומחה'טע אויף אפשפרעכען איין עין־הרע, צייהנוועהטיג, א „בעשיכע“, אפקוועטשען „זובישטשעס“, אויסגיסען אויף וואכס, ווארפען אויף קארטען, ברענגען איין אנטלאפענעם מאן אויף א קאטשערע, פערטרייבען מכשפות, שדים, לצים, „דאמאוויקעס“ און א סך אנדערע תחבולות און סגולות. פאר דער מוהמע דאבריש האט יעדערער אפשיי, און די כריסטען געבען איהר אפ גרויס כבוד, נאך איהר ווערטה נאך. זומער קאן מען זי אפט בעגעגענען גאנץ פריה, איידער די זון געהט אויף, אין פעלד, קלויבען איהרע גראזען, און ווינטער, שפעט אין דער נאכט,

אַקעגען דער לבנה, מאַכען מיט די הענד און שעפּטשען מיט די ליפּען. אין דער שטאָדט, וואו די מוהמע דאָבריש וואָהנט, דערצעהלט מען וועגען איהר עטליכע זעהר ניט קיין שענע מעשיות, און „נאַטשאַלסטווע" האָט אויף איהר שוין לאַנג איין אויג, נאָר אין די קליינע שטעדטלעך ווערד אַלץ אָפּגעטהאָן פערנייהט און פערדעקט.

— איהר זענט דאָך עפּיס יאָ אַ מומחה׳טע, — האָט זיך צו איהר אָסיפּ ניט אויפגעהערט צו טשעפּען, — ווי זשע קומט דאָס, אַז איהר זאָלט ניט געבען קיין רעכטע רפואה דעם שוועהר?

— גאָט, גאָט וועט איהם צושיקען אַ רפואה שלמה, מיין קינד! ער איז אַ רופא כל בשר, מיין קינד! ער איז אַ מפליא לאיינסעם (לעשות), מיין קינד!...

די מוהמע דאָבריש קאָן אַ גוזמא לשון־קודש־ווערטער, און דערפאַר גילט זי פאַר אַ למרנ׳טע, אַ וואָהלקענענדיגע, אַ מאַנסבילשער קאָפּ.

— נו, און אָפּשפּרעכען העלפט דען ניט? — האָט איהר אָסיפּ ווייטער דעקוטשעט מיט זיין סאַטירע.

— ניין, מיין קינד! אין אַ פרעמדער שטאָדט קאָן מיין שפּרעכען ניט עולה יפה זיין, מיין קינד.

אונזער העלד אָסיפּ האָט לאַנג געטריבען קאַטאָוועס מיט דער מוהמע דאָבריש, וואָס האָט איהם גערופען „מיין קינד" און איז ניט ברוגז געווען, וואָס מע שפּעט איבער איהר אַזוי אָפּענטליך; נאָר אָסיפּ׳ס סאַטירע האָט זיך סוף־כל־סוף צוגעגעסען איטליכען, האָט איהם רעוועקאַ געזאָגט:

— געגונג שוין, אָסיפּ! — און האָט אויף איהם אַזאַ קוק געטהאָן, אַז אָסיפּ איז אַנשטומט געוואָרען אויף אַ היבשער ווײַלע, ביז דער דאָקטאָר קלוגער איז געקומען בעזוכען דעם חולה, און ביי׳ם געזעגענען זיך האָט זיך מיט איהם אָסיפּ צערעדט מכח זיינע געשעפטען. ער האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם גרויסען פּראָצעס, וואָס ער פיהרט מיט זיין געוועזענעם שותף פּייפּערמאַן, וואָס

האַט איהם בעראַבעוועט אויף אַנדערהאַלבען מיליאָן, און וועגען דער אַמעריקאַנישער וועש־פאַבריק, וואָס געהט ביי איהם זעהר גוט — משעסטנאַיע סלאָוואָ!

דער דאָקטאָר קלוגער האָט זיך תחילת שטאַרק פעראינטערעסירט מיט אָסיפּ'ס מעשיות און איז זעהר נייגיעריג געוועזן צו בעקומען אַ בעגריף וועגען דעם אינטערעסאַנטען פּראָצעס אויף אַנדערהאַלבען מיליאָן און וועגען דער אַמעריקאַנישער וועש־פאַבריק. אונזער העלד האָט זיך פּשוט מחיה געוועזן, וואָס נאָט האָט איהם צוגעשיקט אַזאַ מענשען, וואָס אינטערעסירט זיך מיט איהם, האָט ער ארויסגענומען אַ גאַנצען פּאַק פּאַפּיערען: פּראָשעניעס, קאָפּיעס, חשבונות, פּלאַנען, וועכסלען, קוויטלעך און גלאַט אַזוי פּאַפּיערען. דער דאָקטאָר קלוגער האָט נעבאַך געמוזט איבערקוקען דעם גאַנצען פּאַק מיט פּאַפּיערען, און אַ קאַלטער שווייס האָט איהם בעשלאָגען. וואָס האָט ער געקאָנט טהון, אַז ער האָט זיך אַליין אָנגעפּרעגט איין אומגליק? עטליכע מאָל האָט ער זיך געריסען פון זיינע הענד, געקוקט אויפ'ן זייגער, נאָר אומזיסט: אָסיפּ איז איהם אריינגעפאָהרען מיט זיינע געשעפטען גלייך אין הארצען אריין און האָט איהם אָפּגעמוטשעט אַ גוטע שעה צייט, ביז רעוועקאַ האָט איהם מיט איהר אריינקומען איבערגעשלאָגען (פאַר איהר האָט אונזער העלד געהאַט דרך־ארץ).

אַז דער דאָקטאָר קלוגער איז ארויסגעפאָהרען פון סענדער'ס הויף, האָט ער ארויסגעלאָזט אַ פרייען זיפץ פונ'ם הארצען, ארומגעקוקט זיך, צי עס לויפט איהם ניט נאָך דער הערר זעמעל מיט זיינע דאָקומענטען.

— אַ זעלטענער קאָפּ! — האָט דער דאָקטאָר קלוגער דערצעהלט ביי זיינע אַנדערע פּאַציענטען. — אַנדערהאַלבען מיליאָן! איך בין געוועזן ביי אַ פּאַציענט, ביי דעם הערר בלאַנק; איהר קענט דאָך דעם הערר בלאַנק? האָט ער איין איידעם, אַ זעלטענער קאָפּ. שטעלט אייך פאָר, ער פיהרט אַ פּראָצעס אויף אַנדערהאַלבען מיליאָן!

— אזוי? וואָס זשע מאַכט עפּיס אייער חולה? ווי געהט עס דעם הערר בלאַנק'ען אין געזונט?

— עט! דערווייל אָהן אַ שום פאַרענדערונג, סטאַטוס נער־וואַזוס... איך רעכען, אַז מאָרגען אָדער איבערמאָרגען — ניט שפּע־טער — דאַרף זיין דער קריזיס, אָדער אהער, אָדער אהין... — און דער דאָקטאָר קלוגער האָט בעוויזען מיט'ן גאַנצען גוף אהער און אהין.

— אוי־וואַ! איין עבירה אַזאַ מענטש, ווי רב סענדער, כלעבען. ווי זאָגט איהר, הערר דאָקטאָר?

— אָ, אָהן אַ שום ספק! אַ פיינער מענטש, אַ לייטישער מענטש, אַ פּאַטשטיענע מענטש, אַ זעלטענער מענטש!

— נו, און דאָס ווייב מיט די קינדער, הערר דאָקטאָר?

— אָ, פרעגט גאָר נישט! אודאי, אַ גרויסער בראָך, אַ גרוי־סער בראָך, אַ גרויסער אומגליק פאַר'ן ווייב מיט די קינדער נע־באָך. גוטע מענטשען, עהרליכע לייט, אַלע, די גאַנצע פאַמיליע! וואָסער אַ פּאַסטוך, אַזעלכע שאָף. דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון'ם בוימעלע... לייטישע מענטשען! נאָר וואָס זאָל מען טהון?

— אַ דימענטענער מענטש, אַ גילדענער מענטש, אָט דער דאָק־טאָר קלוגער!

אזוי זאָגען איהם נאָך זיינע פּאַציענטען, און אזוי זאָגען מיר איהם אויך נאָך דעם זעלבען שבח: אַ דימענטענער, אַ גילדענער מענש! אַלע קענען איהם. אומעטום איז ער דאָ. וואוהין מע זאָל איהם נישט רופען, פאָהרט ער; וועקט איהם אויף אין האַלבע נאַכט, וועט ער מיט אייך פאָהרען אין עק וועלט אריין, אבי דאָס האַלבע קערבעל... אוי, האָט ער ליעב דאָס האַלבע קערבעל!

זייט זשע מוחל, וואָס האָט איהר געוואָלט: אומזיסט זאָל ער צו אייך פאָהרען? פון די דאָזיגע אידעאַליסטען איז ניט אויסצור־שטעהן!

דער דאָקטאָר קלוגער האָט ליעב דאָס האַלבע קערבעל; ער האָט דאָס אזוי שטאַרק ליעב, אַז ער לויפט נאָך דעם נאָך, און

דינגט זיך מיט'ן אָרעמאַן, וואָס קאָן עס איהם נישט געבען, אַזוי לאַנג, ביז ער מוז עס איהם געבען. און איך זעה דאָ בפירוש ניט אַרויס קיין שום עולה פון זיין זייט, ובפרט, אַז מע טרייבט איהם:

— געה, נשמה מיינע, איך האָב געהערט אין מאַרק, אַז ער ליגט אויף אַ טיפוס, און ביי דעם מאַזועלט אַ קינד! געה, מיין לע־בען, גיכער. דאַרט קאָנסט דו נעמען אַ קערבעל, און אפשר טאַקי צוויי, מחמת איך ווייס, וויפיעל פלייש מע נעמט אהין יעדען טאָג. און דו זאָלסט זעהן, וואָסער אַ טואַליעט זיין ווייב מיט זיינע טעכ־טער טראָגען, וואָלסט דו אַליין געזאָגט, האַרץ מיינס, אַז דער רוח וועט זיי ניט נעמען! נישקשה, מאַמע מיינע, האָסט געגוג געהאָ־רעוועט, ביז דו האָסט בעקומען דעם דיפּלאָם צו מזל! שעם זיך ניט, מיין קרוין, דאָס איז דיין פּרנסה; דאָס איז מיין קלייט, מיין קראָם, און דאָקטוירים איז היינט דאָ גענוג...

איך רעכען, אַז מיין לעזער שטויסט זיך שוין אָן, אַז אַזעלכע זיסען רעד קאָן נאָר זאָגען אַ ווייב — אַ ווייב, וואָס איז איבערגע־געבען צום מאַן מיט'ן גאַנצען לעבען. אַז וואָהל איז דיר, הערר דאָק־טאָר, אויף דער וועלט, און אַז וואָהל איז דיין ליעבען נאָמען, גע־בענשטער, דער גליקליכסטער פון אַלע, פון אַלע מאַנען! מיר פער־גינען דיר מיט'ן גאַנצען, גאַנצען האַרצען!...

איך מוז ווידערער אַ מאָל בעטען מחילה פון מיינע לעזער און לעזערין, וואָס איך האָב אוועקגעוואָרפען אונזער ליעבסטע פאַמי־ליע בלאַנק און האָב זיך אביסעל פערנומען מיט זייטיגע פּאַרשוי־נען: ערשטענס, איז די גוטע מוהמע דאָבריש אונזער סענדער'ס איין אייגענע שוועסטער, בלוט און פלייש; און אַזוי ווי די דאָ־זיגע בארמהערציגע שוועסטער האָט געקאָנט קומען מבקר חולה זיין דעם ברודער, האָט זי געווים פערדיענט אַ שטיקעל אָרט אין אונזער כראָניקע; און צווייטענס, דעם דאָקטאָר קלוגער האָבען מיר אהער ניט געבראַכט; איהם האָט געבראַכט צו פיהרען פּרוי־קע דער משרת.

ווי באַלד דער דאָזיגער גוטער דאָקטאָר איז געקומען צו פאָה־רען דאָס ערשטע מאָל, האָט ער אָנגעהויבען צו פאָהרען אהער פינף מאָל אין טאָג און האָט געמאַכט פון סענדער'ס בויכוועהטיג א גאַנ־צען יריד, און זיין געטרייע פרוי, די דאָקטאָרשע, האָט צעקלונגען איבער דער גאַנצער שטאָדט, אַז דער אַלטער בלאַנק איז פערביי, איין אומגליק, אַ מין חלירע! סע געהט אַרום אַ חלירע אין שטאָדט! מע דאַרף זיין נעהיט זעהר, זעהר! מע דאַרף זיך זעהן בעצייטענס מיט'ן דאָקטאָר, נישט אָפּלעגען אין דער לאַנגער באַנק אריין!...

---

## דאָס אכטע קאַפּיטעל.

דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריגען, די געזונדע פערגעסען אין'ם חולה, און עפּיס נאָך.

דער זייגער האָט געקלונגען צעהן, אַז סענדער בלאַנק'ס משפּחה האָט זיך געזעצט עסען וועטשערע.

אויבען־אָן, אויף מרים־חיה'ס אָרט (מרים־חיה איז געזעסען אין קאַבינעט נעבען איהר מאַן דעם חולה), איז געזעסען רעוועקאַ; נעבען איהר, פון דער רעכטער האַנד — סאָני, ביי דער לינקער האַנד — חיים; נעבען חיימ'ען איז געזעסען אָסיפּ, נעבען סאָני'ן איז געזעסען מאַרקוס, נעבען אָסיפּ'ען — די אַלטע מוהמע דאָבריש. דער מאָהלצייט איז צוגעגאַנגען גאַנץ געוועהנליך; אַלע זענען גע־זעסען סטאַטעטשנע, ווייל סענדער'ס שטוהל איז געשטאַנען לעדיג, און עס איז עפּיס געווען ניט פריילִיך. אונזער ניטפערלאָרענער העלד אָסיפּ האָט יאָ אַ פּאָר מאָל אַ לאַך געטהאָן איבער דער מוהמע דאָבריש, נאָר זיין סאַטירע האָט אָבער דאָ ניט געווירקט. די מוהמע דאָבריש האָט געגעסען מיט גרויס דרך־ארץ, דהיינו: זי האָט נאָך יעדען זופּ אוועקגעלעגט דעם לעפעל און אָפּגעווישט די ליפּען, און אזוי ווייטער. פּרויקע האָט דערלאַנגט צום טיש מיט גרויס קוראַזש: ער האָט זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר די געסט, און פאַר גרויס אימפּעט האָט ער אויסגעגאָסען אויף דעם הערר זעמעל אַ טעלער

יויך; אונזער פראַנט האָט זיך אויפגעחאַפּט פונ׳ם אָרט און האָט אָפּגעשטעקט דעם געטרייען משרת עטליכע פּייערדיגע פּעטש און האָט מיט טרערען אויף די אויגען זיך גענומען ווישען, בערשטלען, רייניגען און שעלטען פּרויקע׳ן מיט טוידטע קללות, און פון יענעם אָבענד אָן איז צווישען אונזער אריסטאָקראַט זעמעל מיט פּרויקע דעם משרת געוואָרען אַ ברענענדיגע שנאה אויף טוידט.

נאָך דער וועטשערע זענען אַלע געגאַנגען זאָגען דעם קראַנקען פאָטער „אַ גוטע נאַכט". מרים־חיה איז געבליבען ביי סענדער׳ען אין קאַבינעט. די מוהמע דאַבריש האָט זיך געלעגט שלאָפען ער־ניץ אין אַ ווינקעלע מיט גרוים הכנעה און עניוות. די קליינע קינ־דער זענען שוין לאַנג געשלאָפען מיט׳ן זיסען, טייערען שלאָף, און חיים, מאַרקוס, רעוועקאַ, אָסיפּ און סאָני האָבען זיך אַלע בעזועצט אין דער שענער, גרויסאַרטיגער זאַל — און איך וויים עד היום נים, ווי אַרום, פון וואָס און פון וואַנען זענען אַלע פּלוצים מוסכם גע־וואָרען צו שפּיעלען אין קאָרטען? — נאָך איידער מע האָט זיך אַרומגעקוקט וואו מען איז אין דער וועלט, האָט שוין אָסיפּ געהאַל־טען אַ פּעשעל קאָרטען אין די הענד און דאָס פּנים האָט איהם געפלאַמט פאַר שמחה. נאָר אָסיפּ׳ען איז היינטיגען אָבענד נים בעשערט געווען צו טיילען קאָרטען, ווייל רעוועקאַ האָט זיך נים געשעמט און אויסגעשריען אויף אַ קול צו איהר געליעבטען מאַן:

— זייט זשע מוחל, אָסיפּ מאַיסעיעוויטש, גיט אַהער די קאָר־טען, מחמת איהר זענט צו אַ גרויסער מזיק אויף פינף טייז...

דער עולם האָט זיך צעלאַכט, און אָסיפּ האָט זיך נעבאַך גע־ביסען די נעגעל פאַר דאַסאַדע; ער האָט אויסגעלאָזט זיין ביטער הארץ צום אומגליקליכען פּרויקע׳ן, וואָס האָט אין דער מינוט אריינ־געטראָגען ליכט מיט אַ שטיקעל קרייד. פּרויקע האָט דערלעבט אַ נקמה אין זיין שונא און האָט שוין כמעט פערגעסען, אַז פון אָסיפּ׳ס פּעטש איז איהם אויפגעלאָפען אַ באַק.

רעוועקאַ האָט געטיילט קאָרטען, און דער גאַנצער עולם האָט כלומרשט געשפּיעלט אָהן חשק, אָהן ווערטער; נאָר ביסלעכווייז,

וואָס ווייטער, איז מען געוואָרען אַלץ מונטערער, לעבעדיגער; יעדער האָט גערעדט, געקוקט, גערעכענט, געצעהלט און געשטעלט געלד, געהאַפּט אַ קוק צו יענעם אין די קאָרטען אַריין, געזוואונקען, געשמייכעלט, חוץ איין חיים, וואָס איז געזעסען, ווי אַ פרעמדער, און האָט כסדר צעביטען איין קערבעל נאָך דעם אַנדערען. מעהר פון אַלע האָט געלעבט דער הערר אָסיפּ זעמעל: זיינע האָר זענען געווען צעקאָשמעט, דאָס פנים פערפלאַמט, דער שטערן פערשוויצט, און אַליין איז ער אַלע מאָל אונטערגעשפּרונגען:

— וואַליאַי!... איך קויף!... שנייד!... געב איהם אהער, דעם חברה־מאַן!... איך בראָק ווייטער!... דער מלכּה אַ קניפּ אין בעקעל, און דעם מלך אַ פייג אונטער דער נאָז!... צוויי טייז, ווי די מייז!... אַ פּליאַסק אין פּיסק!... אהאַ, רעוועקאַ!... געב נאָר, געב!... גוט־גוט!... נאָך! נאָך! נאָך!... אָט אַזוי לערענט מען ביי אונז!... האַק אַ צדיק!... דו פּייפּסט, ברודער?... קריך, קריך, חיים־סערצע!... סאָפּיאַ אַבראַמאָוונאַ! לעגט זיך שלאָפען!... אָט־אָט־אָט־אָט־אָט־אָט!... האַק! טפּרררררו! לויף ניט!... מאַרקוס, שטעל געלט!... זוך, זוך, חיים!... רעוועקאַ, מאַלאַדיעץ!...

אונזער געעהרטער אָסיפּ האָט אַזוי לאַנג געסמאַליעט אַ וועלט, ביז ער האָט זיך אויסגעבייטעלט ביז גאָר, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט עפּיס איינגערוימט רעוועקאַ'ן אַ סוד אויפ'ן אויהער.

— איך וויל נים, איך וויל נים! — האָט איהם זיין ליעבסטע פרוי געענטפערט אויף אַ קול. — בעסער הער־אויף צו שפּיעלען, אַז דו האָסט קיין געלט נים!

אָסיפּ איז געווען אויסער זיך פאַר כעס; פון דעסטוועגען האָט ער זיך איינגעהאַלטען און האָט געזאָגט הויך אויף אַ קול:

— דו מיינסט, אַז איך האָב קיין געלט נים? איך האָב, משעסטנאָיע סלאָווא! אָט וועל איך באַלד ווייזען.

און אונזער העלד איז אַוועקגעלאָפען גלייך צו פרויקע'ן אונטען, ביי די טרעפּ, און ביי איהם געבעטען אַ הלואה ביז מאָרגען זייגער אַכט אין דער פריה, משעסטנאָיע סלאָווא!... פרויקע האָט

איהם דערמאַנט די פייערדיגע פּעטש און האָט לאַנג ניט געוואָלט געבען; נאָר ער האָט אויף איהם רחמנות געהאַט (פּרויקע האָט זעהר אַ גוט הארץ!) און האָט איהם געליהען צעהן רובעל, בתנאי, אַז ניט שפּעטער ווי מאָרגען זייגער אַכט זאָל ער איהם דערפאַר געבען פופצעהן רובעל.

אָסיפּ איז אריין מיט גרויס קוראַזש אין זאַל אריין:

— אַ פיינע שטאָדט! זייגער צוועלף ביינאַכט קאָן מען שוין ניט צעבייטען קיין הונדערטער, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

עס איז איבערגעגאַנגען נאָך אַ האַלבע שעה, און ביי אָסיפּ'ען האָבען די צעהן רובעל געטאָגט, און חברה וואָלט זיך אפשר צעגאַנגען פון די קאָרטען בשלום יעדער אין זיין רוה אריין, ווען דער צעהיצטער הערר זעמעל וואָלט פּלוצים זיך ניט אויפגעחאַפּט פונ'ם אָרט, ווי איין אָפּגעבריהטער, מיט אַ גוואַלד:

— סאָפיאַ אבראַמאָוונאַ! איהר דאַרפט געדענקען, אַז איהר שפּיעלט ניט מיט קיין זשוליקעס! איך האָב פיינט אַזעלכע אַפּערעס! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

סאָני איז געוואָרען אַלערליי פאַרבען, און דער עולם איז אָנגעפאַלען אויף אָסיפּ'ען:

— האַ? וואָס איז דאָרטען? וואָס? ווי אַזוי? וואו? ווען?

— סטייטש! — האָט אָסיפּ געשריגען ניט מיט זיין קול. — ווי אַזוי דערלאָזט איהר גאָר אַזעלכעס? מיר זענען ניט קיין קאָרמאַנשטשיקעס! דאָ שפּיעלען אָרענטליכע מענטשען, ניט קיין קאָרטיאָזשניקעס! סאָפיאַ אבראַמאָוונאַ! איך פּראָטעסטיר פאַר אַלעמען, אַז איהר האָט געשטעלט אַ גילדען און האָט ארויסגענומען אַ פערציגער אויסגאָב! זייט זיך מודה! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

— אַך, איהר קאָרטיאָזשניק! — איז אויף איהם סאָפיאַ אבראַמאָוונאַ אָנגעפאַלען. — איהר זענט אַליין דער גרעסטער אַפּעריסט! איהר מיינט, אַז איך זעה ניט, ווי איהר טרעט־אָן רעוועקאַ'ן אַלע מאָל אויף די פיס אונטער'ן טיש?

— אַ, דו מערזאַווקע איינע! — איז רעוועקאַ אויף איהר אָנ־געפאַלען. — דו האָסט שוין אָנגעהויבען דיינע אַלטע שטיק?... — און רעוועקאַ האָט איהר אַ וואָרף געטהאָן די קאָרטען אין פּנים אריין און איז אַרויס פונ'ם טיש.

— דו ביזט אַליין אַ מערזאַווקע! — האָט איהר סאָני געענט־פערט מיט כעס. — און דיין פראַנט האָט פארשאַרלאַטאַנעוועט אינ־גאַנצען זיין ירושה אין פּעטערבורג אויף גוטע זאַכען...

— הא? ! וואָס? ? ! איך? ? ? ! ! איך? ? ? ! ! ! איך? ? ? ! ! !
טשעסטנאַיע סלאָווא! ! ! !

— לאָז זיין שטיל!

— וואָס זאָגסט דו אויף דער קאַטאַסטראָפע, אויף אַזאַ טראַ־געדיע? — האָט מאַרקוס געזאָגט צו זיך אַליין.

— שששששששאַ! דער בעל־הבית האָט באַפוילען, עס זאָל זיין שוין שטיל! — האָט פּרויקע געזאָגט, אריינגעלאָפען אַ דערשראָ־קענער.

ווי דער כח פון עלעקטרי, האָבען דאָ פּרויקע'ס ווערטער גע־ווירקט, און חברה האָט זיך ערשט דערמאַנט, אַז ניט איצט איז די צייט אין קאָרטען שפּיעלען — און יעדער איז זיך צעגאַנגען אָנגע־בלאָזען, מיט איין אַראָפּגעלאָזטער נאָז, צו זיך אין זיין רוה אריין, אָהן ווערטער, אפילו אָהן אַ „גוטע נאַכט", שטיל, אויף די שפּיץ פינגער...

* * *

ליגענדיג אין בעט, האָט חיים אַ פרעג געטהאָן זיין סאָני'ן: „וואָס הייסט דאָס?" — און סאָני האָט זיך געשוואָרען ביי איהרע קינדער, אַז זי ווייסט ניט „פון קיין פּותר און פון קיין חלום", און זי וועט געהן שווערען ביי אַ ספר־תורה, אַז זי האָט אַליין געזעהען, ווי אָסיפּ האָט אונטערגערוקט עטליכע מאָל זיינע קאָרטען רעוועקאַ'ן, און ווי רעוועקאַ האָט געוואונקען אויף מאַרקוס'ען...

— מעגסט זיך טאַקי איבערנעמען, חיים, מיט דיין משפּחה! ביי מיין טאַטען וואָלט אויך אַזוי געווען, איאַ, חיים? חאָטש דיין

שוועסטער איז א טאָכטער, ניט קיין זוהן, וועט זי נעמען מעהר ווי דו! איך האָב פארשפּיעלט צוויי און צוואנציג קערבלעך, און רע־וועקא האָט זיי אָפּגעוואונען, און ירושה וועט זי אויך נעמען מעהר פון אונז, חאָטש זי איז א טאָכטער און דו ביזט א זוהן!... רעוועקא האָט תמיד געקאָנט מאכען דעם שוועהר חניפה׳לעך מיט חנ׳דלעך, דערפאר וועט זי זיין א גרעסערע יורש׳טע פון דיר, דאָס זאָג איך דיר פריהער, חיים! דו מעגסט זיין אויף מיר ברוגז וויפיעל דו ווילסט!...

* * *

— וויפיעל האָסט דו געוואונען, רעוועקא? — האָט אָסיפּ א פרעג געטהאָן, ארומגעהענדיג איבער׳ן צימער האַלב אויסגעטהאָן און נאָך אַלץ שטארק פערפלאַמט.

— דו דארפסט דאָס טאָקי נויטיג וויסען, אָסיפּ? — האָט איהם רעוועקא גענטפערט און האָט זיך גענומען איבערצעהלען איהר קאפּיטאַל: — פערציג, פופציג, זעכציג, פינף און זיעבעציג, אכציג, דריי און אכציג, זעכס און אכציג, זיעבען און אכציג, נייענ־ציג, צוויי און נייענציג מיט פערציג קאָפּיקעס... צוויי און נייענ־ציג רובעל מיט פערציג קאָפּיקעס... אָסיפּ! גיב נאָר אהער מיין שקאַטולקע! — אָסיפּ האָט איהר צוגעטראָגען די שקאַטולקע, און רעוועקא האָט אהין אריינגעלעגט איהר ביסעל אָרעמקייט, האָט פערשלאָסען און געגעבען אָסיפּ׳ען צוריק דאָס קעסטעלע, ער זאָל דאָס אוועקשטעלען. מיט גרויס קנאה האָט נעבאך אָסיפּ געקוקט אויף רעוועקא׳ס קעסטעלע.

— עס וואָלט שוין, כלעבען, א יושר געווען, רעוועקא, אז דיין „אַלטער" זאָל...

— וואָס מאכט ער דיר קאַלי, אז ער לעבט, אָסיפּ?

— איך מיין פון דיין טובה ווענען, רעוועקא! טשעסטנאָיע סלאָווא...

— איך בעט דיך, זאָלסט ניט זארגען פאר מיר, אָסיפּ!

— המ...

— ווי אַזוי ווייזט „ער“ דיר אויס, אָסיפּ?

— שלעכט, זעהר שלעכט, רעוועקאַ. היינט, מאָרגען... טשעסט־נאָיע סלאָוואָ!

— נו, נו! בייס זיך אָפּ די צונג!

— המ...

— וואָס זאָגט דער דאָקטאָר, אָסיפּ?

— ער זאָגט, אַז „ער“ דאַרף שרייבען אַ צוואה, מחמת...

— דער דאָקטאָר איז אַזאַ שוטה, ווי דו!

— המ...

— איך מיין, אַז ביי איהם ליגט ערגיץ אַ גרייטע צוואה! ווי מיינסט דו, אָסיפּ?

— לאָם איך דיר דערצעהלען, רעוועקאַ, נאָר דו וועסט דאָך מיר אויף קיין שבועה ניט גלויבען, — שווער איך דיר, אַז ווען ניט, זאָל איך אַ מיתה משונה איינגעמען דאָ אויפ'ן אָרט, איך זאָל ניט דערלעבען אויפשטעהן, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!...

— אַ? דו שווערסט זיך שוין? איז דאָס געווים אַ ליגע! נענוג, גענוג, אָסיפּ!

• • • • • • • • • • • • • • • • •

אַ גוטע נאַכט! מיר האָבען בעלענט אַלע אונזערע העלדען, וואָס דאַרפען אַצינד רוהען און געניסען דעם זיסען שלאָף נאָך אַלע נאַרישקייטען מיט די שטות'ערייען פונ'ם גאַנצען טאָג. איך מיין, אַז עס דאַרף זיין אַ גרעניץ פאַר דעם ראָמאַניסט אויך, ביז וואַנען איהם איז ערלויבט נאָכצוגעהן מיט'ן לעזער פיס־טריט נאָך זיינע העלדען. פון אונזער זייט איז דאָס אַליין שוין אויך ניט אַזוי שען און איידעל, וואָס מיר האָבען זיך ערלויבט אונטערהערען, וואָס אונזערע פיינע העלדען שמועסען צווישען זיך פאַר'ן שלאָף. אַרויס־געהענדיג פון סענדער'ס הויז, האָבען מיר דאָס רעכט ביי זיך און צווישען זיך רעדען, שמועסען, בעדויערען און חוזק מאַכען פון אַלע,

מיט וועלכע מיר האָבען זיך דאָ בעקענט — קיינער קאָן אונז נישט שטעהרען; דערויף בין איך אַ שרייבער, און איהר, מיין ליעבער פריינד, אַ לעזער, אַז מיר זאָלען רעדען פון „יענעם“ — און „יענער“ לאָז רעדען פון אונז, וואָס ער וויל און וויפיעל ער וויל... אַ גוטע נאַכט!

---

## דאָס נייעסטע קאַפּיטעל.

אַט דאָ הויבט זיך אָן דאָס רעכטע שפּיעל, וואו די אַקטיארען קאָנען בעווייזען איינגאַנצען זייער קונסט.

עס מאַכט מיר פערגעניגען, וואָס איך האָב די געלעגענהייט אָנצוהויבען דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל, ווי איין עכטער ראָמאַניסט, און פאָרשטעלען מיין ליעבען לעזער אויך הארצרייסענדיגע סצענעס מיט ריהרענדיגע בילדער, גלייך מיט אַלע מיינע חברים די ראָמאַניסטען, וואָס האָבען שוין לאַנג קונה־שם געווען און וואָס איך קאָן זיך צו זיי בשום אופן נישט גלייכען, דען זייער קליין פינגערעל איז גרעבער פון מיינע לענדען, און אַז איך זאָל אפילו לעבען נאָך הונדערט יאָהר, וואָלט איך אויך נישט געקאָנט אָנשרייבען אַזוי פיעל שענע ראָמאַנען, מיט וועלכע אונזער ניי־זשאַרגאָנישע ליטעראַטור האָט זיך נישט וואָס צו שעהמען אַקעגען אַנדערע ליטעראַטורען, און איך פערהאָף אויף דעם וואָס לעבט אייביג, אַז עס וועט, אם ירצה השם, קומען אַ צייט, וואָס מע וועט די דאָזיגע שענע זשאַרגאָנישע ראָמאַנען אָנגרוזען גאַנצע וואַגאָנעס און מע וועט זיי עקספּעדירען ווייט־ווייט, און איך האָב מורא, אַז דער, וואָס וועט זיי אָוועקהאַנדלען, וועט געוויס פערדיענען אַ גוזמא געלד אינ׳ם דאָזיגען „פּאַפּיער־מסחר“... איך שטעל מיר פאָר די טרויעריגע לאַגע פון די דאָזיגע ראָמאַניסטען (אויב זיי וועלען דאָס דערלעבען) מיט זייערע אויסגעצויגענע פּנים׳ער, אַז זיי וועלען דערזעהען, ווי אַזוי זייערע אינטערעסאַנטע ווערק ווערען געפּאַקעוועט אין זעק און אין טיוקעס, ווי אַזוי אַ בּאָסיאַק חאַפּט אַ גאַנצען טיוק מיט

„העכסט־אינטערעסאַנטע“ ראָמאַנען פון פיער טהייל מיט איין עפּי־לאָג און מיט א „שיר“ און טהוט איהם א שליידער אין וואַגאָן אריין! אוועק־אוועק אָט די אלע בלאָנדע העלדען, די שרעקליכע מערדערס, די אידישע גראַפען מיט די באַראָנען, די ווילדע מיליאָ־נערען, די אומגעלומפּערטע אידישע פּראַצענטניקעס, וואָס זענען ניט געשטוינען און ניט געפלויגען, אַנגעצויגען אויף הויכע דרוקעס אין דער ווילדער פאַנטאַזיע פון די דאָזיגע בעהעלפער, וואָס האָבען זיך א נאָמען גענעבען שרייבערס, פערפאַסערס, ראָמאַניסטען!...

נאָר אזוי ווי ביז דעמאָלט דאַרף נאָך אוועקגעהן א היבשע צייט, ביז וואַנען דאָס אידישע פּובליקום וועט זיך ארומקוקען, אז מע האָט זיי געהאָדעוועט א לאַנגע צייט מיט שמאַטעס, געגעבען קייען שטרוי, פּשוט ווי בהמות, און די בעהעלפערס וועלען זיך נעמען צו זייער אַלטער מלאכה און וועלען אויפהערען צו פּאַטשקען ריין פּאַפּיער, — ביז אָט די דאָזיגע גליקליכע צייט וועט קומען, וועלען מיר זיך אויך פּרובען האַטש אויף א מינוט נעמען זיך אויף דעם דאָזיגען שניט און געבען די לעזער א ראָמאַנטישע סצענע, ווי א סורפּריז, ווי א פּרעמיע צו דעם דאָזיגען ווערק.

בכן, איז געווען איין אויסגעצייכענטע, א זעלטענע זומער־נאַכט: אויפ׳ן הימעל איז ארומגעשוואומען די שענע לבנה (וואָס אלע פּערליעבטע זענען זעהר געהרען), און האָט מיט איהר בלאַס געזיכט אראָפּגעקוקט אויף דער ערד, צו זיין איין עדות אויף די אלע נידעריגקייטען, וואָס ווערען אָפּגעטהאָן צווישען די זינדיגע מענשען. די שטערען זענען געווען, ווי בריליאַנטען, אויסגעשאָטען אויף דעם ריינעם בלויען הימעל, און א שרעקליך שטילשווייגעניש האָט געטהאָן הערשען אויף דער ערד, גלייך ווי די גאַנצע נאַטור מיט אלע איהרע בעשעפעניש׳ען זענען אַנשלאָפען געוואָרען מיט א זיסען, א שרעקליכען שלאָף, גלייך ווי אלץ איז אויסגעשטאָרבען אויף דער ערד. מע האָט נישט געהערט קיין קול פון קיין מענשען, קיין געזאַנג פון קיין פויגעל, קיין בילען פון קיין הונד, קיין שאָראָך פון קיין גרעזעלע, קיין בעוועגונג פון קיין צווייגעלע. אלץ איז

געשלאָפֿען מיט'ן טייערען, מיט'ן זיסען שלאָף אין דער שענער שטאָדט .N, וואו עס קומט־פאַר אונזער פיינע געשיכטע.

און איך, דער פּערפּאַסער פֿונ'ם דאָזיגען בוך, נאָר איך אַליין בין געווען דער איינציגער מענש אין דער גאַנצער שטאָדט, וואָס האָט געוואַכט די דאָזיגע שענע זומער־נאַכט; איך האָב מיר גע־שפּאַציערט איינער אַליין איבער אַלע גאַסען, פּערטיעפט אין גע־דאַנקען, און געזוכט מאַטעריאַל צום שרייבען, און וויפיעל איך האָב ניט געטראַכט און געקלערט, האָב איך גאָרנישט געקאָנט אויסקלע־רען אַזעלכעס, וואָס זאָל טויגען אין אַ ראָמאַן אַריין, ביז גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף אַ יונגען שרייבער, און מיינע אויגען האָבען דערזעהען עפּיס אַ רעדעל פֿון שוואַרצע פיגורען... די פיגורען זענען צוגעגאַנגען אַלע מאָל נעהענטער צו מיר, און מיר האָט זיך אויס־געוויזען, אַז איך זעה מתים, אָנגעטהאָן אין שוואַרצע קליידער; די מתים האָבען עפּיס ווי געערעדט צווישען זיך, גע'טענה'ט און געקריעגט זיך; זיי זענען געשטאַנען ארום אַ מיטה, און איך וואָלט געקאָנט שווערען, אַז זיי האָבען געהאַלטען אַ מין זאַך, ווי אַ פּלע־שעל, אַ בוטעלקע, וואָס יעדער בעזונדער האָט זי אָנגעבויגען צו זיך אין מויל אריין און איבערגעגעבען דעם צווייטען, דער צווייטער דעם דריטען, און אַזוי ווייטער. אַ פּראָסט איז איבערגעגאַנגען איבער מיין לייב, און די האָר האָבען מיר זיך געשטעלט קאַפּויר. איך האָב געוואָלט זיך לאָזען לויפען, האָבען מיך די פיס ניט גע־פאָלגט. עד היום הזה קאָן איך עס ניט פערשטעהן, ווי אַזוי איך בין ניט געשטאָרבען פֿאַר שרעק, פֿאַר פּחד! נאָר שטעלט אייך פֿאָר מיין איבערראַשונג, אַז די דאָזיגע מתים מיט דער מיטה זענען צוגעגאַנגען נאָהענט צו מיר, און איך האָב זיי דערקענט!

— אַ גוטען אָבענד! דאָס זענט איהר, חברה שמשים? חברה מקברים?

— גוט יאָהר! יאָ, דאָס זענען מיר, מיר.

— פֿון וואַנען? וואוהין?

— פונ'ם בית־הקברות צו רב סענדער דעם נגיד... זלמן! וואו זענען די כלים? ביי לוי־מרדכי'ן? שטעלט אנידער די מיטה און גיט אהער דאָס פלעשעל, וועלען מיר נעמען צו קאַפּעטשקעלעך.

— רב רפאל! וואָס רעדט איהר? רב סענדער איז גע־שטאָרבען?

— יאָ געשטאָרבען, ניט געשטאָרבען — ס'איז נישט אונזער עסק: מע האָט געשיקט רופען, געהען מיר. מסתמא ניט פאר וואוילטאָג, פארשטעהט זיך! ווען קומט מען אָן צו רפאל דעם אויבער־שמש? אז מע געהט אויף יענער וועלט.... מיכאל, האָסט, דאכט זיך, א שמעק טאַבאַק?

— אזוי? הייסט דאָס, איז רב סענדער אויך אָפּגעשטאָרבען, רב רפאל? איין עבירה, כלעבען.

— איין עבירה? וואָס איז? געהאַט א גראָבען בויך? לאָזען זיך די ווערעם פרייהען.. אויסבאַהאַלטען זיך פונ'ם טוידט איז אביסעל שווערליך, און אויפ'ן בית־עולם איז דאָ אָרט גענוג, טאַטע מיינער!... חברה, נו? גענוג אייך שוין צו חלעפּטשען, לאָזט איין אָרט אויף שפּעטער. סענדעריכע איז א גאַנץ וואוילע אידינע, און איין עמער שפּירעט וועט מסתמא זיין, האַ? מיר זאָלען איהם חאָטש קאָנען ביז טאָג מאכען זיין רעכט... ווי מיינט איהר, ס'איז שוין שפּעט?

— זייגער צוועלף, רב רפאל.

— האַ? צוועלף? קינדער! קינדער! די נאַכט שטעהט ניט! היידא!

די פּלוצימדיגע בשורה פון סענדער'ס טוידט האָט אויף מיר אזוי שטארק געווירקט, אז איך האָב זיך געלאָזט געהן מיט דער חברה שמשים, נישט געפרעגט זיך, וואוהין און צוליעב וואָס. אז סענדער האָט געלעבט, איז ער מיר וועניג־וואָס אָפּגעגאַנגען, און אז איך האָב דערהערט, אז ער איז געשטאָרבען, האָט דאָס מיך עפּיס ווי א ציפּ געטהאָן, א ריס אין הארצען: וואָס פרעגט איהר? א מענש לעבט, עסט, געהט ארום, און פּלוצים — נאַ דיר! ווי

אזוי זאָל דאָס נישט אָננעמען ביי'ם הארצען? ובפרט נאָך אזא סענדער, וואָס... וואָס...

נאָר לאָמיר בעסער הערען, וואָס זאָגט די שטאָדט, וואָס רעדט דער עולם, אָט די אַלע רעדלעך, וואָס שטעהען דאָ ארום דעם הערר בלאַנק'ס הויז, ביי דעם הערר בלאַנק אין הויף, ביי'ם הערר בלאַנק אין שטוב?...

## דער ערשטער אקט.

— וואָס פאר א גרויסער עולם, קיין עין־הרע ניט!

— ניט אומזיסט זענען מיר אידען, רחמנים בני רחמנים.

— וואָס זשע מיינט איהר? ער האָט אודאי פארדיענט, אז מע זאָל איהם אָנטהון א כבוד.

— וואָס איז דאָרט אזעלבעס? מיט וואָס?

— יאָ, די גרויסע טובות, וואָס די שטאָדט האָט פון איהם דאָ געהאט? די גליקען?

— טובות ווילט איהר? וואָס פאר טובות?

— צי אפשר א בעל־צדקה א גרויסער?

— וואָס הייסט ביי אייך, רב מאיר, א בעל־צדקה?

— צי גלאַט אזוי א גרויסער נדבן?

— איך ווייס ניט, וואָס איהר ווילט האָבען?

— און דערצו א גרויסער למדן מסתמא?

— יאָ, א גאון־עולם, חוץ זיין שאָדען...

— דערפאר איז ער אָבער געוועזן א גרויסער ירא־שמים!

— יאָ, א גוואַלדאָוונע זאך!

— א למדן־ואו'ניק, חא־חא־חא!

— איהר זענט אַלע זעהר פרום!

— פרום, זאָגט איהר? אונזערע קינדער געהען אויך אָהן היטלען, ווי רב סענדער'ס קינדער, הא? וואָס זאָגט איהר, רב חיים? מיין איידעם רויכערט אויך א פאפיראָס אים שבת, איאָ?

— און אונזערע טעכטער טראָגען מסתמא אויך די אייגענע האָר, הא ?

— קומט אייך אַ דאַנק !

— וואָס טויגען אונז אָט די אַלע שטות'ערייען, איך בעט אייך ? וואָס זאָגט עפּיס אונזער גבאי ?

— אונזער גבאי פון חברה־קדישא ?

— יאָ, יאָ, אונזער רב קלמן פלאָקען ?

— איך ווייס ? איך מיש מיך שוין ניט אין קהל'שע זאכען... לאָזען זיי זיך דאָרט שלאָגען קאָפּ אין וואַנט !

— וואָס זאָגט איהר אויף איהם ? ער מישט זיך שוין ניט אין קהל'שע זאכען !... גוטע יאָהרען ? הא ?

— איך מיין, וואָס טויג אונז אָט די דאָזיגע פּוסטע מחלוקת'ען ? זאָגט בעסער, מע וועט עפּיס נעבען געלט ?

— וואָס הייסט געלט ?

— וויפיעל געלט ? געלט צו געלט איז ניט גלייך !

— איך מיין אַ צעהן זעקלעך...

— פאַר וואָס ניט קיין צוואַנציג, איך בעט אייך ?

— צוואַנציג טויזענד קערבלעך ? ווער איז מיר ! וואָס וועלען מיר טהון מיט אַזאַ סומע געלט ?

— מפּו זאָלסט דו ווערען, אַז אָך און ווער איז דיין שכל !... וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ שאלה פון אַ תּם ?...

— איך זאָג אייך דעם אמת, צוואַנציג טויזענד קערבלעך איז גאָר ניט אַזאַ אי־אי־אי ! וואָס איז דאָרטען ? וועט אָנקומען וויג־ציגער אביסעל די יורשים ! אַ גרויסער אומגליק !...

— ער האָט אָנגעזאַמעלט געגווג, נישקשה !...

— כשר געלט !

— מיט פרעמדע הענט !

— אידיש בלוט !

— שאַ !... וואָס איז דאָרט אַזאַ גוואַלד ?

— וואו? אין שטוב? מע קעהר איהם שוין „אויפהויבען“? ניין! מיר דאכט, אז עס איז געצעל׳ם קול?

— וואָסער געצעל׳ם?

— געצעל דעם שניידער׳ס!

— וואָס וויל ער? דאָס איז א שייגעץ! אומעטום מישט ער זיך אריין!

— א שניידערעל, א פאַלגע! איהר ווייסט דען ניט?

— אזוי טאקי? און איהר קאָנט דאָס ניט סובל זיין? ווי באַלד א נאשבראט זאָגט א וואָרט, אזוי חאַפט אייך אוועק דער רוח!... אז געצעל איז א שניידער, איז אייך וואונד און וועה? איך בין אויך א שניידער און שעם מיך כלל נישט מיט מיין מלאכה! אבי ניט קיין פוסטעפּאסניק, קיין בלוטזויגער, קיין שבתי־צבי׳ניק! א רוח אין אייער טאטענ׳ס ביינער אריין, פאר וואָס זאָל מען טאקי דאָ נישט אָפּלעקען קיין ביינדעל?... איהר האָט א סך אזעלכע רב סענדערס? פאר וואָס זאָל מען טאקי נישט נעמען אויפ׳ן שניי־דערשען שוהלכעל אויך א מטבע? פרעסערס! זויפערס! שקצים! הולטאַיעס!...

— איהר האָט זיך אָפּגעזוכט כבוד, וואָס טויג מיר מעשיות...

— וואָס שרייט מען דאָרט אזוי?

— דאָס טענה׳ט א טרעגער; ער שרייט — דרייסיג טויזענד! דרייסיג טויזענד, און גענוג!

— דרייסיג! פערציג! דרייסיג!

— פערציג! פערציג!

— וואָס פערציג?

— פערציג טויזענד קערבלעך!

— פערציג! פערציג! פערציג!...

— שרייט, קינדער, פערציג!

— פערציג! פערציג! פערציג!!!...

---

## דער צווייטער אקט.

— איך פרעג אייך אליין, רב קלמן, איהר זענט איין עהרליכער איד: ווי קומט דאָס, איהר זאָלט אזעלכעס זאָגען?...

— וואָס זאָג איך, וואָס? איך זאָג דען חלילה עפּיס? וואָס זענט איהר מיך דאָ חושד, רב חיים? אייער פאָטער — לאָז איהם גאָט געבען יאָהרען, גאָט איז אַ גרויסער קינצלער — נאָר ווען חלילה נחס, די שעה זאָל ניט זיין, ער מאכט־צו איין אויג, וועט מען אייך צעטראָגען די שטוב אויף שטיקלעך! איהר זעהט? טהוט אַ קוק, זייט מוחל, דורך דעם פענסטער, וואָס פאר איין עולם עס קלויבט זיך!

— וואָס זשע ווילט איהר, רב קלמן?

— וואָס וויל איך? וואָס זאָל איך ועלען? איך וויל נאָר־ניט! פראָמענע — לאָז זיין ווי איהר ווילט! איך בין אייך, גלויבט מיר, דער בעסטער גוטער פריינד, און מיט אייער פאָטער — איז איך וויים? מיט׳ן שענסטען אופן! מיט אַ הלואה, מיט אַ גמילות־חסד, מיט, מיט אלץ... איך מיין אייער טובה דאָ. איהר מוזט דאָ יוצא זיין. פּאָרט, ווי זאָגט מען, אַ קאַפּיטאַל... דער ערשטער גביר אין שטאָדט... דער ראש וראשון!... און למאי זאָלען מיר זיך דאָ מאַכי נארען? אייער פאָטער איז אודאי געוועזן אַ פיינער מענטש, איין עהרליכער מענטש... אויב ער לעבט נאָך, לאָז איהם גאָט געבען יאָהרען... און אויב ניט, לאָז ער מיר מוחל זיין... ער האָט פּאָרט נישט יוצא געוועזן פאר דער שטאָדט!... איז אַ יושר, אַז איהר, אַ יורש, איין עלטערער זוהן... אַ... אַ... ווי זאָגט מען...

— וואָס האָט איהר צו אונז, רב קלמן, גאָט איז מיט אייך? דער טאַטע איז מאַכי פארביי... ער איז דאָך אָבער נישט געשטאָר־בען — ער לעבט דאָך נאָך! עס איז דען נישט קיין שפיכות־דמים? איך פרעג אייך, רב קלמן? איהר האָט גאָר קיין מורא ניט פאר גאָט?...

— ע, רב חיים, איהר שמועסט זיך מיט מיר אוים גאָר אויף איין אנדער אופן! ווער איז שולדיג? איהר זענט אליין שולדיג!... איהר האָט געמאכט א גוואלד: „אידען, ראטעוועט!" איז זיך דער עולם ביסלעכווייז צענויפגעלאָפען... מע הערט אזא געוויין!... מע זעהט אלע לויפען, אלע שרייען: „געשטאָרבען! געשטאָרבען!"... מע האָט געפרעגט דעם דאָקטאָר, זאָגט ער: „שלעכט! שלעכט!"... אייער משרת זאָגט: „איין עק! א סוף!"... און דאָ ווייגט מען, — נו, איז מען דאָך אידען, לויפט מען! אייער פאָטער איז דאָך פאָרט, ווי זאָגט מען... און פרובט זאָגט דעם עולם, אז ער איז נאָך ניט געשטאָרבען, וועט מען אייך דען גלויבען? שוין צו שפעט!... אָן געהען די חברה נושאי המיטה, — נו נעה, טענה מיט זיי!... שקצים! ווער האָט געשיקט נאָך אייך?... שכורים, ארוים, אין אייער טאַ־טענ'ס מאמע'ס טאטען אריין!...

---

## דער דריטער אקט.

— אוי, א דונער האָט מיך דערשלאָגען! זעלדע, איהר הערט א געוויין? איהר הערט, ווי די בעל־הבית'טע רעוועט?

— וויסט איז מיר! זלאטקע, אָט דאָס איז ער אויסגעגאנגען, אפנים! וואונד איז מיר! ניטאָ שוין מיין בעל־הבית!... מלכה! זלאטקע! לויפט ארויף און טהוט א פרעג ביי פרויקע'ן, א מכה איז מיר א גרויסע!

— אָן לויפט פרויקע.

— וואו? וואָס טראָגט ער דאָס? עפּיס א פעקעל?

— פרויקע־סערדצע, וואָס הערט זיך דאָרט? שוין, צי נאָך ניט? פרויקע! וואָס שטומסט דו? רעד! שוין, צי נאָך ניט?...

— שוין... נאָך ניט... געפעלט דיר אביסעל, ווי זי האָט גע־עפענט א מויל! ליגט אין דער ערד אלע! וועהד די כפרה פאר מיר און פאר מיין בליומקע'ן! א שענע פאָדיאקע! גערעדט און גערעדט — זאָלסט זאָגען, אפילו אין האַנט אריין אָנגעשפיגען...

ווער? וואָס? ווענען? איין אויבערשטע העמה, איין אַלטען זשילעט — מכות־בכורות אייך אַלע מיט אייער בעל־הבית'טע צו־זאַמען! זי האָט דערזעהען ביי מיר די שליסלעך, האָט זי זיי ביי מיר צוגענומען... געוועזען זיעבען יאָהר, האָב איך קיין פּאָדעם נישט גענומען, וועל איך געהן היינט צו דער שאַפע, געהן זאָלט איהר אויף קוליעס!... האַרעווע פון אייערטוועגען טאָג מיט נאַכט, ווי אַ פאַרקויפטער, קיין חיי־שעה, — און וואָס?... ברענען זאָלט איהר אויפ'ן פייער! איין אומגליק וואָלט געוועזען, ווען פּרויקע זאָל האָבען נאָך אַ גאַרניטער מיט נאָך אַ פּאָר שטיוועלעטען!... און אַ זייגער? ווער האָט היינט ניט קיין זייגער? אַ ליאַרע פאַרך טראָגט זיך היינט אַרום מיט אַ זייגער: נאַ, זעה, קוק מיך אָן! און פּרויקע דאַרף ניט! פּרויקע דאַרף גאַרניט! פּרויקע דאַרף נאָר דיענען יעדען באַזונדער, ווי אַ הונט!... די שטיוועל פּוץ, צום טיש דער־לאַנג, געגנג לויף, אַ בריעף טראָג־אָפּ, אהין געה, דאָרט שטעה — טפו זאָלט איהר ווערען אַלע מיט אַנאַנדער!... זעלדע! די לע־פעל! ניט אַהער די לעפעל!

— וואָסערע לעפעל? וואָס טשעפּעסט דו זיך?

— אַנאַ, די זילבערנע לעפעל! אַ טוץ לעפעל! ניט נאָר אַהער, זייט מוחל, די זילבערנע לעפעל, זעלדע! נו, גיכער, גיכער!...

---

## דער פיערטער אקט.

— אוי, מיין קרוין, מיין סענדער! אויף וועמען לאָזט דו מיך איבער? ביי נייען און דרייסיג יאָהר איין אַלמנה — וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַזעלכעס?...

— וויינט ניט, שוויעגער, גאָט איז אַ פאָטער, און דער שוועהר קאָן נאָך לעבען בלייבען, שוויעגער!

— אוי, זאָג עס ניט, סאָניטשקע, זאָג עס ניט! דו האָסט איהם נישט געזעהן היינטיגע נאַכט, סאָניטשקע! סע איז גאָר ניט דער סענדער, וואָס פריהער!

— אַט וועלען מיר הערען, וואָס וועט דער דאָקטאָר זאָגען, שוויעגער! דער דאָקטאָר איז דאָרט?

— אוי, וואָס קאָן איהם דער דאָקטאָר העלפען, סאָניטשקע, אז איך בין אזוי זינדיג ביי גאָט און אזוי אומגליקליך, עלענד און אומ־גליקליך?...

— אוי, אזא ברודער, איין־און־איינציגער ברודער, ווי איין אויג אין קאָפּ! קינדערלעך, בעט גאָט, ער איז אַ גרויסער גאָט, אַ שטאַר־קער גאָט, אַ גוטער גאָט, ער קאָן אַלץ, ער קאָן פון טוידט אויך לע־בעדיג מאַכען!... אוי, מיין טייערער סענדער! געדענקסט דו, ווי טייער דיין איינציגע שוועסטער, דיין דאָבריש, איז ביי דיר געווען? געדענקסט דו, סענדער מיינער, ווי געטריי, ווי גוט איך בין געווען צו דיר, אַז דיר איז, ניט היינט געדאַכט, די צייט געוועזן ניט אין בעסטען, און איך האָב דיך, סענדער, אונטערגעהאַלטען מיט אַלץ, ווי ווייט איך האָב געקאָנט, און דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אז גאָט וועט דיר צושיקען אַ שטיקעלע הצלחה, וועסטו דו מיר אָפּדאַנקען מיט׳ן גרעסטען כבוד, און צום סוף, סענדערעל, האָסט דו פאַרגעסען אָן דיין איינציגע שוועסטער דאָבריש, וועלכע איז דיר אפשר גע־טרייער פון איין אַנדערען, סענדערעל, לאָז דיר גאָט מוחל זיין, ווי איך בין דיר מוחל מיין קריוודע, סענדערעל! מסתמא וועלען מיר דיינע טייערע קינדערלעך ניט פאַרלאָזען אויף דער עלטער, און עמיצער וועט זיך אפשר אַרומקוקען אויף מיר אויך, דיין איינציגע שוועסטער, אַ פאַרוויסטע אַלמנה און אַ קראַנקע, סענדערעל! נאָר איך האָב נאָך אַ בטחון אויף דעם, וואָס איך בין ניט ווערטה זיין הייליגען נאָמען צו דערמאַנען אָט דאָ, אַז אויב איך האָב ביי זיין שטוהל אַ שטיקעלע זכות, וועט ער איהם נאָך צושיקען אַ רפואה־שלמה, אם ירצה השם, חאָטש אַנדערע קוקען אַרויס, סענדערעל, אויף דיין טוידט, און איך וועל נאָך האָבען די זכיה צו רעדען מיט דיר, אם ירצה השם, און דאָס אַלץ דערצעהלען אין פריידען!...

---

## דער לעצטער אקט.

דער דאָזיגער לעצטער אקט קומט־פאָר אין אַ צוגעשלאָסענעם חדר, וואוהין מיר קאָנען בשום אופן נישט אריין. איך האָב נאָר געקאָנט זעהען דורך דעם פענסטער אונזער גענערטעסטע מאדאם רעוועקא זעמעל, וועלכע איז געזעסען מיט זעהר אַ פערפלאָמט פנים ביי אַ קיילעכיגען טיש, אָנגעשפארט דעם קאָפּ אויף איהר שענער ווייסער האנד, און איהרע גרויע אויגען האָבען אומגעבלאָנזעט פער־טראכט.

נאָר איין גאָט ווייסט, וואָס טראכט אצינד די דאָזיגע פיינע פרוי? ארום איהר דרעהט זיך ארום איהר ליעבליכער מאַן, דער געריהמטער אָסיפּ זעמעל, מיט די הענד אין די קעשענים, קוועטשענ־דיג די סקריפּענדיגע שטיוועל; ער וויל צוגעהן צו רעוועקא׳ן און וויל איהר עפּיס זאָגען, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, קאָן ער ניט...

וואו איז אונזער מארקוס, דער יונגסטער פון אלע יורשים?...
סע קאָן זיין, אַז ער איז דער איינציגער, וואָס זיצט אצינד איבער׳ן פאָטער׳ס קאָפּ. סע קאָן זעהר געמאָהלט זיין, אַז מארקוס איז דער איינציגער, וואָס האָט אין דער מינוט לחלוטין פערגעסען אָן זיך און טרעט נישט אָפּ פונ׳ם קראַנקען פאָטער, וואָס איז פארביי. אלץ קאָן זיין אויף דער וועלט, און מיר זענען נישט מחויב אריינ־קריכען יעדען בעזונדער אין הארצען אריין. גיט אהער אייער האנד, לעזער, און לאָמיר אוועקגעהן פון דעם דאָזיגען הויז אין דער דאָ־זיגער נאכט, מחמת קיין פערגעניגען, ווי איהר זעהט ארוים, קאָנען מיר דאָ היינטיגע נאכט נישט געניסען... לאָז גאָט געבען פריילי־כערע און מעהר איינגענעמענע סצענעס אין אונזער לעבען!

---

## דאָס צעהנטע קאַפּיטעל.

וואו אונזער געשיכטע בעקומט גאָר איין אנדער פנים.

שווארצע וואָלקענס האָבען זיך אָנגערוקט אויף סענדער בלאַנק׳ס הויז און אַ פינסטערע, אַ שרעקליך פינסטערע נאכט האָט זיך דאָ

אויסגעצויגען: אַ גאָט'ס שטראָף האָט זיך אויסגעגאָסען אויף סענ־דער'ס קאָפּ מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד. נאָר... לָמאַי זאָלען מיר זיך נאַרען? איהר האָט שוין געוויס געלייענט גענוג ראָמאַנען און זענט שוין מסתמא גוט בעקענט מיט די אַלע אַנשטעלען, מיט די קונצען פון דעם ראָמאַניסט, וואָס פיהרט אייך און פיהרט אייך, און איהר מיינט, אַז איהר זענט שוין מיט איהם איינגאַנצען פאַרטיג! צום סוף — סטאָפּ! אייערע נערוועז זענען שטאַרק אָנגעצויגען און ביז'ן סוף געפינט איהר זיך אין איין ציטערניש, אין איינע פּחדים. ניין, רבותי! איך בין אַ שלעכטער ראָמאַניסט, איך קאָן ניט אָט די מלאכה, און סודות האָב איך פיינט: אונזער פיעל־געליעבטער העלד סענדער איז ניט געשטאָרבען, הגם איך וואָלט געקאָנט אויס־פיהרען גאַנץ לייכט, אַז ער זאָל יאָ שטאַרבען, אַזוי ווי עס שטאַרבען פיעל העלדען ביי'ם פערפאַסער אונטער דער האַנד און ווערען ביי איהם דערטרונקען אין איין טראָפּען טינט. נאָר, איך פרעג אייך, איז דאָס אַ קונץ אַ גרויסער — אַזוי זיך בעגעהן מיט אַ פרעמד לעבען? מע דאַרף האָבען יושר, מיינע ליעבע פריינד, און מע דאַרף בערעכענען יענעם אויך. סענדער בלאַנק האָט טאַקי געשרי־בען אַ צוואָה, געזאָגט ווידוי, זיך פיין געזעגענט מיט דער פאַמי־ליע, נאָר שטאַרבען האָט ער פונקט אַזוי געוואָלט, ווי איך מיט אייך ווילען שטאַרבען.

— נו? וואָס האָב איך געזאָגט? ווער איז גערעכט? האָב איך אייך דען ניט געזאָגט, אַז עס מוז קומען אַ קריזיס? אָט קאָ־עזאַר אָט ניהיל — אהין אָדער אהער! ראַנקען און לויבען גאָט, וואָס אהער!

אַזוי האָט געזאָגט אונזער געטרייער דאָקטאָר קלוגער מיט אַזאַ רוהיגער שטימע, אַז די מוהמע דאָבריש האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און האַלטענדיג די הענד איבער'ן קאָפּ, האָט זי צע־שטופּט דעם גאַנצען עולם און האָט זיך געלאָזט צום חולה אין קאַ־בינעט אריין.

— אוי, לאָזט מיך! לאָזט מיך! לאָזט מיך! לאָזט מיך צו איהם! איך וויל איהם זעהען מיט מיינע אויגען! איך וויל איהם אַנקוקען! לאָזט מיך! לאָזט מיך!

ביי די דאָזיגע ווערטער האָבען זיך אַלע אונזערע בעקאַנטע פרויען איבערגעקוקט צווישען זיך. אונזער געליעבטער סאַטיריק אָסיפּ זעמעל האָט אַזוי אַנגעטראָטען מאַרקוס'ען אויפ'ן פוס, אַז יענער האָט אַזש אויסגעשריגען פאַר ווערטיג.

דאָס גאַנצע געזינדעל האָט זיך צענויפגעקליבען אַרום דעם קראַנקען סענדער'ען, וואָס איז פון טוידט לעבעדיג געוואָרען — מזל טוב!

— וואָס זאָגט איהר אויף מיין מאַן? — האָט די גוטע דאָק־טאָרשע געקלונגען אין אַלע גאַסען. — וואָס זאָגט איהר עפּיס? איאַ, מע מעג בעטען גאָט פאַר אַזאַ דאָקטאָר? פון טוידט לעבעדיג געמאַכט! וואָס? ניין אפשר? וואָס, איך בעט אייך? אַ מענטש האָט עפּיס אַ ווערטה? אָט לעבט ער, און אָט — טפו!

און די גוטע דאָקטאָרשע שנייצט די נאָז און ווישט די אויגען, און אַלע גוטע ווייבער שנייצען די נעז און ווישען די אויגען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַך, ווי שען, ווי איינגענומען, ווי זיס דאָס איז אָנצוקוקען פון דער ווייטען אַזאַ אידיליע, ווען די גאַנצע פאַמיליע טאַנצט־אַרום אַרום דעם קראַנקען, וואָס האָט איבערגעלעבט די שווערע קראַנק־הייט, איבערגעקומען, אָפּגעשוויצט, איבערגעטראָגען דעם קריזיס, און אַצינד הויבט ער אָן קומען צו זיך, ביסלעכווייז ווערען אַ מענש, איבער־אַ־נייעם לעבען, לעבען צוזאַמען מיט אָט די אַלע איבערגע־געבענע, ליעבע, געטרייע, וואָס קוקען איהם אין די אויגען אריין און קאָנען זיך גאָר זאַט ניט אָנקוקען, גלייך ווי מע האָט איהם ניט געזעהען שוין פון צוואַנציג יאָהר, גלייך ווי ער האָט זיך אומגע־קעהרט פון אַ ווייט לאַנד, און יעדער לויפט איהם מקבל־פּנים זיין, און ביי יעדען אין די אויגען בעקומט ער גאָר איין אַנדער חן, און

וואָס ער זאָל ניט זאָגען, איז דאָס אַ חכמה. אַלע דרעהען זיך אַרום איהם, נאָר מעהר פון אַלע איז דאָס ווייב. מיר דאַכט זיך, אַז די ווייבער זענען דערויף בעשאַפען געוואָרען, אַז זיי זאָלען וויינען, ווען מיר ליגען שלאָף, און פרייהען זיך און אַרומטאַנצען אַרום אונז, ווען מיר הויבען־אָן געזונד צו ווערען.

דער מחבר פון׳ם דאָזיגען בוך האָט ערגיץ אַ חבר און זעהר אַ נאָהענטען גוטען פריינד, וואָס איז אָפּגעלעגען דריי וואָכען אויף אַ היציגע שלאַפקייט, און אַז ער האָט אָנגעהויבען קומען צו זיך, און איך בין געקומען איהם צו בעזוכען, האָט מיך בעגעגענט אין פאָרצימער זיין ווייב, זעהר אַ צערטליך בעשעפעניש, וועלכע איז איהם געוועזען אַזוי שטאַרק איבערגעגעבען, טאַקי נאָר ווי אַ גוט, אַ געטריי ווייב קאָן זיין איבערגעגעבען איהר מאַן אַ יאָהר דריי נאָך דער חתונה.

— נו, וואָס מאַכט ער, דער פיינער מענטש?

— אָ, ער האָט אויסגעטרונקען אָט ערשט דריי לעפעל זופּ, דריי גאַנצע לעפעל זופּ!... — און דאָס יונגע ווייבעלע האָט זיך בעגאָסען מיט טרערען.

— איך פאַרשטעה ניט, וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו וויינען, אַז אַ מענטש טרינקט־אויס דריי לעפעל זופּ? איך בין אייך מבטיח, אַז שפּעטער מיט עטליכע טעג וועט ער קאָנען אויסטרינקען אַ סך מעהר פון דריי לעפעל, ניט נאָר זופּ, אפילו באָרשטש, און נאָך בעסערס פון באָרשטש!

— אָ, וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר? פריהער מיט דריי טאָג האָט ער מיך שוין כמעט־כמעט גאָרנישט דערקענט!... און רעדען? וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר?...

— פע, כלעבען, אַ חרפּה, אַ בושה אייך צו וויינען אַצינד! פרייהען דאַרפט איהר זיך, פרייהען, לאַכען, זינגען, טאַנצען, ניט וויינען!

— וואָס איז, איך וויין דען? — האָט מיך דאָס דאָזיגע נאַרישע ווייבעל געפרעגט, און טרערען האָבען זיך געגאָסען פון איהרע שענע

אויגען, וואָס איז איין עבירה געווען, זיי זאָלען זיין רויט און נאָס פון געוויין.

— אוי, פּאַוואָלי! פּאַמעליך! — האָט זי אָנגעשריגען אויף מיר, אַז איך האָב מיין חבר אַ גרינגען קוועטש געטהאָן ביי דער האַנד. — זעצט זיך אַט דאָ, ביי דער זייט, אָט שטעהט אַ בענקעל. איהר קאָנט איהם חלילה אומגעהרען אַ זעץ טהון מיט דער האַנט, אָדער מיט'ן פוס... — און אַליין האָט זי זיך געשטעלט אויף די קניעס ביי איהם צוקאָפּענס און האָט אָנגעהויבען צו איהם רעדען, ווי מע רעדט צו אַ ברעקעלע קינד, וואָס ליגט נאָך אין וויעגעלע און עס שפּיעלט זיך מיט די פיסעלעך:

— נו, מוציקעל? וואָס ווילסט דו? ווי אַזוי איז דיר, מו־ציקעל?

און „מוציקעל" איז געלעגען, פערוואָרפען דעם קאָפּ אַרויף, און האָט זיך געפּעסטעט, געמאַכט חנ'דלעך, ווי אַ קליין קינד, און אַז איך האָב געוואָלט מיט מיין חבר, וואָס איז אַצינד געווען אין בעסטען געזונד, אביסעל שמועסען וועגען אונזערע געשעפטען, האָט דאָס דאָזיגע ווילדע ווייבעל אַנידערגעלעגט איין הענטעל אויף איהר מאַנ'ס מויל און דאָס אַנדערע הענטעל אויף מיין מויל און האָט אונז מעהר קיין וואָרט נישט געלאָזט אויסרעדען.

דאָס אַנדערע מאָל, אַז איך בין געקומען צו־מיין חבר און האָב נאָך ניט אויספּעיעט אַראָפּוואַרפען די קאַלאָשען פון די פיס, איז שוין זיין ווייבעל געלאָפען אַקעגען מיר מיט פּאַרטיגע קולעקעס; איך האָב געמיינט, אַז זי וויל מיך דאָ טוידטען אויפ'ן אָרט.

— וואָס איז ביי...?

— ששששששא! שששא! ששא! שא! ער שלאָפט. נאָר־וואָס אַנשלאָפען געוואָרען. שששא!

— ער שלאָפט? לאָז ער שלאָפען געזונטערהייד! לאָז...

— שששששא!!! אוי, איך בעט אייך, שששא!...

און אויף איהר פּנים איז געווען אויסגעגאָסען אַזוי פיעל רחמנות מיט נעבעט, אַז איך האָב געמוזט אַנטרונען ווערען פון דאַנען און

ניט שטעהרען דעם זיסען שלאָף פון מיין גליקליכען חבר, וואָס, איך בין זיך מודה, איך האָב שטאַרק־שטאַרק מקנא געווען איהם אין דער דאָזיגער מינוט !...

איינער פון די דאָזיגע געבענשטע לייט, וואָס אויף זייער דאָלי איז אָנגעצייכענט געוואָרען צו פערזוכען דעם טעם פונ'ם דאָזיגען גליק, איז געווען, בלתי ספק, אונזער געשעצטער סענדער בלאַנק, בשעת ער איז איינגעאָנצען געזונד געוואָרען און איז אויפגעשטאַנען פונ'ם בעט. דער ערשטער, וואָס איהם איז בעשערט געווען אָנצו־קוקען איהם פריהער פאַר אַלע, איז געווען אונזער בראַווער משרת; מיט ציטערענדיגע הענד האָט פרויקע גענומען אַרויפציהען אויף זיין בעל־הבית די מלבושים, און אַז עס איז געקומען צום גילדענעם זייגער מיט דער שווערער קייט, האָט זיך פון פרויקע'ס האַרץ אַרויס־געהאַפּט אַ שווערער, שווערער זיפץ.

מיט גרויס פּאַראַד איז אונזער העלד אַריינגעקומען און האָט זיך געזעצט צום טיש מיטאָג עסען, אַרומגערינגעלט מיט זיין גאַנ־צער פאַמיליע. סענדער'ס האַרץ איז אַזוי צעווייקט געוואָרען, קו־קענדיג אויף זיינע קינדער מיט די איינינקלעך, אַז ער האָט אָנגעה־הויבען צו לאַכען, זאָגען ווערטלעך, אויספרעגען און אויסהערען יע־דען בעזונדער, און דערמיט האָט ער פריילין געמאַכט דאָס גאַנצע הויז, און יעדערער האָט דערצעהלט, ווי איבערראַשט, דערשראָקען ער איז געווען, אַז ער האָט דערהאַלטען די טרויעריגע טעלעגראַמע. און רעוועקאַ האָט, דערצעהלענדיג, זיך אַזש צעוויינט. האָט זי דער פּאָטער בערוהיגט:

— וואָס וויינסט דו, טאָכטער? אָט בין איך שוין געזונט, נאַרעלע !...

— יאָ, פּאַפּאַשאַ ! — האָט איהם די געטרייע טאָכטער גע־ענטפערט. — איך דערמאָן זיך אָבער, אין וואָס פאַר אַ טרויעריגער לאַגע איך האָב דיך געטראָפען, וויינט אין מיר מיין האַרץ... אַך, פּאַפּאַשאַ !...

— ווײַן ניט, נאַרעלע! אַבי גאָט האָט געהאָלפֿען, איך קאָן זיצען גלײַך מיט אײַך אַלע בײַ׳ם טיש, עסען און טרינקען, ווי אַ מענטש. דאַנקען גאָט דערפֿאַר, נאַרעלע!

— קײַן עין־הרע ניט! — האָט די מוהמע דאָבריש אַרײַנגע־שטעלט איהר וואָרט.

— ווען קאָן איך אײַך זעהען נאָך אַ מאָל, קינדערלעך? — האָט זיך סענדער געווענדעט צו דער גאַנצער פֿאַמיליע מיט זעהר אַ ריהרענדיגער שטימע. — איהר וועט זיך אַלע צעפֿאָהרען, יעדער אין זײַן שטאָדט אַרײַן, און איך וועל ווײַטער בלײַבען אַלײַן! אַך, ווען איך זאָל אײַך אַלעמען קאָנען האַלטען דאָ אַרום זיך! (סענדער האָט בעוויזען מיט זײַנע גרויסע הענד אַרום זיך, ווי אַ קוואָטשקע מיט די פֿליגעל, וואָס שיצען אונטער זיך אַ סך היהנדעלעך).

— איהר קאָנט דאָס דען ניט אויספֿיהרען? — האָט זיך די מאַדאַם סאָני בלאַנק אײַנגעשטעלט פֿרעגען דעם גוטען, בארעמ־הערציגען שוועהר.

— ניין, קינדער, איך קאָן דאָס ניט אויספֿיהרען: יעדער האָט זיך זײַנע גענג און איטליכער לעבט זיך מיט זײַן שכל, און עס איז זעהר שווער, אַז מיר זאָלען זיך אַלע קאָנען אויסגלײַכען. גאָט זאָל מיר העלפֿען, איך זאָל שוין פּטר׳ען, חתונה מאַכען מײַן בן־זקונים, וואָלט איך שוין מעהר ניט באַדאַרפֿט האָרעווען און וואָלט מיר געלעבט מיט מײַן אַלטיטשקער, ווי זאָגט מען, דיר דאַ באַבאַ. האַ? וואָס זאָגסט דו, מרים־חיה׳ניו?

— נו, און מיט׳ן געלט וואָס וועט איהר טהון? — האָט זיך אָסיפּ ניט ווילענדיג אַרויסגעכאַפּט און איז פֿאַרטיג געוועזען די רגע נעמען דאָס וואָרט צוריק, נאָר עס איז שוין געוועזען שפּעט: סענדער איז אָנגעצונדען געוואָרען פֿאַר כעס און האָט איהם מיט אַ שטאָך געענטפֿערט:

— וואָס איך וועל טהון מיט׳ן געלט? איך וועל דאָס געבען, געוויינטליך, דיר, און דו וועסט שוין מסתמא מאַכען דערמיט גרויסע געשעפֿטען פֿון ערד־קויהלען מיט גרויסע אַמעריקאַנישע פֿאַבריקעס...

דער גאַנצער עולם איז געבליבען זיצען ווי אויף נאָדלען, און אונזער פיינער אָסיפ האָט אראָפּגעלאָזט די נאָז און האָט אָנגע־הויבען רייבען איין פוס אָן דעם אַנדערען. אַלע האָבען דערפיהלט, אַז דערפון קאָן ארויס זעהר אַ מיאוסע סצענע, און האָבען, ווי מע זאָגט, געגאַפט אויף די נעגעל. נאָר איין מארקוס, וואָס איז עפּיס היינט געווען זעהר אויפגעלעגט און פריילעך, האָט פּלוצים אויסגע־שאָסען אזא שטאַרקען געלעכטער, אַז אַלע זענען פערציטערט גע־וואָרען. דאָס געלעכטער האָט זיך אָפּגעצויגען היבשע עטליכע מי־נוט, און מארקוס האָט זיך פערגאַנגען און איז געוואָרען ברוין און בלוי, אַזוי, אַז אַלע האָבען געמיינט, אפשר איז ער געריהרט...

— ערד־קויהלען!... חאַ־חאַ־חאַ! חאַ־חאַ־חאַ־חאַ!... — האָט מארקוס קוים אויסגערעדט און האָט זיך ווייטער פערגאַנגען אויף אַ לאַנגע צייט.

— און דאָס געלט פּאַרטעכערען — זאָגט זיך סענדער ווייטער — און פּיהרען נאָכדעם אַ פּראָצעס מיט פייפערמאַנ׳ען?...

— פּיי... חאַ־חאַ־חאַ! פּייפּ... חי־חי־חי־חי! פייפער... חאַ־חאַ־חאַ! פייפערמאַנ׳ען?... — האָט מארקוס קוים אויסגעשריגען און האָט זיך פערגאַנגען פּשוט אויף צו שטאַרבען.

מיר ווייסען ניט, וואָס איז דאָ פאַרהאַן וואָס צו לאַכען אויף ערד־קויהלען, אָדער אויף אַ פאַמיליע פייפערמאַן? ניט אַנדערש, אַז מארקוס׳ען האָט געגומען אויף צו לאַכען דער הערר זעמעל אַליין מיט זיינע געשעפטען און פּראָצעסען, און ווייל דעם פּאַ־טער׳ס ווערטער האָבען דאָ געהאַט דעם גרעסטען עפעקט, דעריבער האָט זיך מארקוס ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט געמוזט איין מאָל פאַר אַלע מאָל ארויסלאָזען דאָס, וואָס האָט איהם עטליכע טאָג בסדר אַזוי געשטיקט. אקעגען זשע אָבער, פאַר דעם הערר זעמעל איז דאָס געווען די גרעסטע בעלעדיגונג, און מיר קאָנען איהם, על־פּי יושר, בשום אופן ניט שולדיג מאַכען, וואָס ער האָט זיך אויפגעהאַפּט פונ׳ם אָרט און האָט אָפּגעשטעקט זיין געליעב־

סטען שוואַגער אַ פלאַם־פייערינגען פּאַטש, אַזוי, אַז די פענסטער האָבען אַזש געקלונגען.

דער דאָזיגער אומגעריכטער פּאַטש האָט ווי אַ דונער דער־שלאַגען יעדען בעזונדער, און קיינער האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדען. סענדער איז געוואָרען מלא כעס וחמה און די אויגען זענען ביי איהם אָנגעגאָסען געוואָרען מיט בלוט — און ער איז טאַקי געוועזען גערעכט: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַזאַ עזות, אַז מע זאָל פּאַטשען פאַר איהם אין די אויגען, ביי זיין טיש, אין זיין הויז, זיין קינד, זיין פלייש און בלוט?!... ווי אַ צערייצטער בער, ווי אַ לייב, ווען ער האַפּט זיך אויף פון'ם שלאָף, ווי אַ בייזער לעמפּערט, איז אונזער סענדער אויפגעשטאַנען פון'ם אָרט, האָט אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף דער טיר און האָט אויסגעברומט אויף דער גראָבער שטימע:

— וואָן!... וואָן פון מיין טיש!... וואָן פון מיין שטוב!... אַלע וואָן!... אַלע!... איהר האָט געמיינט, איך שטאַרב שוין, זענט איהר געקומען מיך ירש'ענען?!... וואָן!!!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

גוואַלד, וואו נעמט מען אַזאַ פעדער צו בעשרייבען די דאָזיגע סצענע? וואו נעמט מען אַזאַ פאַרב אויסצומאָהלען דאָס דאָזיגע שענע בילד, ווי עס זיצען פערשטיינערטע מענשען מיט גלעזערנע אויגען און מיט אָפענע מיילער, און אויף זייערע פּנים'ער שטעהט אָנגעקריצט שרעק, ציטערניש און פערשטומונג? וואו נעמט מען אַזאַ כח אָראָפּצולאָזען זיך צום גרונד פון יעדענ'ס האַרץ, וואָס יעדער האָט געפיהלט, וואָס יעדער האָט געטראַכט אין די דאָזיגע עטליכע שווערע מינוטען?... לאָזען זיך אונזערע לעזער אַליין פאַר־שטעלען, איטליכער ווי ער קאָן, נאָך זיין השגה נאָך.

---

## דאָס לעצטע קאַפּיטעל.

דער פּאַרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ און דאָס שפּיעל נעמט איין ענדע.

אַ טאַרעראַם, אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער! מרים־חיה האָט זיך געקושט מיט די געסט, געזעגענט מיט די קינדער. סאָני האָט געוויינט. דער הערר אָסיפּ זעמעל איז אַרומגעגאַנגען שטאַרק צערודערט און האָט געסקריפּעט מיט נהוים רעש. מאַרקוס האָט זיך בעהאַלטען ביי זיך אין צימער און האָט עפּיס אַלע מאָל אַרויסגענומען אַ קאָנווערט און האָט איהם צוגעטראָגען צום מויל, צום האַרצען און ווייטער צום מויל. די קליינע קינדער האָבען צענויפגעלעגט זייערע קוקלעס, וואָס די באָבע האָט זיי געקויפט. נאָר איין רעוועקאַ איז אַרומגעגאַנגען זעהר צערודערט און איין באַק האָט איהר אַזוי געפּלאַמט, אַז זי האָט זיך געמוזט פערשטעלען מיט׳ן נאָזטיכעל. נאָר מעהר פון אַלעמען איז געווען פערנומען אונזער פיעלגעליעבטער געטרייער משרת פרויקע: ער האָט דאָס נעבאָך געהאָרעוועט מיט אַלע זיינע כחות, לויפענדיג אויף די טרעפּ — טאַ אַראָפּ, טאַ אַרויף, און האָט געשלעפּט פון די קעשענים לעקאַך, ניס און קאָנפעקטען, און האָט געקנייפּט זלאָטקע די שוואַרצע און מלכה דאָס מיידעל און האָט זיי געזאָגט:

— נו, קינדער? מאַרש! מאַרש! וואָס האָב איך אייך געזאָגט? חאַ־חאַ־חאַ! מאַרש אין אייער רוה אריין, פון וואַנען איהר זענט געקומען! און מיר, זעלדע, וועלען בלייבען פּאָסטאַראָמו אויף אונזער מיסט — טראַ־לאַ־לאַ! טראַ־לאַ־לאַ! טראַ־לאַ־לאַ!...

* * *

סענדער בלאַנק האָט זיך געזעגענט מיט די קינדער זעהר ליעבליך. ער האָט זיך צעקושט מיט רעוועקאַ׳ן, מיט חיים׳ען, מיט חיים׳ס קינדער, און האָט עטליכע מאָל איבערגערעדט, וואָס ער האָט פערגעסען שענקען זיי עפּיס אַ מתנה.

— אוי־וואַ! אוי־וואַ! פּאַר וואָס האָט איהר מיך נעכטען, אייערנעכטען ניט דערמאַנט? אוי־וואַ!...

נאָר אַז עס איז געקומען צום געשעצטען הערר זעמעל, האָט איהם סענדער זעהר קאַלט געזאָגט „פּאָהר־געזונט“ און האָט איהם אויסגעצויגען דעם גראָבען פינגער, וואָס אָסיפּ האָט שטאַרק־שטאַרק געדריקט און האָט מיט זעהר אַ ריהרענדיגער שטימע געזאָגט צום שווער:

— איך פּאַרהאָף, אַז איהר וועט אונז געווים פּאַרציהען. איהר ווייסט, אַז אונזער גאַנצער ווילען איז... אַז מיר... אַז איהר... אַז אייער געזונט... אַז דאָס, וואָס איהר זענט, דאַנקען גאָט, אין בעס־טען געזונט... אַז מיר אַלע... אַז... אַז... אַז...

מיט דעם לעצטען „אַז“ האָט זיך דער שענער העלד זעמעל דערוואָרגען און איז געוואָרען רויט ווי פייער פאַר חרפּה, וואָס ער איז פערקראָכען דער רוח ווייסט וואוהין!...

אָנגעצויגען, שטאַרק אָנגעצויגען איז געווען דאָס געזעגענען זיך און דאָס אָפּרייזען פון דעם הערר בלאַנק'ס קינדער, און יעדער האָט דאָס געפיהלט, און סע איז עפּיס יעדען געווען אַזוי ביטער, אַזוי שלעכט אויפ'ן הארצען, אַזוי לעדיג אינווענינ!... נאָר ארויסרע־דען, אויפדעקען דאָס איינער פאַר דעם אַנדערען האָט קיינער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט. יעדער האָט זיך געהאַט זיינע געדאַנקען, יעדער איז געווען פערנומען מיט זיך זעלבסט. נאָר די קליינע קינדער האָבען פערטרויט איינס דעם אַנדערען זייערע געפיהלען מיט זייערע געדאַנקען.

— זעה נאָר זעה, מאַני, וואָס פאַר אַ הויכער מויער! אי־אי־אַי! ביי אונז איז ניטאָ אַזאַ שטוב! אַי־אַי־אַי! וויפיעל פענסטער! וויפיעל קוימענס! וואָס איז דאָס? פּאַפּאַשאַ! מאַמאַשאַ! וואָס איז דאָס? ווער זיצט דאָ? וואָס פאַר אַ גראָז! וואָס פאַר בוימער!

גליקליכע קינדער! קוועלט־אָן, קוועלט־אָן פונ'ם גרינעם גראָז, פון די שענע בוימער, פון דער גרויסאַרטיגער רייכער נאַטור! גיך־גיך וועט איהר אפשר געוואָהר ווערען פון אַנדערע זאכען, וואָס וועלען אייך פערשלאָגען דעם קאָפּ, און איהר וועט פערגעסען די נאַטור מיט איהרע שענע בילדער, גלייך מיט אייערע עלטערען

אצינד, וואָס זענען אויך אמאָל געווען קינדער און האָבען אויך געקוקט אויף דעם דאָזיגען גראָז, מיט די דאָזיגע בוימער, מיט דער דאָזיגער זון, מיט די זעלבע אויגען, וואָס איהר קוקט אצינד... גליק־ליכע קינדער! גענב גאָט אויף לאַנג, אויף לאַנג אייער גליק!...

נאָר ווי וויסט און פינסטער עס איז אונזערע רייזענדער געווען אויפ'ן הארצען, אזוי, פערקעהרט, ליכטיג, פריש, ווארעם, גרין און פרייליך איז געוועזען אין דרויסען. אין די לעצטע טעג פונ'ם חודש מאַי איז דאָס געווען, און די זון האָט נאָך ניט אזוי געברא־טען, ווי געוואַרעמט, געלייכט, געמאַכט לעבעדיג אלץ, אי דאָס גראָז, וואָס אויפ'ן פעלד, אי די שעפעלעך, וואָס אין פעלד, אי די מענשען מיט די קליינע מענשעלעך, די קינדער, וואָס קריכען־ארוים גאַנץ פריה פון די פינסטערע האלב־צעוואלגערטע שטיבעלעך, פונקט ווי די טאראַקאַנעס פון די שפּאַלטען — אלע און אלץ בענשען, לויבען און דאַנקען די שענע ווארעמע ליכטיגע זון, וואָס שטעהט אצינד אין האלבען הימעל און גיסט פון זיך איהר צערטליכע ווארעמקייט אויף דעם גרויסען ברייטען פעלד, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג ארויס־געצויגען אויף זיך דאָס גלאַטע גרינע קלייד. ווי א לויטערער שפּיעגעל איז ריין דער הימעל; עס שווימען ארום ערטערווייז שי־טערע שטיקער וואָלקענס, נישט אויף א רעגען, נאָר אזוי שווימען זיי, אזוי לאַנג, ביז זיי ווערען צעקראָכען, צעגאַנגען, און מע ווייסט ניט, וואוהין זיי זענען אוועק. ווייט־ווייט אויפ'ן האָריזאָנט זעהט זיך ארוים א שפּיץ קלויסטער, אָדער א גרינער דאַך פון א פּריצ'י־שען הויף, עס בעווייזט זיך אויף א מינוט און עס ווערד ווייטער פערשוואונדען. דער וועג איז א פּאָסט־וועג און איז גלייך, ווי אויף א ברעט. דער שטויב איז נאָך ניט אזוי גרויס, ווי אין חודש תמוז. די סטאַיפּעס פונ'ם טעלעגראַף פליהען פאַרביי! פאַרביי! און עס שווינדעלט אין די אויגען, און מע הערט א געזאַנג פון פויגעלעך, און מע זעהט דעם גערודער, וואָס עס טהוט זיך צווישען די קליינע בעשעפענישען אין דער נאַטור. גויים מיט זייערע אָכסען און מיט זייערע אקער־צייג בעגעגענט מען גאַנץ אָפט; איינינגע פון זיי נע־

מען־אַראָפּ דאָס היטעל און געבען־אָפּ דעם גוט־מאָרגען פון דער ווייטען.

פלוצים, מע קוקט זיך גאַרנישט אַרום, אַט איז שוין דער וואַלד! פלוצים איז ווי פינסטערער געוואָרען און עס האָט מיט אַ מאָל אַ זעץ געטהאָן אַ גרינער, אַ פרישער אַראָמאַט אין נאָז אַריין, און עס איז עפּיס ווי קיהלער געוואָרען אויפ'ן לייב. מע הערט כמעט יעדען קלאַפּ פון די פיס פון די פערד און פון די רעדער. ווי אַ לאַנג, שמאָל שנירעל ציהט זיך דער וואַלד; פון ביידע זייטען יונגע בעריאָזעס, ווי מיט קרייד אָפּגעווייסט; קיין ווינט איז ניטאָ, און זייערע גרינע בלעטלעך געפינען זיך בערוהיגט, שטיל; צווישען דעם ים מיט בוימער לייכט זיך דורך די ליכטיגקייט — לויטער, פונקט ווי אַ שפּיעגעל. פון ווייט הערט מען אַ קול: „אַאו!" און דער ווידער־קול ענטפערט אויך „אַאו!"... נאָר אָט האָט זיך שוין דער וואַלד אויך געענדיגט, און מע איז אַריינגעפאָהרען אין אַ זאַמד, אַ געדיכט, טרוקען זאַמד, וואו די פערד געהען געמאָסטענע טריט, און דער וואָגען קאַטשעט זיך פּאַמעליך, און אָפּטמאָל האַפּט זיך אַרויס פון איין אַקס אָט ווי אַ זיפץ, אָדער אַ קרעכץ. די פערדלעך איז נישט גרינג צו שלעפּען די פיס פונ'ם זאַמד. דער רייזענדער איז דעמאָלט אויפגעלעגט אָנצושפּארען זיך אויף אַ זייט און האַפּען אַ דרימעל, אָדער אַזוי ליגען אויסגעצויגען און קוקען אַהין, אין דער ווייטקייט, און קלערען, טראַכטען, אָדער גאָר ניט קלערען, אַזוי לאַנג, ביז דער בעל־עגלה טהוט אַ געשריי אויף די פערד מיט אַ פייף, און די פערד טהוען פלוצים אַ שלעפּ דעם וואָגען און הויבען־אָן ווייטער לויפען, ווי פריהער, ביז עס קומט צום טייך, וואו די פערד שרעקען זיך פריהער און נאָכדעם געהען זיי טריט ביי טריט, און דאָס וואַסער זשומעט, רוישט אונטער די רעדער. און אַז מע קוקט אַראָפּ, זעהט מען דעם אָפּשיין פון דער זון, וואָס ציטערט אין וואַסער און וויעגט זיך אַהין און אַהער, גלייך ווי מע וואַרפט זי אונטער אין אַ ליילעך... נאָך דעם טייך איז נאָך אַביסעל זאַמד, און ווייטער — דער זעלבער ברייטער פּאַטשטאָווער שליאַך מיט די

גרינע פעלדער פוןביידע זייטען און מיט די סטויפּעס פון דעם טעלעגראַף, גלייך צום וואָקזאַל, וואָס מע זעהט אַרויס פון דער ווייטען.

אויפ'ן וואָקזאַל, אין הויף, האָבען אונזערע פּאַרשוינען שוין געטראָפען עטליכע דראָזשקעס מיט פּאַקעטאַנטעס. און די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַראָפּלאָזען נידעריגער און נידעריגער. אַראָפּ־געשפּרונגען פונ'ם וואָגען, האָט אָסיפּ געהאַפּט די דאַמען אונטער די הענד, ווי איין עכטער קאַוואַליער, און האָט זיי אַראָפּגעטראָגען אויף דער פּלאַטפאָרמע, אויסגעשריגען אויף אַ קול: „נאָסיל־שטשיק!“, חאָטש דער נאָסילשטשיק (טרעגער) האָט שוין גאַר־ניט געהאַט וואָס צו נעמען, מחמת חיים בלאַנק האָט אין זיינע ברייטע אָרעמס אריינגעחאַפּט אַלע חפצים מיט די קינדער, אפילו די בולקעס מיט די בייגעל, וואָס האָבען בעראַרפט פערנעמען איין אָרט כמעט ווי אַ פּאַסאַזשיר; נאָר אונזער געעהרטעסטער אָסיפּ זעמעל האָט געהאַט אַ „ברייטען כאַראַקטער“, און האָט ליעב געהאַט אין וועג אויסשטעלען זיך לייטיש, ווי אַ פיינער מענש, אַזוי, אַז אַלע זאָלען אַרום איהם פערדיענען... אריינגעלאָפען אין זאַל ער־שטער קלאַס, האָט דער הערר זעמעל אַ געשריי געטהאָן זעהר ברייט: „עי, טשעלאָוויעק! טשאַיו!“ — חאָטש עס איז געווען צעהן מינוט צום צוג, און קיין טיי האָט זיך לחלומין קיינעם ניט געגלוסט. דער הערר זעמעל האָט נישט געקאָנט ליידען, וואָס דער בופעטשיק שטעהט צעגויפגעלעגט די הענד. קיין טיי האָט ער אַליין נישט געטרונקען, ווייל ער האָט בעראַרפט אוועקלויפען נאָך בילעטען, און בדרך הליכה איז ער צוגעלאָפען צום בופעט, האָט גיך בעט־טראַכט דורך די אשקאַלירענע ברילען און אויסגעשמעקט מיט דער נאָז אַלע גוטע זאַכען, וואָס אויפ'ן בופעט, האָט אויסגעטרונקען (ווייטער אָהן חשק) און פערביסען, זיך צעצאָהלט אָרענטליך, גע־נומען בילעטען, מיט אַ צוויי־דריי בעקאַנטע זיך געוויטעט, שטאַרק געסקריפּעט מיט די שטיוועל, געקוקט דורך די אשקאַלירענע ברילען אויף אַ יונגע דאַמע אַזוי שטאַרק, אַז די דאַמע האָט געמוזט אָפּ־

טרעטען אין איין אַנדער זייט, און האָט זיך גענומען אַריינצווזעצן די דאַמען, רעוועקאַ'ן מיט סאָני'ן, אין וואַגאָן אַריין אַזוי געטריי, גלייך ווי ער וואָלט דערפאַר גענומען גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ געהאָלט !...

אין צוויי מינוט אַרום איז שוין קיין צוג נישט געווען; נאָר אַ ווייסער צעגאַנגענער רויך האָט זיך געקויקעלט־געקויקעלט און איז אויך פערשוואונדען ווייט־ווייט, אין דעם אונטערגעפאַרבטען הימעל, און אַ שטאַרקער פייף מיט אַ טויבען גערויש האָט נאָך אַביסעל געקלונגען אין די אויהערען פון דעם פערשוואונדענעם צוג. נאָר גיך איז אַלץ שטיל געוואָרען. דער בופעטשיק פערמאַכט שוין זיין קרעמעל; דער סטאַראָזש פערקלאַפּט שוין די טיר; די נאָך־סילשטשיקעס מיט די זשאַנדאַרמען צעגעהען זיך, דער אַהער, דער אַהין; און עס ווערד אומעטיג, — פונקט ווי אין אַ אידישער שוהל פרייטאָג צו־נאַכטס, נאָך מעריב, אַז אַלע צעגעהען זיך אַהיים, נאָר אַהרן־משה דער שמש דרעהט זיך נאָך אַרום צענויפקלויבען די איבערגעלאָזענע סידורים אויף די סטענדערס, און יאַרעמע דער שוהל־סטאַראָזש קריכט פערלעשען די לאָמפען מיט'ן מויל און די ליכט מיט צוויי בעשפּיגענע פינגער, און קוקט־אַרוים, אַז עס זאָל שוין זיין נאָך ווערמשערע, בכדי ער זאָל שוין קאָנען געהן פערלעשען די ליכט ביי עטליכע בעלי־בתים און האַפּען דערפאַר אַ טרונק בראָנפען מיט אַ שטיקעל „שבת'קאָווע“ קוילעטש.

נישטאָ קיין צוג, נישטאָ קיין פאַרשוינען, נישטאָ קיין העלדען. אפשר וועלען מיר זיך נאָך אַ מאָל מיט זיי בעגעגענען?

עס קאָן זיין.

דערווייל לאָמיר זיך געזעגענען.

אויף ווידערזעהן!

לכבוד מיין ליעבהארציגען זיידען

# רב מענדעלי מוכר־ספרים.

---

טייערער, געטרייער זיידע לעבען!

„סטעמפעניו", מיין ערשטער אידישער ראָמאַן, וואָס איז אָנגעשריבען לכבוד אייער ליעבען נאָמען, — איז איירער; ער איז אייערער ניט נאָר דערפאַר אליין, וואָס איך האָב איהם לכבוד אייך געשריבען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איהר האָט מיר אריינגעגעבען אַ חשק אַזאַ ראָמאַן צו שרייבען.

אין איינעם פון אייערע בריעף זאָגט איהר צו מיר:

„איך וואָלט אייך געראָטהען קיין ראָמאַנען גאָר ניט צו שרייבען, דען אייער גוסט, אייער זשאַנר איז גאָר עפּיס אַנדערש; און איבערהויפּט, אויב עס איז נאָר דאָ אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק ראָמאַנען, זענען זיי עפּיס גאָר אַנדערש, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. מען מוז עס גוט פערשטעהן און גאָר אַנדערש שרייבען"...

אייערע ווערטער זענען מיר טיעף אין מוח אריין, און איך האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן אויף וויפיעל אַ אידישער ראָמאַן דאַרף זיין אַנדערש פון אַלע אַנדערע ראָמאַנען, מחמת דאָס אידישע לעבען בכלל און די אומשטענדען, ביי וועלכע דער איד קאָן ליעב האָבען, זענען גאָר ניט גלייך, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. הייגט אויסער דעם האָט דאָך דאָס אידישע פאָלק זיין אייגענעם כאַראַקטער, זיין

אייגענעם אידישען גייסט מיט בעזונדערע מנהגים און רגילות׳ען, וואָס זענען גאָר פערענדערט ווי ביי אַנדערע אומות. אַט די נאַציאָנאַל־סימנים אונזערע, וואָס בלייבען תמיד עכט אידיש, מוזען זיך אַרויסווייזען אין אַ אידישען ראָמאַן, אויב ער איז נאָר באמת גענומען פונ׳ם לעבען. דאָס האָב איך אָפּגעלעהרענט פון אייערע רעד און דאָס האָב איך געוואָלט אַרויסזאָגען דורך דער אידישער טאָכטער, רחל׳ע די שענע, וואָס שפּיעלט די גרעסטע ראָלע אינ׳ם ראָזיגען ראָמאַן, און דורך אַלע אַנדערע פּאַרשוינען, וואָס דרעהען זיך דאָ אַרום איהר. אויף וויפיעל דאָס איז מיר געראָטען — דאָס איז אַ בעזונדערע שאלה; נאָר מיין רצון איז געווען צו געבען אַ אידישען ראָמאַן, ווי איהר פאָדערט עס מיט רעכט פון יעדען אידישען ראָמאַן־שרייבער.

אויך דאמיט איז סטעמפּעניו אייערער, ליעבער זיידע, ווייל דער נאָמען איז אייערער און די אידעע איז אַייערע: ביי אייך, זיידע לעבען, אין איינעם פון אייערע לעצטע ווערק, האָב איך בעגעגענט פערבייגעהענדיג דעם נאָמען סטעמפּעניו מיט אַ פלעשעלע „ליעבע־טראָפּען״, וואָס אַלע משרתים און דיענסט־מיידלעך קויפען עס ביי איהם אויף אָפּצוטהון... דאָס איז שוין געווען גענוג אויף אויפצוּוועקען אין מיין זכרון די אַלע וואונדער־ליכע מעשיות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט יונגעלווייז אין חדר אויף סטעמפּעניו׳ן — און מיין פאַנטאַזיע האָט מיר שוין אונטערגעהאָלפען צו בעשאַפען דעם דאָזיגען ראָמאַן.

עס קאָן זיין, אַז אין פיעל מקומות, ווי למשל אין דער ליטאָ, האָבען אידען פון קיין סטעמפּעניו גאָר ניט געהערט, און דעריבער וועט דער נאָמען אַליין עפּיס אויסקומען ביי זיי משונה־ווילד; דער־פאַר אָבער איז דער דאָזיגער נאָמען זעהר גוט בעקאַנט ביי אונז, אין דער גאַנצער גלופּסקער סביבה פון מאַזעפּעווקע ביז יעהופּעץ, און ווער שמועסט דאָרט, אין אייערע שטעדטלעך, אין גניל־אָפּיאַטסק, צוויאַטשיץ און טונעיאַדעווקע — דאָרט ווייסט אַ קינד אויך, ווער

סטעמפעניו איז געווען, פון וואנען ער שטאמט און וואס איז מיט איהם דער יחוס.

נאר נישט סטעמפעניו אליין איז דא אינגאנצען דער מיוחס. מיין כונה איז געווען מיט דעם דאזיגען ראמאן צו בעשאפען דריי פערזאנען, אדער, ווי מע רופט עס אן, „הויפט־העלדען": דעם אידישען קינסטלער סטעמפעניו מיט זיין פידעלע, די אידישע טאכטער רחל'ע די שענע מיט איהר אידישער עהרליכקייט און דאס אידישע ווייבעל פריידעל מיט איהר סוחר'ישען גייסט און מיט איהר צי־טערען איבער'ן קערבעל — יעדער מיט זיין בעזונדער וועלטעל. סטעמפעניו, רחל'ע און פריידעל — דאס זענען מיינע פארשוינען די מיוחסים, וואס זיצען אויבען־אן אין בויד, און די אלע איבעריגע זענען שוין גלאט אזוי זייטיגע פארשוינען, וואס האפען זיך איבער, ווי עס איז, זיצען תמיד אקעגען. דערפאר בין איך אפגעקומען די איבעריגע חברה מיט א צוויי־דריי ווערטער, און מיין גאנצע הארע־וואניע האב איך אוועקגעגעבען יענע דריי מיוחסים.

איך מיין, אז אידישע מוזיקאנטען, דאס הייסט, אונזערע חברה כלי־זמר, זענען פאר זיך גאר א בעזונדערע וועלט, און ס'איז כדאי אריינצוקוקען אין זייער לעבען אריין פיעל טיעפער, אלס איך האב עס געטהאן אינ'ם דאזיגען ראמאן. מע בעדארף דערצו האבען אייער אויג, זיידע לעבען, אייער פעדער מיט אייער התמדה.

אך, וואו נעמט מען התמדה, ישוב־הדעת? געדולד וואו נעמט מען?

„איבער א ווערק — זאגט איהר מיר אין איין אנדערען בריעף — איבער א ווערק, ליעב אייניקעל, בעדארף מען שוויצען, מען בעדארף ארבייטען, פיילען איטליכסווארט; געדענקט, וואס איך זאג אייך — פיילען, פיילען!"

פיילען! אט דאס איז טאקי די צרה מיט אונז, יונגוואַרג, וואס מיר האבען קיינמאל קיין צייט ניט און האפען־אפ דאס גאנצע ווערק, שטעהענדיג, ווי מע זאגט, על רגל אחת, טאקי אין איין

אָטהעם, נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף יעדען געדאַנק, אויף יעדען וואָרט בעזונדערע, צו אַרבייטען און פּיילען, ווי איהר טהוט. איך ווייס, ליעבער זיידע, איך פיהל עס, ווי נויטיג עס איז געווען איבערצוליטערען „סטעמפּעניו'ן“ אין עטליכע וואסע־רען. אודאי ביי אייך וואָלט סטעמפּעניו בעקומען גאָר איין אנדער פּנים; פון אייערע הענד וואָלט ער ארויס אנדערש, גאָר אנדערש; ביי אייך, זיידעניו, וואָלט שוין דאָ געווען אַ „מעשה איבער אַ מעשה“, אַ „מעשה אין אַ מעשה“ און „די מעשה אַליין“.

„איך האָב ליעב, — זאָגט איהר ווידער אין אַ בריעף — אַז חוץ דעם שענעם פּנים'על זאָל אין אַ קאַרטינקע אויך זיין לעבען, שכל און גְעדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיגען מענשען; אַ קאַרטינקע בעדאַרף, חוץ שענע מליצה, אויך מיך לאָזען עפּיס הערען“...

אָט דער סוד איז אָבער אנטפּלעקט נאָר אייך אַליין און ווייטער קיינעם ניט; בעשאַפען בילדער, וואָס זאָלען האָבען אין זיך צוויי געשטאַלטען, אַ רעכטע זייט מיט אַ לינקער זייט, איין אויבערצייג מיט איין אונטערשלאַג, אַזוי אַז אינ'ם אָפּענעם זאָל ליגען בעהאַל־טען אַ פערבאָרגענעם, אַ תוך־זאַך — דערויף, זיידע לעבען, זענט איהר נאָר אַליין דער איינציגער קינסטלער אין אונזער ליטעראַטור, און ווער קאָן זיך צו אייך גלייכען? מיר, יונגוואַרג, דאַנקען גאָט, ווען די מעשה אַליין קומט ביי אונז ארויס בשלום, אָהן אַ מום, מיט אַלע אברים פון אַ ליטעראַריש בעשעפעניש.

נעמט זשע אויף, ליעבהאַרציגער זיידע לעבען, די מתנה — מיין ערשטען אידישען ראָמאַן, ויהי רצון, און ס'זאָל זיין דער גוטער ווילען פון זיין ליעבען נאָמען, אַז מיין סטעמפּעניו זאָל געפינען לייטזעליגקייט אין אייערע אויגען, און איהר זאָלט האָבען נחת, ווי איהר ווינשט זיך אַליין, פון אייער איבערגעבענעם אייניקעל

דעם מחבר.

קיעוו, 1886.

## I.

## סטעמפעניו׳ס יחוס.

סטעמפעניו — דאָס איז אַ מין צונעמעניש, וואָס איז איהם איבערגעגאַנגען בירושה פון זיין טאַטען; זיין טאַטע, עליו השלום, איז געווען אַ כלי־זמר, האָט געהייסען בערעל באַס, אָדער „בערעל סטעמפעניר", פון סטעמפעני, אַזאַ דאָרף אין׳ם געגענד פון מאַזע־פעווקע, געשפּיעלט אויפ׳ן באַס און איז אויך געווען אַ גוטער בדחן, אַ שענער גראָם־זאָגער, אַ פערשלעפּטע קרענק, האָט זיך פערשטעלט אויף אַלע חתונות פאַר אַ בעטלער, איבערגעקעהרט די אויגען, גע־טאַנצט ווי אַ בער, נאָכגעמאַכט ווי אַ אידינע געהט צו קינד און שרייט: „באַבעניו, איך שוועהר אייך ביי אַ פּאָר תפלין, אז עס וועט מעהר אַזוי נישט זיין!"... אָדער געלאָזט פלוצים אַ וואַסער אין מיטען שמוב, אַזוי אַז אַלע אידען האָבען פערקאַטשעט די פּאָלעס און די ווייבער האָבען אונטערגעהויבען די קליידלעך; אָדער גאָר אויפגעהאַנגען אַ לונג־און־לעבער דער מחותנת׳טע אויפ׳ן פאַרטוך, און נאָך אַזעלכע אָנשטעלען און קונצען לרוב.

כלי־זמריי איז ביי זיי געגאַנגען בירושה פון אַ סך דורות: בערעל באַס, אָדער בערעל סטעמפעניר, ווי מיר ווייסען שוין, האָט געשפּיעלט אויפ׳ן באַס; בערעל׳ס טאַטע, רב שמואל׳יק טראָמייט, האָט געשפּיעלט אויפ׳ן טראָמייט; זיין זיידע, רב פייביש צימבלער, האָט געשפּיעלט אויפ׳ן צימבעל, און זיין עלטער־זיידע, רב אפרים פּאַיאָל... הכלל, סטעמפעניו קומט־אַרויס פון כלי־זמרים ביז צעהן דורות — און ער שעמט זיך דוקא ניט דערמיט, ווי ביי אידען, צווישען אונז רעדענדיג, שעמט זיך דער בעל־מלאכה מיט זיין גראַד; און עס איז גאָר קיין חידוש ניט: אַזאַ נאָמען, ווי סטעמפעניו האָט געהאַט אין מאַזעפעווקע, אַזאַ שם, ווי ער האָט זיך געקויפט אויף דער גאַנצער וועלט כמעט, איז ניט קיין קליינינקייט. אַ ווערטעלע אויסצורעדען — סטעמפעניו!

א זכיה איז געווען אומעדום ביי אידען, אז מע האָט געהאָרכט ניסי בעלזער זינגען, גריק ברחן — זאָגען, און סטעמפעניו'ן — שפּיעלען. דערפון קאָנט איהר זיך שוין מעלדען, אז סטעמפעניו איז ניט געווען קיין פּשוט'ער כלי־זמר, קיין אבי־ווער, און מסתמא האָט ער זיך פערדיענט אזא שם צווישען אלע גרויסע נישט אומ־זיסט. אידען האָבען ליעב מוזיק און פערשטעהען נגינה — דאָס וועלען אונזערע שונאים אויך ניט אָפּלייקענען, און הגם, אז מע וויל שמועסען צוריק, קומט דאָך דעם אידען אויס צו הערען מוזיק עפּיס ניט אזוי אָפט, דען וואָס איז מיט אונז אזוי די שמחה, מיר זאָלען זיך פּלוצים פערנעמען מיט שפּיעלען אָדער טאַנצען? דאָך, איהר מעגט אייך זאָגען וואָס איהר ווילט, זענען מיר פאָרט מבינים, שארפע מבינים הן אויף זינגען, הן אויף שפּיעלען, הן אויף אלע אנדערע זאכען. צו אונז אז עס קומט אראָפּ א חזן, לויפען מיר אויף בילעטען איהם הערען, און כלי־זמר אויף א חתונה איז דאָך אודאי ביי אונז א חיוב. הערען ווי די „קאַפּעליע" שפּיעלט א „שטיקעל" צו דער גילדענער יויך, געוועהנליך, נישט קיין פּריי־ליכס (א פריילי ליכס אויף שפּעטער) — דערפאר וועלען מיר אוועק־געבען א זאק באָרשטש. דער עולם זיצט מיט גרויס דרך־ארץ, און די כלי־זמר שפּיעלען איין אומעטיגס, א „מאַראַלנע", א וויינענדיגס. דאָס פיעדעלע וויינט, פערגעהט זיך אויף דער גראָבער סטרונע, און די איבעריגע חברה האַלט איהם אונטער אויך גאַנץ טרויעריג. עס פאַלט־אָן אויפ'ן עולם א שטיקעל מרה־שחורה, און יעדער ווערד ווי פערזאָרגט, אפילו גאַנץ אנגענעהם, נאָר פערזאָרגט: יעדער פערטראַכט זיך, לאָזט־אראָפּ די נאָז, און רייבענדיג מיט'ן פינגער אין טעלער, אָדער קנעטענדיג קייקעלעך פון דער פרישער חלה, פערטיעפט זיך יעדער אין זיינע געדאַנקען, אין זיינע טרויעריגע געדאַנקען, דען יעדער האָט זיך מסתמא זיין זאָרג, און קיין צרות דאַרף א איד ניט געהן לייהען. און אזוי ווערד צענויפגעגאָסען דאָס אומעטיגע שפּיעלען מיט די טרויעריגע מחשבות אינאיינעם, און יעדער קרעכץ פונ'ם פיעדעלע „טיאָך־טיאָך־טיאָך" רופט זיך אָפּ

ביי די חתונה־לייט אין הארצען און געפינט דארט א ווידער־קול. דאס הארץ בכלל, און דאס אידישע הארץ בפרט, איז א פידעלע: מע קוועטשט די סטרונעס און מע ציהט פון דעם ארויס פערשיע־דענע, און צום מיינסטען טרויעריגע, ווייגענדיגע לידער... מע דארף נאר האבען דערצו א רעכטען מוזיקאנט, א בריה, א כלי־זמר, אזא בריה, ווי סטעמפעניו איז געווען.

אוי, איז סטעמפעניו געווען א בריה! ער פלעגט א חאפ טהון דאס פידעלע און א פיהר טהון מיט׳ן סמיק, איין פיהר טהון, נישט מעהר, פלעגט דאס שוין אנהויבען ביי איהם צו רעדען. אבער ווי אַזוי, מיינט איהר, רעדען? טאקי מיט ווערטער, מיט א צונג, ווי, להבדיל, א לעבעדיגער מענש. רעדען, טענה׳ן, זינגען מיט א געוויין, אויפ׳ן אידישען שטייגער, מיט א גוואלדערניש, מיט איין אויסגע־שריי פונ׳ם טיעפען הארצען, פון דער נשמה. דעם קאפ פלעגט סטעמפעניו פערווארפען אויף א זייט, די לאנגע שווארצע פאטלע האר צעווארפען אויף זיינע ברייטע אכסלען, די אויגען, די שווארצע ברענענדיגע אויגען, פעררריסען ארויף, און דאס שענע ליכטיגע פנים פלעגט ביי איהם ווערען מיט א מאל בלייך, ווי דער טוידט; אט נאך איין מינוט — אוים סטעמפעניו! מע זעהט נאר, ווי א האנד פליהט ארויף און אראפ, ארויף און אראפ, און עס הערען זיך פער־שיעדענע קולות, און עס גיסען זיך אלערליי מיני געזאנגען, און אלץ אזעלכע אומעטיגע, טרויעריגע, אז עס נעמט־אן ביי׳ם הארצען, עס ציהט ביי דער נשמה, עס נעמט־ארויס דאס געזונד. דער עולם געהט־אויס מיט אלע כחות, מע שטארבט, מע שטארבט מיט אלע אברים. דאס הארץ ווערד פול, צעווייקט, און עס שטעלען זיך טרערען אין די אויגען. אידען זיפצען, אידען קרעכצען, אידען וויינען. און סטעמפעניו? — ווער סטעמפעניו? וואס סטעמפעניו? פרעגט איהם בחרם, וואו ער איז אין דער וועלט? ער טהוט זיך זיינס: „טיאך־טיאך־טיאך" — און געגוג! און אז ער הערט־אויף צו שפיעלען, טהוט עס א שמיץ דאס פידעלע און נעמט זיך אן ביי׳ם הארצען; די אויגען ברענען איהם דעמאלט ווי צוויי הבדלות,

און זיין שען פנים שיינט, ווי די גאנצע וועלט. דער „זלם חאפּט זיך אויף ווי פון א שלאָף, פון א טרויעריגען נאָר א זיסען שלאָף, און אַלע אידען הויבען־אָן ארויסצוזאָגען זייער התפּעלות, אַלע אין איין קול. מע אכקעט, מע אָכקעט, מע לויבט, מע שמוצערט, מע וואונדערט זיך, מע קאָן זיך גאָר ניט אָפּלויבען.

— ננננו, סטעמפּעניו! אי, סטעמפּעניו!

און די ווייבער? פון די ווייבער איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדען. ס'איז א גרויסער ספק, אויב עס ווערד אין שוהל ערב יום־כפּור צו קנויטלעך לעגען פערגאָסען אזוי פיעל טרערען, ווי־פיעל טרערען עם פלעגט דאָ אויסגעגאָסען ווערען ביי סטעמפּעניו'ס „שטיקלעך"; אויף חורבן בית־המקדש דארף מען אזוי פיעל ניט וויינען, ווי די ווייבער האָבען געוויינט בשעת סטעמפּעניו'ס שפּיעלען.

— לאָז מיך גאָט בענטשען, אז אויף מיין קלענערער טאָכטער'ס חתונה זאָל איך קאָנען אראָפּברענגען סטעמפּעניו'ן, רבונו של עולם!

אויף אזא אופן האָבען זיך געווינשעוועט די ווייבער, אויסגע־ווישען זיך די פערשוואָלענע רויטע אויגען און אויסגעשנייצט זיך דאָס איבעריגע ביסעל נאָז, און דענסטמאָל, בשעת ווינשעווען, האָ־בען זייערע העלזער פּערעל מיט די גילדענע אויהערינגלעך, מיט די פינגערלעך, מיט די בראָשען, גאָרגעל־קייטען און מיט דער איבע־ריגער אידישער ציערונג געשיינט און געבלישטשעט און געפינקעלט מיט פייער.

און ווער שמועסט די מיידלעך, די „מאַמזעלען", — די זענען גאָר נעבליבען שטעהן צוגעקאָוועט צו זייערע ערטער, ווי די טאָקען, געקוקט אויף סטעמפּעניו'ן מיט זיין פיעדעלע, נישט געריהרט מיט קיין אבר, נישט געפינטעלט מיט קיין אויג; נאָר וואו ניט וואו, דאָרט ערגיץ אויף יענער זייט קאָרסעט, קלאָפּט דאָס הערצעל: טיק־טיק־טיק, און עס חאפּט זיך ארויס אָפטליך פון דאָרט א פער־באָרגענער זיפץ...

---

## II.

## סטעמפעניו מיט זיין „קאפעליע“.

דעם רעש, וואס סטעמפעניו האט אנגעמאכט, קומענדיג ערגיץ אין א שטערטעל מיט זיין קאפעליע (ארקעכטער), און דאס קאַ־כעניש, וואס עס האט זיך בשעת מעשה געקאכט, איז גאר ניט צו בעשרייבען.

— שאט, אן שניידט זיך עפיס א בויד פון הינטער די מיהלען מיט פיער פערד; דאס זענען אודאי די מחותנים, הא?

— ניין, דאס זענען די כלי־זמר. דאס פאהרט סטעמפעניו מיט זיין קאמפאניע.

— א? סטעמפעניו? סטעמפעניו איז שוין דא? אט דאס וועט עס זיין א פרייליכע חתונה ביי חיים־בנציון גלאק, א מכה איהם!

אידיישע ווייבלעך ווערען רויטליך. די אידישע מיידלעך חאפען זיך צו פערקעמען און פערפלעכטען די לאנגע צעפ. יונגלעך פער־קאטשען די הויזלעך אריבער די פולקעס און מע לויפט מקבל פנים זיין סטעמפעניו׳ן. און אפילו אידען, בעווייבטע אידען, שוין מיט בערד, בעווייזען אויך מיט א שמייכעלע, אז עס טהוט זיי ווילד הנאה, וואס סטעמפעניו איז געקומען שפיעלען די חתונה צו חיים־בנציון גלאק; מהיכא־תיתי, וואס אהרט דאס זיי? עס קאסט זיי געלד?

ביז די בויד פאהרט־צו צו דער אכסניה ווערד דערווייל די גאס פול מיט מענשען; יעדער איז נייגיעריג א קוק טהון אויף סטעמ־פעניו׳ן מיט זיין קאמפאניע און שטעלט זיך אפ אויף א רגע׳לע.

— זעה נאר, ווי מע שפארט זיך! — שרייט יעדער בעזונדער, און שפארט זיך ארויס צום אויבען־אן, ווי דער שמייגער איז ביי אידען. — זעהר נאר זעה, ווי ער ארבייט מיט די עלענבויגענס און וויל דוקא זיין דער ערשטער! וואס האט איהר דא ניט געזעהען? כלי־זמר ווי אלע כלי־זמר!

אזוי טענה׳ט איטליכער פּאָר זיך און שטופּט זיך אַרויס צו דער בויד, פון וועלכער די חברה כלי־זמר הויבען זיך אָן אַרויסצו־רוקען איינציגווייז.

פריהער פון אַלע קריכט־אַרויס רב יאָקעל קאָנטרבאַס (וואָס שפּיעלט אויפ׳ן קאָנטרבאַס), אַ בייזער איד מיט אַ צעפּלעצטער נאָז און מיט שטיקלעך וואָט אין די אויהערען. נאָך איהם רוקט זיך רב לייביש מיט׳ן קלאַרנעט, אַ שלעפּעריג אידעל מיט אַ פּאָר גראָבע ליפּען. שפּעטער בעווייזט זיך חייקעל האָרבעטש, דער גע־וויסער חייקעל בדחן מיט׳ן האָרב. שפּעטער — אַ שוואַרצער קאָל־טענעוואַטער איד, שרעקליך בעוואַכסען, כמעט ווי אַ ווילדער מענש פון די מדבריות, מיט אַזעלכע לאַנגע ברעמען, אַז עס פאַלט־אָן אַ פּחד. דאָס איז רב שניאור־מאיר דער אונטערהאַלטער (סעקונדע). נאָך איהם שפּרינגען־אַרויס אַ צוויי־דריי יונגען, משונה־ווילדע פּער־זעהענישען מיט פערשוואָלענע באַקען, אונטערגעשלאָגענע אויגען, מיט שרעקליכע צייהן, ווי די לאָפּעטעס. דאָס זענען חברה לערענ־יונגלעך, וואָס אַרבייטען נאָך דערווייל אומזיסט, און שפּעטער, מיט דער צייט, קאָן פון זיי אַרויס לייטישע כלי־זמר. און גאָר צו לעצט קאַטשעט זיך אַרויס מיט קרומע אויסגעבויגענע פיסלעך דער געלער מעכטשי פּייקלער מיט אַ באַראַבאַן, וואָס איז גרעסער פון מעכטשי׳ן אַ גוזמא. ביי מעכטשי׳ן הויבט זיך אָן אויסצושיטען אַ בערדעל, אַ געל בערדעל, נאָר אויף איין זייט פּנים, אין דער רעכטער זייט, און די אַנדערע זייט, די לינקע זייט פּנים, איז נאַקעט, הויל ווי אַ סטעפּ. ער, מעכטשי פּייקלער, מוזט איהר וויסען זיין, האָט חתונה געהאַט צו דרייסיג יאָהר און האָט גענומען, ווי מע שמועסט, אַ ווייב אַיין אַנדרוגינוס...ווייסע־חברה׳ניקעס שווייגען ניט מסתמא, אַז סטעמפּעניו קומט־אָן מיט זיין קאַפּעליע. יעדעס מאָל פער־גנב׳עט זיך אַ חדר־יונגעל און טהוט אַ זעץ אין באַראַבאַן, אָדער אַ ציה די גראָבע סטרונע פונ׳ם קאָנטרבאַס. דער חברה־מאַן בע־קומט אַ שנייד אין האַלז און נאַקען פון רב יאָקעל קאָנטרבאַס דעם בייזען. און די גאַס הויבט־אָן ביסלעכווייז צו רודערען און צו

קאַכען, דען דער חתן איז שוין אויך אַריינגעפאָהרען אין שטאָדט אריין מיט א האַלבער מאה בחורים, וואָס זענען אַרויסגעפאָהרען אַקעגען דעם חתן ביז צו יענער זייט מיהלען — והעיר יאַמפּעלי, און דאָס שטעדטעל יאַמפּעלי, צהלה ושמחה, — קלינגט און פרעהט זיך גאָר אויף איין אַנדער אופן...

אזוי איז אין יאַמפּעלי, אזוי איז אין סטריסטש, אזוי איז אין אַלע שטעדטלעך, וועלכע האָבען אַ זכיה אַראָפּצובּרענגען סטעמ־פּעניו׳ן אויף אַ חתונה, און אזוי איז אויך דאָ, אין מאַזעפּעווקע, וואו סטעמפּעניו האָט זיך בעזעצט אויף תמיד. הכלל, עס קאָכט מיט סטעמפּעניו׳ן די גאַנצע וועלט!

---

## III.

## סטעמפּעניו׳ס הכנות.

וואָס איז אין מאַזעפּעווקע אזוי גרויס די שמחה?

רב חיים־בנציון גלאָק מאַכט חתונה די קלענערע טאָכטער, די מיזינקע רבקה׳לע, — נו, פּאַר וואָס זשע זאָל מען זיך ניט משמח זיין מיט איהם? עס איז כדאי צו זיין אויף אַזאַ חתונה: פּאָרט, ווי זאָגט מען, אַ נגיד אין שטעדטעל. אַלע וועלען זיין אויף דער חתונה: ווער פאַר גוט־פריינדשאַפט, ווער פאַר קנאה, ווער פון יוצא וועגען, און ווער צו בעווייזען דעם ווייב׳ס פּערעל, די אויהע־רינגלעך, אָדער די נייע גאָרגעל־קייט, וואָס ער האָט געבּראַכט דעם ווייב פון׳ם יריד, און נאָך מעהר — צוליעב סטעמפּעניו׳ן. הכלל, אַלע זענען דאָ אויף דער חתונה! גאַנץ מאַזעפּעווקע פרעהט זיך ביי חיים־בנציון גלאָק אויף רבקה׳לע׳ס חתונה! און ווער שמועסט אייזיק־נפתלי מיט׳ן ווייב און מיט די קינדער אודאי, דען אייזיק־נפתלי איז חיים־בנציון גלאָק׳ס אַ שותף אין קלייט, אַ שותף אין דער מיהל, און דערצו אַ שטיקעל קרוב אויך, סע הייסט, אייזיק־

נפתלי׳ס ווייב קעהר זיך אָן אַ שטיקעל אייגענע מיט דער מחותנת׳־טע, עפּיס אַ שטיקעל שני שבשלישי פון דער מאַמע׳ס צד.

דעריבער דרעהט זיך אַרום אייזיק־נפתלי׳ס ווייב, דוואָסי־מלכה, אויסגעשלייערט, ווי איין אמת׳ע מחותנת׳טע. זי דרעהט זיך אַרום און טהוט גאָר ניט, נאָר זי מאַכט מיט די הענד און שרייט און פּילדערט, גלייך ווי זי טהוט עפּיס. און דוואָסי־מלכה׳ס שנור, רחל׳ע די שענע, שטעהט נעבען דער כלה אויסגעצוויקעלט, ווי אַ בת־מלכה, און איהרע גרויסע בלויע אויגען שיינען, ווי צוויי גרויסע בריליאַנטען, און איהרע רויטע בעקלעך שפּיעלען איהר, ווי צוויי בליהענדיגע רויזען. מיט איין האַנד האַלט זי דער כלה׳ס צעלאָזטע האָר, וואָס די ווייבער האָבען איהר צעפלאָכטען פאַר׳ן „בעדעקענס“ מיט גרויס געוויין, און מיט דער אַנדערער האַנד גלעט זי זיך איהר ווייסען האַלז, גאָרנישט צו בעמערקען, ווי אַ פּאָר שוואַרצע ברע־נענדיגע אויגען קוקען אויף איהר די גאַנצע צייט גלייך אָהן איין אויפהער... די סאַרווערם מיט די סאַרווערקעס לויפען־אַרום, ווי די פּער׳סמ׳טע מייז. די מחותנים ליאַרעמען: „אוי, גוואַלד! שוין צייט צו באַדעקען די כלה! ביז וואַנען איז דער שיעור צו מוטשען די קינדער, וואָס פאַסטען נעבאַך אַזאַ זומער־טאָג?“ אַלע שרייען: „שוין צייט! שוין צייט!“ — נאָר טהון טהוט מען גאָרניט. אייזיק־נפתלי דרעהט זיך אַרום מיט אַ כאַמעטען קאַשקעטעל, די הענד פּערלענט אַרונטער, ווי אַ מגיד, און דוואָסי־מלכה פּילדערט אויף קולי־קולות. די איבעריגע מחותנים פוןביידע צדדים לויפען איינער איבער׳ן אַנדערען מיט די הענד אויף־צו־פריהער, גלייך ווי זיי וואָל־טען עפּיס געוואָלט טהון אַזעלכעס, נאָר מע גיט זיי קיין אַרבייט ניט.

— נו, פאַר וואָס טהוט מען שוין עפּיס ניט? — פרעגט חתנ׳ס צד.

— פאַר וואָס הויבט מען שוין עפּיס ניט אָן צו טהון? — ענט־פערט כלה׳ס צד.

— האָסט דו געזעהען, מע זאָל האַלטען אַזוי לאַנג הונגעריגע קינדער? — שרייט חתנ׳ס צד.

— האָסט דו געהערט, מע זאָל אזוי לאַנג האַלטען הונגעריגע קינדער? — שרייט כלה'ס צד.

— וואָס לויפט מען ארום הין און צוריק?

— וואָס איז פאר א לויפען, וואָס מע לויפט?

— אַלע לויפען, אַלע פּילדערען און מע שטעהט אויף איין אָרט, — שענע פּאַראַדקעס!

— אבי מע לויפט און מע פּילדערט — און טהון וויל קיינער פון דאַנען אהין.

— טאָמער וואָלט שוין גענוג געווען צו רעדען? שוין צייט עפּיס טהון! עס מוז דאָך אמאָל האָבען איין עק!

— נו, גענוג שוין רעדען! לאָז מען שוין אָנהויבען טהון! איין עק לאָז דאָס האָבען!

— וואו זענען די כלי־זמר? — פרעגט חתנ'ס צד.

— די כלי־זמר וואו זענען? — ענטפערט כלה'ס צד.

און די כלי־זמר זענען זיך פערנומען מיט זייער ארבייט: מע שמירט די סמיטשקעס, מע שטעלט־אָן די כלים. רב יאָקעל באַס טראָגט א יונגעל פאר איין אויהער און טיילט איהם איין שטילער־הייד: „הער, ממזר, איך וועל דיר ווייזען ווי אזוי צו ציהען סטרו־נעס!" מעכטשי פּייקלער קראַצט זיך דאָס בעוואַכסענע האַלבע פנים, נישט קוקענדיג אויף קיינעם. רב חייקעל בדחן רעדט מיט א בעקאַנטען מלמד, נעמט ביי איהם א שמעק טאַבאַק מיט צוויי פינגער און שיט ווערטלעך, ווי פון א זאַק. און די איבעריגע כלי־זמר, די פערשוואָלענע יונגען מיט די גרויסע צייהן ווי די לאָפּע־טעס, שטעהען ארום סטעמפעניו'ן און שמועסען זיך מיט איהם אוים אויף זייער לשון וועגען א וויכטיגען ענין.

— ווער איז אָט די דאָזיגע שעכטע[1], וואָס שטעהט נעבען דער סמיסאַנקע[2]? — פרעגט סטעמפּעניו אויף כלי־זמר־לשון, אָנווויי־זענדיג מיט די אויגען אויף רחל'ע דער שענער. — גאָר נאָר,

---

[1] שעכטע — נקבה. [2] סמיסאַנקע — כלה.

ירחמיאל, — זאָגט ער צו איינעם פון די געשוואָלענע כלי־זמר־יונגען, — גנעה נאָר און פּראַבע־אויס[3] מהטאם[4], אָבער חידקע[5], ירחמיאל, חידקע!

ירחמיאל קומט גיך צוריק מיט אַ קלאָרער תשובה:

— דאָס איז ניט קיין שעכטעל[6], דאָס איז שוין אַ יאַלדראָווקע[7]. דאָס איז אייזיק־נפתלי׳ס שנור, פון סקווירע איז זי, און אָט דאָס איז איהר יאָלד[8] — זעהט איהר? אָט דרעהט ער זיך אַרום מיט אַ סאַמעטענער קאַטערוכע.[9]

— די כפּרה זאָלסט דו ווערען, ירחמיאל! — זאָגט סטעמפּעניו גאַנץ אויפגעלעגט. — אַזוי גיך ביזט דו געוואָהר געוואָרען? ע, זי איז דאָך טאַקי גאָר אַ קליווע[10] יאַלדראָווקע! זע נאָר, זעה, ווי זי מאַטרעט[11] מיט די זיקרעם[12]!

— אויב איהר ווילט — פרעגט ירחמיאל דער פערשוואָלענער ביי סטעמפּעניו׳ן — אויב איהר ווילט, וועל איך געהן מיט איהר טירען[13]...

— ליג אין דער ערד! — ענטפערט איהם סטעמפּעניו. — מע בעט דיך ניט פאַר קיין שילאַטען־שמש. איך וועל אַליין טירען מיט צוזעניכע[14].

— אנו, וואַרף נאָר אַרויס פון דער פיעדעל אַ פּאָר שוואַרצע אויגען! — רופט זיך אָן שניאור־מאיר אויף זייער לשון. — שלעפּ נאָר אַרויס פון דער פיעדעל אידישע קישקעס!...

סטעמפּעניו נעמט זיך צום פיעדעלע, טהוט אַ וואונק צו דער חברה, און מע נעמט זיך אָנשטעלען די כלים.

---

[3] פּראַבע אויס — ווער געוואהר. [4] מהטאם — ווער איז זי. [5] חידקע — געשווינד. [6] שעכטעל — מיידעל. [7] יאַלדראַווקע — ווייבעל. [8] יאַלד — מאַן. [9] קאַטערוכע — היטעל. [10] קליווע — שענע. [11] מאַטרעט — קוקט. [12] זילרעס — אויגען. [13] טירען — שמועסען. [14] מיט צוועניכע — מיט דער דאַזינער.

## IV.

## סטעמפעניו׳ס פיעדעלע.

בקיצור, גאָט האָט געהאָלפען, און סטעמפעניו האָט זיך גע־נומען בעזועצען די כלה.

אך, איך פיהל, אז מיין פעדער איז שוואך צו בעשרייבען, ווי אזוי סטעמפעניו האָט בעזועצט א כלה! דאָס איז ניט געווען גלאָט אזוי געשפּיעלט, גערימפּעלט; דאָס איז געווען א מין „עבודה", א גאָט׳ס דיענסט מיט עפּיס זעהר א הויכען געפּיהל. מיט עפּיס זעהר איין איידעלען גייסט! סטעמפעניו האָט זיך אוועקגעשטעלט אקעגען דער כלה און האָט איהר געהאַלטען א דרשה אויפ׳ן פּיע־דעל, א שענע א לאַנגע דרשה, א ריהרענדיגע דרשה, איבער דעם פריי און גליקליך לעבען פון דער כלה ביז אהער, פון איהר מיידעל־שטאַנד, און איבער דעם פינסטערען ביטערען לעבען, וואָס ער־וואַרט זי אויף שפּעטער, שפּעטער: — אוים מיידעל! איבערגע־דעקט דעם קאָפּ, פערשטעלט די שענע לאַנגע האָר אויף אייביג... ניטאָ די פרייליכקייט! זיי געזונד, יוגענד. אַט ווערסט דו א איי־דינע!... עפּיס זעהר נישט פרייליך, גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רעד!...

אַט אזעלכע ווערטער הערען זיך כמעט ארוים פון סטעמפּע־ניו׳ס פּיעדעלע. אלע ווייבער פערשטעהען גוט דעם פּשט פון דער דאָזיגער שטומער דרשה, אלע ווייבער פיהלען עס; זיי פיהלען דאָס, און וויינען דערויף מיט ביטערע טרערען.

— ווי לאַנג בין איך אזוי געזעסען — קלערט זיך א יונג ווייי־בעל, שלינגענדיג די טרערען — ווי לאַנג בין איך אזוי געזוע־סען מיט צעלאָזטע צעפלאָכטענע צעפּ און האָב נאָר געמיינט, אז מלאכים שפּיעלען זיך נאָר מיט מיר, אז איך בין איינע א גליקלי־כע? צום סוף... אך, צום סוף!...

— בעשער איהר, גאָט, — טהוט בעטען איין אַלטע אידינע, א מוטער פון דערוואַכסענע טעכטער — בעשער איהר, גאָט, מיין על־

טערער טאַכטער איהר זיווג אין גיכען, נאַר מיט מעהר מזל ווי מיר, נאַר מיט אַ שענערער דאָליע ווי איך האָב ביי מיין מאַן, גאָט זאָל מיך נים שטראָפען פאַר די רעד!...

אָט אין אַזעלכע מחשבות פאַלען־אריין די ווייבער, און סטעמ־פעניו טהוט זיך זיינס: ער ארבייט מיט אַלע כלים, און דאָס פיעדעלע רעדט. דאָס שפּיעלט סטעמפעניו אַ וויינענדיגס, און די קאַפּעליע האַלט איהם אונטער. עס ווערד שטיל, אוים ליארם, אוים געפּילדער. אַלע, אַלע ווילען הערען סטעמפעניו'ן. אידען ווערען פערטראַכט, ווייבער ווערען אַנשוויגען, יונגלעך, מיידלעך קלעטע־רען ארויף אויף בענק און אויף טישען — יעדער וויל הערען סטעמ־פעניו'ן.

— ששאַ! שטילער! עולם, לאַז זיין שטיל!!

און סטעמפעניו צעגיסט זיך אויפ'ן פיעדעלע און צעגעהט זיך, ווי אַ וואַכס: טיאַך־טיאַך־טיאַך — מעהר הערט מען נישט; אַ האַנד פליהט אויף און אַפּ — מעהר זעהט מען נים. און עס הערען זיך אַלערליי קולות, און עס גיסען זיך פערשיעדענע מיני געזאַנגען, און אַלץ אומעטיגע, טרויעריגע, אז עס נעמט אָן ביי'ם הארצען, עס ציהט די נשמה, עס נעמט ארוים דאָס חיות. דער עולם געהט־אוים מיט אַלע כחות, דער עולם שטאַרבט, שטאַרבט מיט אַלע אברים. דאָס הארץ ווערד עפּיס אַזוי פול, אַזוי צעווייקט, און עס שטעלען זיך טרערען אין די אויגען. אידען זיפצען, אידען קרעכצען, אידען וויינען... און סטעמפעניו ?—ווער סטעמפעניו ? וואָס סטעמפעניו ? מע זעהט איהם גאָרנים, מע זעהט נים קיין סטעמפעניו, מע זעהט נים קיין פיעדעלע; מע הערט נאַר זיסע קולות, געטליכע געזאַנ־גען, וואָס פילען־אָן די גאַנצע שטוב... און רחל'ע די שענע. וואָס האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט קיינמאָל סטעמפעניו'ס שפּיע־לען, רחל'ע, וואָס האָט געהערט, אז ס'איז דאָ אַ סטעמפעניו. נאַר זי האָט נאָך נישט געהערט אַזאַ מין שפּיעלען, שטעהט און הערט זיך צו צו די כשופ'דיגע געזאַנגען, צו די זעלטענע קולות — און פערשטעהט נים וואָס דאָס איז? עפּיס ציהט דאָס איהר דאָס

האַרץ, עפּיס גלעט דאָס זי ביי דער נשמה, נאָר וואָס דאָס איז — פערשטעהט זי נים. זי הויבט אויף די אויגען, אהין, פון וואַנען עס גיסען זיך די זיסע קולות, און דערזעהט אַ פּאָר וואונדערשענע שוואַרצע אויגען, פייערדיגע אויגען, וואָס קוקען גלייך אויף איהר, און נעמען זי דורך, ווי שפּיזען, ווי שאַרפע שפּיזען. די וואונדער־שענע שוואַרצע פייערדיגע אויגען קוקען אויף איהר און ווינקען צו איהר און רעדען מיט איהר. רחל׳ע וויל אַראָפּלאָזען איהרע אויגען אַראָפּ — און קאָן נים.

„אַט דאָס איז סטעמפּעניו?“

אזוי קלערט זיך רחל׳ע די שענע, ווען דאָס „בעזועצען“ האָט זיך שוין געענדיגט און די מחותנים הויבען אָן צו טראַכטען מכח פיהרען צו דער חופּה.

— וואו זענען ערגיץ די ליכט? — פרעגט חתנ׳ס צד.

— די ליכט וואו זענען? — ענטפערט כלה׳ס צד.

און אזוי ווערד ווידער דער אייגענער געפילדער, וואָס פריהער. אַלע לויפען און מע ווייסט נים וואוהין. מע קוועטשט זיך, מע שטופּט זיך, מע טרעט־אָן אויף מאַזאָלים, מע צרייסט קלייד־לעך, מע שוויצט, מע זידעלט די סאַרווערס מיט די שמשים, און זיי זידלען צוריק די מחותנים, און די מחותנים אַמפּערען זיך צוויי־שען זיך — עס איז, ברוך השם, גאַנץ לעבעדיג!

אין דער מהומה, וואָס עס ווערד בשעת מע געהט צוריק פון דער חופּה, חאַפּט זיך סטעמפּעניו אַרוים פון דער קאַפּעליע, און אַט איז ער שוין אויסגעוואַכסען צווישען די ווייבער, אָט דאָ, נע־בען אייזיק־נפתלי׳ס שנור, רחל׳ע דער שענער. ער וואַרפט זיך איבער מיט איהר מיט אַ פּאָר ווערטער, צושמייכלענדיג און קרייז־לענדיג זיך זיינע שענע לאַנגע האָר. רחל׳ע ווערד רויטליך, לאָזט־אַראָפּ די אויגען אויף דער ערד און ענטפערט איהם דאָס צעהנטע וואָרט. עס פּאַסט נים עפּיס זיך שטעלען פּלוצים אויסשמועסען מיט אַ כלי־זמר, און נאָך פאַר אזא עולם!...

---

V.

## דאָס ערשטע בעגעגעניש פון סטעמפעניו׳ן מיט רחל׳ען.

דערצעהלען דערצעהלט מען פון סטעמפעניו׳ן פיעל פערשיע־דענע מעשיות. מע דערצעהלט פון איהם, אז ער קען זיך מיט אלע מכשפים און מיט אלע „גוטע לייט“, אז קוים וויל ער אָפּרעדען א כלה פון א חתן — קאָן ער, אז ער קען אזא מין „שפּרוך“, אז ער דאַרף נאָר א קוק טהון, א רעכטען קוק טהון אויף א מיידעל, — איז זי שוין אָפּגעקאָכט, — מע זאָל גאָר בעהיט ווערען! א סך מאַמעס ווייסען פון דעם סוד און היטען דעריבער זייערע קינדער, די כלה׳ס, אז ווען זיי רעדען מיט סטעמפּעניו׳ן, שטעהט ביי דער זייט איין עלטערע שוועסטער, א מוהמע, א שוועגערין, אָדער אזוי א ווייבעל, וואָס האָט א מאַן... אמת, דאָס איז פאַר אונזער העלד נישט אזא שענער קאָמפּלימענט, נאָר וואָס מאַכט דאָס אוים? וואָס קעהר זיך אָן שלום צו מחלוקת? דערפון ווערד סטעמפּעניו׳ס נאָ־מען חלילה נישט קלענער. אלע ווייסען, אז סטעמפּעניו איז א גוטער „ימח־שמו׳ניק“, — נו, בכן איז וואָס? קיין שידוך טהוט מען דאָך ניט מיט איהם, כלעבען, און סטעמפּעניו בלייבט סטעמ־פּעניו

געבענשט זענט איהר, אידישע ווייבלעך, וואָס האָבען מאַנען, און געבענשט זאָלען זיין די מאַנסבילען, וואָס האָבען אייך גע־שענקט אזא טייערע מתנה — פרייהייט — און וועה איז צו די מיידלעך נעבאך, וואָס זענען געבונדען און געפּענטעט, געהיט און אָפּגעהיט, ביז מע דעקט צו דעם קאָפּ — און ערשט דאַן ווערען די מיידלעך אויך ווייבלעך, אויפגעבונדענע, פרייע, גליקליכע ווייב־לעך...

רחל׳ע, אלס ווייבעל, האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו אַנט־לויפען פון סטעמפּעניו׳ן, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו איהר מיט׳ן פיעדעל אונטער דער האַנד און מיט א שמייכעלע אויף די ליפּען, —

וואָס האָט זי מורא? פאַר וועמען דאַרף זי זיך בעהאַלטען? דער שוועהר, רב אייזיק־נפתלי, איז פערטראָגען מיט דער חתונה: ער נעהמט זיך אַרום פערלעגט די הענד אַרונטער און גיט אַכטונג אויף די סאַרווערס, אַז זיי זאָלען זיך ריהרען גיכער, און די שוויעגער, דוואָסי־מלכה, איז דאָך אַזוי פערפּאָרעט, אַז מע זאָל ביי איהר אַראָפּנעמען דעם שלייער פון׳ם קאָפּ, וואָלט זי אויך ניט געפיהלט. פערביילויפענדיג, האָט זיך דוואָסי־מלכה אַפילו יאָ אָפּגעשטעלט אַ קוק טהון, וואָס טהוט דאָ עפּיס סטעמפּעניו נעבען איהר שנור? נאָר זי האָט זיך באַלד בעקלערט: „וויים איך וואָס, נאַרישקייטען, זייערע זאַכען, נאָט אייך אַ גראָשען!“... און איז אַוועקגעלאָפען ווייטער קאָמאַנדעווען מיט די סאַרווערקעס, זיי זאָלען טהון גיכער. רב אייזיק־נפתלי מיט דוואָסי־מלכה׳ן האָבען געקאָמאַנדעוועט אויסגעצייכענט. די סאַרווערס מיט די סאַרווערקעס זענען אַרומגעפלויגען, ווי די משוגעים, די מחותנים פוןביידע צדדים האָבען געפּילדערט, ווי דער שטייגער איז, דער עולם האָט זיך געוואַשען און האָט אָנגעהויבען צו פערהאַפּען ערטער אויף די לאַנגע בענק אַרום די לאַנגע טישען, אויף וועלכע עס זענען דערוויל געלעגען אָנגעגרייט פרישע בולקעס אַ גאַנצע שורה, — פּלוצים איז געוואָרען אַ גוואַלד: עס איז אויסגעגאַנגען וואַסער פון דער דייזשקע!

— וואו קריגט מען ערגיץ וואַסער? — האָט געפרעגט חתנ׳ס צד.

— וואַסער וואו נעמט מען? — האָט געענטפערט כלה׳ס צד.

— וואַסער! — האָט געשריגען דוואָסי־מלכה, שוין אַביסעל הייזעריגליך.

— וואַסער, וואַסער! — האָט איהר אונטערגעהאָלפען שרייען אייזיק־נפתלי, פערקאַטשעט די פּאָלעס און געמיינט, אַז ער טהוט עפּיס.

אין דער דאָזיגער נייער מהומה האָט סטעמפּעניו געהאַט די געלעגענהייט צו שמועסען נאָך אַביסעל מיט רחל׳ען, וואָס איז געווען ערנסט און עפּיס ווי פערטראַכט. איהרע שענע בלויע אויגען

האָבען געקוקט ווייט־ווייט, ניט אויף סטעמפעניו'ן, און איהרע אויהערען האָבען אויסגעהערט פון איהם אַ גאַנץ לאַנגען שמועס.

און רעדען האָט סטעמפעניו געקאָנט. ער האָט גערעדט גוט, דער כל־בו'ניק! מיט די רעד האָט ער אַרומגענומען אַרום און אַרום, ווי אַ גוטער מזיק, געקוקט גלייך אין די אויגען אַריין... וואָס זאָג איך? אין הארצען אריין, טיעף־טיעף אין הארצען אריין.

סטעמפעניו האָט גערעדט, און רחל'ע האָט געהערט, און דער רעש פון די חתונה־לייט איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז מע האָט ניט געקאָנט הערען זייער שמועס, אַ חוץ די לעצטע עטליכע ווערטער:

— אָט דאָס איז אייער משה־מענדעל? — האָט זי סטעמפעניו אַ פרעג געטהאָן, אָנגעוויזען מיט די אויגען אויף אַ יונגענמאַנטשיק, וואָס האָט געהאַלטען אַ לאַץ פון אַ אידישער קאַפּאָטע און האָט גע'טענה'ט צו יענעמ'ס לאַץ מיט אַלע חושים, מיט אַלע אברים.

— דאָס איז ער... — האָט איהם רחל'ע געענטפערט און איז אָפּגעטראָטען אויף אַ זייט, ווי בעלעדיגט.

רחל'ע האָט זיך געפונען בעלעדיגט און האָט שוין מעהר נישט געקוקט אפילו אין יענעם ווינקעל, וואו די כלי־זמר זענען געזעסען. סטעמפעניו האָט נאָכדעם לאַנג אַרומגעפּאַדקעוועט אַרום איהר, — נאָר עס האָט איהם גאָרנישט געהאָלפען. מע קאָן בפירוש זאָגען, אַז ער איז איהר נמאס געוואָרען, נמאס ומאוס, אָט דער סטעמ־פעניו מיט זיין עזות'דיגען קוק און מיט זיינע אַלע גענג... „פע, ס'איז אַ חרפה, אַ בושה, אַז אַ אידישע טאָכטער זאָל גאָר שטעהן אין זיינע דל"ת אמות"...

אַזוי קלערט זיך רחל'ע, צוגעהענדיג צוריק צו דער כלה, און איז שוין פאַרטיג צו פערגעסען, אַז ס'איז דאָ אַ סטעמפעניו אויף דער וועלט. נאָר — שאַ! וואָס איז דאָרט פאַר אַ גערודער פּלו־צים? סטעמפעניו שפּיעלט שוין ווידער אַ וויינענדיגס, און די קאַפּעליע האַלט איהם אונטער; אויס ליאַרעם, אויס געפילדער! אידען ווערען פערטראַכט, ווייבער ווערען אנשוויגען, יונגלעך, מייד־לעך קלעטערען־אַרויף אויף די בענק און אויף די טישען — אַלע ווי־

לען הערען סטעמפעניו׳ן. אייזיק־נפתלי האַלט דעם קאָפּ אויף אַ זייט און הערט זיך איין, ווי אַ גוטער מבין. דוואָסי־מלכה, ווי זי איז געשטאַנען מיט׳ן ויידען טיכעל פערבונדען ארונטער, מיט אַ טעלער אין דער האַנד, אַזוי איז זי געבליבען שטעהן אין דער פּאָזע. און אפילו די סארווערס מיט די פערקאַטשעטע פאַלעס און די סאַרווערינס מיט די אונטערגעשטעקטע קליידלעך זענען אויך גע־בליבען, ווי פערגליווערט, אויף זייערע ערטער אין מיטען שטוב. און סטעמפּעניו האָט זיך צעגאַסען אויפ׳ן פּידעלע מיט אַזעלכע טרויעריגע אומעטיגע געזאַנגען, אַז דער עולם איז געבליבען אָהן אָטהעם, געשטאַרבענע, טאַקי פשוט געשטאַרבענע, טוידטע מענ־שען!... דאָס האַרץ ווערד פול, צעווייקט, און עס שטעלען זיך טרע־רען אין די אויגען. אידען זיפצען, אידען קרעכצען, אידען וויי־נען... און סטעמפעניו? — ווער סטעמפעניו? וואָס סטעמפעניו? מע זעהט איהם גאָרניט, מע זעהט ניט קיין סטעמפעניו, מע זעהט ניט קיין פּידעלע; מע הערט די זיסע קולות, געטליכע געזאַנגען, וואָס פּילען־אָן די שטוב... און רחל׳ע די שענע, וואָס האָט נאָך ביז היינט ניט געהערט סטעמפעניו׳ס שפּיעלען, שטעהט און הערט זיך צו צו די כשוף׳דיגע געזאַנגען, צו די זעלטענע קולות — און פער־שטעהט נישט, וואָס דאָס איז? עפּיס ציהט דאָס איהר דאָס האַרץ, עפּיס גלעט דאָס זי, נאָר וואָס דאָס איז — פערשטעהט זי ניט. זי הויבט־אויף די אויגען און קוקט אהין, פון וואַנען עס גיסען זיך די וואונדערליכע מעלאָדיען, און דערזעהט אַ פּאָר וואונדערשענע שוואַרצע אויגען, וואָס קוקען גלייך אויף איהר, גלייך אויף איהר, וואָס נעמען זי דורך, ווי צוויי שאַרפע שפּיזען; די וואונדערשע־נע שוואַרצע פייערדיגע אויגען קוקען אויף איהר און ווינקען צו איהר און רעדען מיט איהר... רחל׳ע לאָזט־אראָפּ דעם קאָפּ און זעהט די וואונדערשענע שוואַרצע פייערדיגע אויגען, רחל׳ע קוקט אויף אַלע זייטען — און זעהט אַלץ אָט אַ יענע וואונדערשענע שוואַרצע פייערדיגע אויגען...

---

## VI.

## נאָך דער „חופּה־וועטשערע“.

די „חופּה־וועטשערע“ האָט זיך שוין לאַנג געענדיגט, עס איז שוין נאָך אַלע „וויוואַטען“, נאָך דעם „דרשה־געשאַנק“, נאָך דעם „כשר־טאַנץ“ — דער עולם הוליעט, יעדער דינגט אַ טאַנץ, מע האַפּט אַ פריילֿיכס; רב יאָנטעל דער שוחט געהט אַ „קאָזאַקעל“, און אַקעגען איהם צעלאָזט זיך מיט גרוים קוראַזש די מחותנת'טע אַליין מיט איהר גראָבען בויך, מחילה, און דער גאַנצער עולם פּליעסקעט־אונטער רב יאָנטל'ען, וואָס זעהט גאָר ניט, אז ער טאַנצט מיט אַ נקבה און מאַכט „פּריסיאַדקעס“, ווי אַ חוואַט, און אַקעגען איהם העצקעט זיך די מחותנת'טע מיט די הענד „פּאָדבאָקאָם“ און שמייכעלט צו רב יאָנטל'ען מיט אַ ברייטען שמייכעל איבער'ן גאַנצען ברייטען פּנים, ווי די לבנה אין האַלבען חודש... שפּעטער ווערד נאָך פריילֿיכער. מע טאַנצט שוין, מחילה, אין איינע תחתונים. אייזיק־נפתלי שטעהט שוין אָהן אַ קאַפּאָטע, מיט די ברייטע ווייסע אַרבעל. מע האָט איהם לאַנג געשלאָגען, ביז ער האָט מסכים געווען אויסצוטהון די קאַפּאָטע, און אויפ'ן קאָפּ האָט איהם עמיצער אָנגערוקט אַ קאַפּעליש ביז דער נאָז — און אַלע לאַכען פון איהם מיט פער'שכור'טע אויגען, אפילו זיין אייגענער זוהן משה־מענדעל (רחל'עס מאַן) שלעפּט אויך דעם טאַטען פאַר איין אַרבעל „אין קאָהן אַריין“.

— פּולקעס, פּולקעס! — שרייט משה־מענדעל, שפּרינגט ביז דער סטעלי.

די כלי־זמר שפּיעלען שוין אַליין, אָהן סטעמפּעניו'ן. צווישען דער דאָזיגער חברה איז געוואָרען גאָר הפקר. דאָס גאַנצע רעדעל פיהרט איינער פון די געשוואָלענע יונגען מיט די גרויסע ציינער. דער שוואַרצער קאַלטענעוואַטער רב שניאור־מאיר דער אונטער־האַלטער (סעקונדע) דרימעלט, רב יאָקעל קאָנטרבאַס שלאָפט. נאָר יונגוואַרג אַרבייטען אויף אַלע כלים, און מעהר פון אַלע האָרעוועט

נעבאך מעכטשי פייקלער: ער קאַכט אויפ׳ן פויק, ווי א גזלן; זיין
נעל קעפּעל האָט ער בעהאַלטען אין באַראַבאַן אריין, און מע זעהט
נאָר, ווי ער ארבייט מיט די פּלייצעס, צוטופּענדיג מיט די קרומע
פיסלעך. און סטעמפּעניו? סטעמפּעניו שאַרט זיך אַרום די יונגע
ווייבלעך, און נאָך מעהר — אַרום רחל׳ען.

— שוויעגער, קומט לאָמיר געהן אהיים! — זאָגט רחל׳ע צו
דוואָסי־מלכה׳ן, וואָס שטעהט און בעטראַכט אייזיק־נפתלי׳ן מיט די
ווייסע ארבעל און מיט׳ן קאַפּעליש.

— קום, טאָכטער, קום! מאָרגען איז א מאַרק, דאַרף מען זיך
אָפּרוהען. זעה נאָר, ווי זיי האָבען זיך אביסעל צעהוליעט!

און דוואָסי־מלכה געהט מיט רחל׳ען אהיים.

דער טונקעלער־בלויער הימעל ווערד אין איין זייט אביסעל
העלער, ליכטיגער. עס שאַריעט אויף טאָג. עס טהוט א קרעה איין
האָהן, און צעהן אנדערע האָהנען ענטפערען איהם. ווייט־ווייט
לאָזט זיך הערען דאָס בילען פון א הונד. אלע שטיבעלעך, אפילו
ביי די גויים, זענען נאָך צוגעמאַכט, נאָר ביי איין הערש־בער דעם
שוחט לייכט זיך: הערש־בער דער שוחט שטעהט־אויף א שעה פאַר
טאָג לערנען „פאַר זיך“.

— וואָס זאָגסט דו, רחל׳ע, אויף גנעסי׳ס טאָכטער, ווי זי האָט
זיך עס אביסעל אויסגעסטראָצעלט? ביזט א מבין אויף איהר?

נאָר רחל׳ע ענטפערט איהר ניט דערויף. רחל׳ע איז פערנומען
מיט איהרע אייגענע געדאַנקען. ווער ווייסט, וואָס און וועגען ווע־
מען זי טראַכט אצינד?...

— שוויעגער! — זאָגט רחל׳ע פּלוצים. — אָט דאָס הער איך
דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען סטעמפּעניו׳ס שפּיעלען.

— געה שוין געה, קינד, נאַ דיר גאָר דאָס ערשטע מאָל! —
ענטפערט איהר די שוויעגער. — נו, און ביי אייער גביר רב לייבצי
אברהם־הערש׳ס? און ביי רב נחמיה ביק? און ביי שרה בן־
ציונ׳ס? און ביי׳ם רבי׳ן אליין?

— איך גערענק נישט, — ענטפערט רחל'ע, — איך האָב נאָר געהערט — סטעמפעניו, סטעמפעניו, און געזעהען האָב איך איהם ניט.

— נו, ס'פארשטעהט זיך, ביזט נאָך דעמאָלט געווען... וואָס ביזט דו געווען? א פיסקליא ביזט דו געווען, ווען סטעמפעניו האָט געשפיעלט אין סקווירע ביי'ם רבי'ן די חתונה. א חתונה איז דאָס געווען — אויף אלע מיינע ליעבע, רבונו של עולם! א היבש שטיקעל חתונה! קאָנסט זיך מעלדען, אז איך האָב דעמאָלט גע־טראָגען, סאמע מיט יאָסעל'ען האָב איך געטראָגען, און בין געווען, הייסט דאָס, און בין געווען, אזוי גרויס, ווי אין זעכסטען... הא? ניין, אין אכטען חודש טאקי... וואוהין געהסט דו דאָס, רחל'ע? אָט איז דאָך אונזער שטוב, און דו ביזט פארקראָכען גאָר צו גנע־סי'ן, — ס'א גראם, הע־הע!

— זעהט נאָר! — ענטפערט רחל'ע, ארומקוקענדיג זיך אויף אלע זייטען. — א שענע מעשה, כלעבען, הא־הא־הא!

און לאכענדיג זענען די שוויעגער מיט דער שנור אריינגעקומען צו זיך אהיים, זיך צולעגען אויף א פאָר שעה אָפּרוהען, דען מאָרגען פריה שטעלט זיך אוים א גרויסער מארק אין מאזעפעווקע, כמעט א גאנצער יריד.

---

## VII.

### רחל'ע קאָן ניט אנשלאָפען ווערען.

האָט איהר געהערט איין אומגליק? — רחל'ע קאָן ניט שלאָ־פען! זי קאָטשעט זיך אויף אלע זייטען, זי דעקט זיך צו און דעקט זיך אָפּ — ניטאָ קיין שלאָף אויף איהר! וויפיעל זי פלייסט זיך, אשטייגער, נישט צו טראכטען וועגען איהם, וועגען סטעמפעניו'ן מיין איך, — און ער קריכט איהר אלץ פאר די אויגען, דער גוטער יאָהר ווייסט איהם וואָס און ווען! זי מאכט־צו די אויגען שטארק־שטארק — און דערזעהט איהם מיט זיינע וואונדערשענע שווארצע

פייערדיגע אויגען, ווי זיי קוקען גלייך צו איהר, ווי זיי ווינקען צו איהר, ווי זיי רופען זי צו זיך... „א, ניט געדאַכט זאָל ער ווערען!... משה־מענדעל זאָל חאַטש זיין!“ — קלערט זי זיך. זי עפענט־אויף די אויגען און דערזעהט סטעמפּעניו'ן מיט'ן פידעלע, און עס מאַהלט זיך איהר אויס, אַז זי הערט נאָך דאָס שענע זעלטענע שפּיעלען... „אָך, אַ מין שפּיעלען, נו, נו! ניט אומזיסט דער־צעהלט מען זיך אָן וועגען איהם אַזעלכע וואונדערליכע מעשיות“... און רחל'ע דערמאַנט זיך אָן אַלע יענע שענע מעשיות, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט וועגען איהם נאָך בשעת זי איז געגאַנגען אין חדר זיך לערנען שרייבען צו מאָטעל שפּרייז דעם מיידעלשען שרייבער, בשעת זיי זענען געזעסען אין סקווירע. אָט דאָרט האָט זי זיך דאָס אָנגעהערט פון איהרע חבר'טעס מעשיות, ווי אַזוי סטעמפּעניו האָט אמאָל אָפּגערעדט אַ כלה פון אַ חתן, און די כלה איז פאַר בזיון געשטאָרבען, און מע האָט געשטעלט אויף איהר אַ שווארצע חופּה... ווי אַזוי סטעמפּעניו האָט אמאָל אָפּגעטהאָן אַ מיידעל דערפאַר, וואָס זי האָט איהם אָנגערופען מיט'ן נאָמען שאַרלאַטאַן... ווי אַזוי סטעמ־פּעניו האָט אמאָל געשפּיעלט אַ חתונה ביי אַ גרויסען פּריץ, אַ גראַף; ווי דעם גראַפ'ס טאָכטער, די פּאַניענקע, אַ זעלטענע שענ־הייט, האָט זיך אין איהם איינגעקאָכט און האָט געזאָגט: איין מאָל פאַר אַלע מאָל — דער טוידט זאָל איהר זיין און סטעמפּעניו'ן וויל זי... דער גראַף, אַז ער האָט דערהערט אַזאַ מעשה, האָט ער מיט איהם איינגע'טענה'ט, פריהער מיט בייזען, דערנאָך מיט גוטען, און לסוף האָט ער איהם צוגעזאָגט דריי דערפער, אבי ער זאָל זיך איבערקעהרען און נעמען זיין טאָכטער, די פּאַניענקע, פאַר אַ ווייב. נאָר סטעמפּעניו האָט איהם געענטפערט אויף פראַנצויזיש (סטעמ־פּעניו האָט געקענט דייטש און פראַנצויזיש), אַז ער מעג איהם אָנ־שיטען אַ פולע שטוב מיט רענדלעך, וועט ער ז י י ן רענדעל נישט אויסבייטען (און דערפאַר איז ער געווען ביי אַלע עהרליכע אידען, אפילו ביי'ם רבי'ן, אַזאַ חשוב). און די פּאַניענקע, אַז זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך מיט'ן אָנטהון אַריינגעוואָרפען אין טייך

אריין... און נאָך פיעל וואונדערליכע מעשיות, וואָס עס נעמט־אָן א שרעק, נאָר אויסהערענדיג זיי...

נאָך האָט זיך רחל'ע דערמאָנט, וואָס זי האָט געהערט פון איהרע חבר'טעס, אז סטעמפעניו האָט אזא מין פלעשעלע „ליעבע־טראָפּען"... „ליעבע — ליובקע, קאָך לאָקשען! — האָט זיך רחל'ע געקלערט, דערמאָנט זיך אָן די אלע שענע מעשיות. — נא דיר א גראָשען פאַר דער גאַנצער ליעבע! מיין משה־מענדעל, נישקשה, האָט מיך ליעב אָהן „ליעבע־טראָפּען". און איך איהם? איך משה־מענדל'ען?"...

און רחל'ע קעהרט זיך איבער אויף דער אנדערער זייט, מיט'ן פּנים צו דער וואַנד, און טראַכט וועגען דעם גאַנץ שטארק. דאָס ערשטע מאָל איז איהר ארויפגעקומען אויפ'ן קאָפּ אזא מחשבה: „אָט האָסט דו דיר די אנדערע טעג יום־טוב! וואָס עפּיס מיצקע־דרינען ליעב־שמיעב? פיינט געווים ניט!"...

און באמת טאַקי, פאַר וואָס זאָל זי איהם פיינט האָבען? משה־מענדעל איז, חלילה, ניט קיין מיאוסער יונגערמאַן, אביסעל פון דער נייער וועלט, די פּאות פערשאַרט ארונטער, לייענט א בלאַט, מאַכט שען קידוש, האָט ליעב צו זאָגען א ווערטעל, מיט יונגעלייט א שטיעף טהון — גאָר א פיינער יונגערמאַן. אמת, צו איהר, צום ווייב, איז ער נאָך אביסעל ווילד, רעדט מיט איהר קיינמאָל נישט קיין צוויי גאַנצע ווערטער, עפּיס נאָר מיט א ווערטעל און מיט א דרעה־זיך־אויס אָדער אין בית־המדרש, אָדער אין מאַרק. ער זאָל זיך עס א מאָל, אויף א ציקאַוועסט, אנידערזעצען מיט'ן ווייב, ווי ביי לייטען פיהרט זיך, רעדען, שמועסען, גלאַט אזוי, — דאָס ניין, א ווילדע ציעג!

אוי, ניט דאָס האָט רחל'ע געמיינט כלה'ווייז! רחל'ע, אז זי איז א כלה געוואָרען, האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אז אלע זענען איהר מקנא אויף איהר חתן; אז אזא משה־מענדעל (אַך, איז ער געווען שען חתנ'ווייז!) איז נאָר דאָ איינער ביי גאָט און דער אנדערער ביי איהר — און זי וועט דאָס זיין איינע א גליקליכע...

און צום סוף? צום סוף זעהט זי, אז איהרע אַלע חבר׳טעס לעבען טאַקי אַ גוטען טאָג: די איז ערגיץ מיט איהר מאַן אין אַ גרויסער שטאָדט און שרייבט פון דאָרט אַזעלכע בריוולעך, וואָס עס לאָזט זיך אויס די וועלט, און יענע איז שוין אַליין אַ בעל־הבית׳טע; אפילו חנה־מירעל, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר איין אַלמן מיט פינף קינדער און וואָס האָט אַזוי איינגעלעגט די וועלט, איז אויך גליקליך. און זי? און רחל׳ע?... אָך, ניטאָ וואָס צו רעדען. אַ גאַנצע וואָך זיץ פערשפּאַרט, ווי איין עוף אין אַ שטייג: עס, טרינק און שלאָף! דער שוועהר און שוויעגער לאָזען ניט אָטהע־מען: טאָג און נאַכט נאָר רחל׳ע און רחל׳ע! און משה־מענדעל מיט זיינע געננג, מיט זיינע ווערטלעך, גלייך ווי זי וואָלט געוועזן ביי איהם אַ וויים איך וואָס... שאַ! אָן קלאַפּט עמיצער אין דער טיר. דאָס קעהר אודאי זיין משה־מענדעל. די שוויעגער געהט איהם עפענען.

— משה־מענדעל!

— האָ, וואָס?

— ס׳איז דו, משה־מענדעל? — פרעגט איהם די מוטער.

— נו, אַ טענצעל, ימח שמו, בררררר... — ענטפערט איהר דער זוהן.

— וואָס לעפּעטשעסט דו, משה־מענדעל? — זאָגט וויעדער צו איהם די מוטער. — טהו זיך אויס און לעג זיך שלאָפען.

— ימח שמו, גוט געטרונקען, בערעל־מנשה, חאַ־חאַ־חאַ!

— גאָט איז מיט דיר, משה־מענדעל! וואָס פּלאַפּעלסט דו? — זאָגט צו איהם דוואַסי־מלכה, אויסרייבענדיג אַ שוועבעלע.

— איהר הערט דען ניט, שוויעגער, אז ער איז שכור־לוט? — זאָגט צו איהר רחל׳ע. — צינדט איהם דאָרט אָן אַ ליכט, זייט מוחל, ער וועט זיך ברעכען רוק און לענד.

— חיללל... נאָך אַ גלעזעל, ימח שמו!...

מיט די דאָזינע האַלבע ווערטער פאַלט משה־מענדעל אַנידער ביי זיך אין בעט און ווערד גיך אַנשלאָפען מיט אַ שרעקליך חראַ־

פעריי. דוואָסי־מלכה ווערד אויך אנשלאָפען. די קליינע קינדער שלאָפען שוין לאַנג. עס סווישטשעט און עס פייפט אין אַלע ווינ־קעלעך. אַלע שלאָפען געשמאַק אינ׳ם דאָזיגען שטיבעל, נאָר איין רחל׳ע קאָן נים אנשלאָפען ווערען, האָטש נעם טהו זיך אָן א מעשה — ניטאָ קיין שלאָף!... די לבנה שיינט־אריין דורך א פענסטער, און א לאַנגע ווייסע פאַסמע פון איהר ליכטיגקייט פאַלט אויפ׳ן בעטעל, אויף וועלכען משה־מענדעל ליגט צעוואָרפען מיט׳ן פנים ארויף, דאָס מויל אָפען, די אויגען פערגלאָצט. דער האַלז פעררייסען, און א קנאָפּ, א שאַרפער קנאָפּ, שטעקט־ארויס פונ׳ם גאָרגעל, אז עס איז א מיאוסע זאַך צו קוקען.

רחל׳ע וויל נישט קוקען — און קוקט פאַרט; קיינמאָל האָט איהר משה־מענדעל נישט אויסגעוויזען אזוי העסליך, ווי אצינד, ווי אין דער דאָזיגער נאַכט. און, נישט ווילענדיג, האָט זי איהם פערגלייכט מיט איין אנדערען, מיט א יענעם ימח־שמו׳ניק סטעמ־פעניו... און דאָס איז דער אייגענער משה־מענדעל, וואָס פריהער? וואָס אמאָל, בשעת חתנ׳ווייז, מיט זיין שען ווייס פנימ׳על, מיט זיין זיס שמייכעלע, מיט זיינע פרייליכע אויגעלעך, מיט זיין גלייך שטעלטעל, מיט זיין גענגעל און מיט אַלע זיינע בנעימות׳דיגע פאַ־סטעמקעס, מיט זיינע קלוגע גלייכווערטלעך? אָט דאָס איז יענער משה־מענדעל?...

און דאָ האָט איהם רחל׳ע, ניט ווילענדיג, ווידער א מאָל פערגלייכט מיט איין אנדערען, מיט סטעמפעניו׳ן...

אוועקט, אוועקט, פינסטערע מחשבות, פון א אידישער טאָכטער!

---

## VIII.

### צום „שלייער־וואַרמעס".

אויף מאָרגען, אז חיענע די שמש׳טע איז געקומען צו דוואָסי־מלכה׳ן זאָגען, אז די מחותנת׳טע מיט׳ן חתן, מיט דער כלה, מיט

אלע מחותנים האָבען געלאָזט בעטען צום שלייער־וואָרמעס, איז שוין רחל'ע געווען אויסגעשלייערט און אָנגעטהאָן נאָך דער לעצ־טער מאָדע פון רב דוד מעכאַניק דעם זשענסקי שניידער: אַ בלוי זיידען מלבוש, הימעל־קאָליר, מיט ווייסע קרוזשעווקעס און מיט גאַנץ ברייטע ארבעל, ווי מע האָט דעמאָלט געטראָגען אין מאַזע־פעווקע, וואו די מאָדע האָט פערשפּעטיגט אויף עטליכע יאָהר; אויפ'ן קאָפּ אַ בלוי זיידען טיכעל, אַזשורנע ארבייט, אַזוי, אַז מע האָט געקאָנט אַרויסזעהן דעם גאַנצען שלייער מיט די צעפּ... נאָר פרעמדע צעפּ; די אייגענע בלאָנדע האָר זענען שוין ביי רחל'ען פון לאַנג בעהאַלטען, פערבאָרגען אויף תמיד, אויף אייביג! עט־ליכע שנירעלעך פּערעל אויפ'ן האַלז, אויפ'ן ווייסען, אויפ'ן שענעם האַלז, אַ גרויסע גאָלדענע קייט, אַ בראָש, בראַסליעטען, פינגערלעך, אויהערינגלעך — די גאַנצע אידישע ציערונג, דער גאַנצער אידי־שער מאַיאָנטעק.

איין אויסגעשלייערטע איז רחל'ע געזעסען ביי זיך אין חדר, וואו משה־מענדעל איז נאָך געלעגען אין דער נעכטיגער פּאָזע, מיט'ן גאָרגעל ארויף און מיט איין אָפען מויל, און האָט געהאַלטען אין איין חראָפּען.

„אַך, וואָס פאַר אַ גרויסער חילוק עס איז צווישען די צוויי משה־מענדלען, דאָס הייסט, צווישען משה־מענדעל דעם חתן און משה־מענדעל דעם מאַן: יענער משה־מענדעל איז עפּיס געווען מיט אַזוי פיעל חן, זיינע אויגען האָבען געלייכט, ווי הבדלות, זיין קול איז געווען צוקער־זיס, זיינע אַלע פּאָסטעמקעס זענען געווען אַזוי אָנגענעהם, אַזוי ליעבליך! און דער משה־מענדעל? עפּיס אַזוי משונה־לאַנג און שמאָל און סאָטולעוואַטע, און אַ געל בערדעל שיט זיך איהם. פון וואַנען האָט זיך צו איהם גענומען אַזאַ צאַ־פּען־בערדעל?

און נישט ווילענדיג, שטעלט זי זיך פאַר אַלץ אָט אַ יענעם כל־בו'ניק, וואָס האָט זי אַ גאַנצע נאַכט ניט געלאָזט שלאָפען — אַ ריינער אומגליק! „איך בין אליין שולדיג — קלערט זיך רחל'ע —

איך בין אליין שולדיג: פּלוצים נאָ דיר גאָר אַזאַ שלים־מזל, אַ סטעמפּעניו! ווער שטעלט זיך דאָס אָפּ פּלוצים רעדען מיט אַ כלי־זמר? פע, בזיונות! און וואָס וואָלט מען געקאָנט אויף מיר זאָגען, ווען מע זאָל מיך זעהן שטעהן און רעדען מיט איהם? אַ מערכה, וואָס ס'איז געווען אַזאַ געפּילדער. און וואָס וואָלט משה־מענדעל געזאָגט?"...

און מיט אַ שמייכעל איז רחל'ע צוגעגאַנגען צו משה־מענדעל'ס בעט און האָט זיך איינגעבויגען איבער זיין קאָפּ און האָט איהם אָנגערופען ביי'ם נאָמען. משה־מענדעל האָט אויפגעעפענט די גרויע אויגען און האָט לאַנג געקוקט און האָט ניט פערשטאַנען וואָס ער זעהט פאַר זיך.

— משה־מענדעל! — האָט איהם רחל'ע געזאָגט, אָנגעבויגען זיך אינגאַנצען צו איהם. — משה־מענדעל! דו דערקענסט מיך ניט, צי וואָס? קוק איהם אָן, ווי ער באַטראַכט מיך אַביסעל! איך בין דיר, אַפּנים, געפעלען אין שלייער?

— אַי, לאָז צורוה, וויל שלאָפען!... — און מיט די ווערטער דרעהט זיך משה־מענדעל אויס מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און לאָזט־אַדזים אַ משונה־ווילד חראַפּעריי.

— די מחותנת'טע און חתן־כלה און אַלע מחותנים האָבען גע־לאָזט בעטען אייך מיט אייער שוויעגער און מיט אייער מאַן אויפ'ן „שלייער־וואַרמעס".

אַזוי רופט־אויס חיענע די שמש'טע, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער טיר אַריין, נאָר דערזעהען, ווי רחל'ע שטעהט איבער'ן מאַנ'ס צוקאָפּענס, טהוט זי זיך אַ וואָרף צוריק.

* * *

רחל'ע האָט געטראָפען די כלה נאָך ניט קיין אויסגעשלייערטע. ביידע חבר'טעס האָבען זיך צעקושט, און עס איז צווישען זיי גיך פערבונדען געוואָרען אַ גאַנץ וואַרעמער שמועס, ווי עס דאַרף צו זיין צווישען צוויי יונגע ווייבלעך.

דער עולם האָט זיך געקליבען ביסלעכווייז, און די סאַרווערס מיט די סאַרווערקעס האָבען בערעקט די טישען מיט כל־טוב: מיט לעקאַך און מיט איינגעמאַכטס, מיט קומיש־ברויט און מיט מאַנדעל־ביינעלעך און מיט שטרודלען אַלערליי. די נעכטיגע שמשים מיט די נעכטיגע אָרעמע לייט זענען שוין אויך דאָ. דער מחותן, חיים־בנציון, לויפט־אַרום איין אויסגעצוואָגענער, מיט אַ סאַמעטען קאַש־קעטעל, און די מחותנת'טע איז שוין הייזעריג, ווי די וואַנד; דאָך הערט זי ניט אויף צו פּאַראַדקעווען, טרייבט דעם אהער און דעם אהין און שרייט מיט די לעצטע כחות:

— איהר ־ווילט מיך אומגליקליך מאַכען, שונאי־ציון! איהר נעמט און שטעלט־אַוועק אַ בעקען מיט טאָרט און מיט איינגעמאַכטס דאָרט, וואו עס דאַרף גאָר שטעהן דאָס פלעשעל בראָנפען מיט די גלעזלעך, וואונד איז מיר און וועה איז מיר! געה צעריים זיך! נאַ דיר אַ חתונה! קאָסט אַ גרודע גאָלד, און צום סוף — נאַ דיר! אפילו די כלי־זמר זענען נאָך אויך ניטאָ! טאַקי נאָר אַ מעשה קומט זיך אָנצוטהון און געננג!

— שאַ, לאָז זיין שטיל! — שרייט חיים־בנציון דער מחותן. — וואָס פּילדערסט דו אַזוי? מע ווערד פון דיר ניט גליקליך! זי טהוט גאָרניט און שרייט! וואָס שרייסט דו וואָס? אַ נאָווינע ביי דיר אַ קינד חתונה מאַכען? דאָס ערשטע מאָל, צי וואָס? קוק זי אָן, זי חריפעט אַזש! צענויפגערופען געסט מיט קרובים אַ גאַנצע שטאָדט און לויפט־אַרום און שרייט! טאָמער ווייסט דו וואָס?

— ווער שרייט, משוגענער כהן? ווער שרייט?

— איך ווייס ווער סע שרייט? אדרבה, זאָג שוין אַליין!

— איך שריי ניט; סע דו שרייסט.

— איך שריי שוין? אַזוי? גאָר פאַרקעהרט?

— אָט שרייסט דו דאָך, חיים־בנציון, וואָס איז דאָס דיר אָנגעקומען אַזעלכס?

— אַ גוטער מאָרגען זאָל קומען אויפ׳ן מחותן מיט דער מחותנת׳טע, אויפ׳ן חתן מיט דער כלה, אויף אַלע מחותנים פוןביידע צדדים און אויף אַלע ליעבע פריינד, וויוואַט — גאַנץ פיין אויסגעשפּיעלט!

מיט דעם הילכיגען אויסרוף פון חייקעל בדחן האָבען זיך די כלי־זמר גענומען צו די כלים, און די חתונה איז געוואָרען ווידער אַ חתונה! דער עולם האָט זיך גענומען אויסווישען די הענד אין די פּאָלעס, פערקאַטשען די אַרבעל, און ערשט נאָכדעם זיך וואַשען, געזעצט זיך צום טיש פּראָוּוען דעם „שלייער־וואָרמעס" — און דאָ האָט זיך סטעמפּעניו גענומען דאָס פיעדעלע און האָט איבער־אַ־נייעם געמאַכט אַלע נעכטיגע קונצען נאָך מיט עטליכע צווּעצלעך און מיט אַ צוויי־דריי נייע שטיקלעך, פון וועלכע דער עולם האָט געגאַפט אויף די נעגעל און איז געוועזן אויסער זיך. אַלע אויגען האָבען געקוקט אויף איהם, אויף סטעמפּעניו׳ן; נאָר איין רחל׳ע האָט נישט געקוקט אין יענעם ווינקעל — און דאָך האָט זי איהם געזעהען, און דאָך האָט זי געפיהלט, אַז ער קוקט אויף איהר... ערשט דעמאָלט, אַז סטעמפּעניו האָט דאָס פיעדעלע אַוועקגעלעגט, און צווישען עולם איז געוואָרען אַ הו־האַ, — ערשט דעמאָלט האָט רחל׳ע אויפגעהויבען איהרע בלויע אויגען און האָט דערזעהן... סטעמפּעניו׳ן.

— וואָס זאָגט איהר אויף איהם? — האָט זיך צו איהר גע־ווענדעט די כלה, וואָס האָט ביז אַהער געשוויגען.

— אויף וועמען? — האָט זי רחל׳ע געפרעגט בתמימות.

— אויף סטעמפּעניו׳ן; אַ שענער כל־בו׳ניק?...

רחל׳ע האָט איהר גאָרנישט געענטפערט דערויף. זי האָט דער־פיהלט, אַז די פאַרב קומט איהר צו אין פּנים אַריין. די כלה האָט דאָס בעמערקט און האָט זי אַ פרעג געטהאָן:

— ס׳איז אייך היים, רחל׳ע? איאָ, ס׳איז אייך היים?

— יאָ, היים, שרעקליך היים! איך וועל אַרויסגעהן אויף אַ מינוט אין דרויסען זיך אָפּקיהלען. — האָט איהר רחל׳ע געענטפערט

און איז ארויסגעגאנגען פונ'ם טיש, בעגעגענט זיך אויף יעדען טריט מיט א סארווער אדער א סארוועריקע, וואס האבען איהר אפגעטרא־טען דעם וועג מיט גרויס כבוד, נישט אזוי צוליעב איהר, ווי צוליעב איהר זיידען מלבוש. נאר נישט אזוי גיך האט זי געטראפען צו דער טיר, דען, ערשטענס, האט זי בעדארפט דורכשפארען זיך דורך די כלי־זמר, וואס האבען זי בעטראכט „מיט אויגען" און האבען זיך דורכגעווארפען אויף זייער לשון: „קליווע יאלדאווקע, מע דארף טירען מיט צוזעניכע"... און אז זי האט זיך בעגעגענט מיט סטעמ־פעניו'ס אויגען, האט זי דערפיהלט עפיס א מין הארצקלאפעניש, וואס זי האט נאך ביז אהער קיינמאל נישט געפיהלט; דערפון איז זי געווארען נאך רויטער און האט דערפיהלט א שרעקליכע היץ אין פנים, ווי א מענש, וואס געהט אויף א שרפה סאמע ביי'ם רעכטען פייער. צו די צרות האט זי זיך נאך געדארפט בעגעגענען מיט'ן מחותן רב חיים־בנציון, שוין כמעט ביי דער טיר, און דא האט זיך אנגעהויבען א נייע חתונה: רב חיים־בנציון איז געוועזן א איד א חסיד און האט געציטערט פאר א נקבה שרעקליך. אז ער האט זיך בעגעגענט פלוצים מיט רחל'ען, האט זיך רב חיים־בנציון בעדארפט, אייגענטליך, א ווארף טהון צוריק, ווי דער שטייגער איז. נאר, מעשה שטן, האט ער זיך גאר א נעם געטהאן רעכטס, און אזוי ווי זי, רחל'ע, איז אויך נעגאנגען רעכטס, איז אפגעגאנגען א האר, זיי זאלען זיך צעבוצקען. לכן איז רב חיים־בנציון געפאלען אויף איין עצה און האט זיך באלד א חאפ געטהאן לינקס; צום אומגליק, איז זי אויך געפאלען אויף דער זעלבער עצה און האט אויך גענומען לינקס. דא האט רב חיים־בנציון באלד פערשטאנען, אז מע דארף זיך ראפטאם א לאז טהון טאקי נאר רעכטס, נאר ביז ער האט זיך א ריהר געטהאן, איז איהם שוין רחל'ע געשטאנען אקעגען, ווי אויף צו־להכעיס — און גאט ווייסט ביז וואנען זיי וואלטען אזוי אוועק־געטאנצט, ווען אויף זייער גליק זאל ניט געווען אנגעקומען די היי־זעריגע מחותנת'טע און ניט שטעלען זיך אויס'טענה'ן מיט'ן מחותן, אויף זייער געוועהנליכען שטייגער, און דערווייל האט זיך רחל'ע

ארויסגעחאפּט אין דרויסען ארויס, אביסעל אָפּקיהלען זיך פון דער שרעקליכער היץ.

---

IX.

## רחל׳עס ביאָגראפיע און חיה־עטעל׳ס ראָמאַן.

אין דרויסען איז אָבער געווען נאָך הייסער. עס איז געווען א תמוז׳דיגער טאָג. די זון האָט געהאלטען אין מיטען הימעל און האָט געסמאַלעט און געבראָטען גאָר אָהן רחמנות. אויף די היל־צערנע און שטרויענע דעכער פון די מאַזעפּעווקער הייזער האָט זיך דער אָפּשיין פון דער זון צעגאָסען מיט טויזענדער פּאַסען, וואָס ציטערען און שוועבען, ווי די חוואַליעס פונ׳ם טייך; חדר־יונגלעך רופען דאָס אָן: „די שכינה רוהט“.

אקעגען רחל׳ען שטעהט דער מאַרק: ער איז ברייט און פּוסט. די קלייטען מיט די רויטע פאַרטיכלעך זענען אָפען, און די ווייבער זיצען אויף פיערעקעכיגע בענקלעך און ארבייטען א זאָק מיט א שרעקליכער געשווינדקייט. ביי דער זייט שטעהען מולטערלעך מיט יאַגערעס, מיט קיכלעך און מיט קאָרזשיקלעך, און א ציעג גנבה׳ט זיך אונטער און האָט חשק צו מאַכען א שטיקעל אומגליק, נאָר מע דערלאָזט זי נים. ווייס־ווייט געהען א פּאָר אָכסען מיט א גרויסער פוהר סנאָפּעס קאָרן; די פוהר מאַכט־אָן א מורא׳דיגען פּאָראָך ארום זיך, און הינטען געהט־נאָך א קליין שייגעצעל מיט א גרויס וואָרעם היטעל, מיט א טאָרבע, מיט א לאַנגער בייטש און באָרפיס, און א גרויסער הונד לויפט איהם נאָך מיט איין ארויסגעשטעלטער צונג.

רחל׳ע שטעהט און בעטראַכט דאָס גאַנצע וואָכעדיגע אויסזיכט און פערגלייכט דאָס מיט איהר בלוי־זיידען מלבוש, הימעל־קאָליר, און מיט די פּערעלעך, בראַסליעטען, אויהערינגלעך, פינגערלעך — און זי פיהלט, אז זי איז עפּיס גאָר ווילד־פרעמד מיט דעם דאָזיגען

בילד, מיט דער גאַנצער נאַטור, עפּיס ניט אַהין, ניט אַהער, ניט מאַרק־אידינע, ניט גראַפינע — גלאַט אַ אידיש קינד, אַ אידישע טאָכטער, פּטור פון אַלץ. אַט האָט זי זיך אַ מאַן, עסט זיך קעסט ביי די שוועהר־און־שוויעגער, טהוט נישט קיין האַנד אין קאַלטען וואַסער, און דער מאַן איז אָדער אין בית־מדרש, אָדער אין מאַרק, געהט־אַרום מיט'ן שטעקעלע און זאָגט ווערטלעך.

אַצינד, שטעהענדיג אָט דאָ, נאָהענט צו דער נאַטור, האָט זי זיך כמעט דאָס ערשטע מאָל אויף איהר לעבען גענומען רעכט בעטראַכטען, ווער זי איז, און עס איז איהר אַרויפגעקומען אויפ'ן זינען אַ נייע מחשבה, אַז עס פעהלט איהר עפּיס. וואָס — ווייסט זי נישט, נאָר עפּיס פעהלט איהר, עפּיס געהט איהר אָפּ...

רחל'ע איז געווען אַ פּשוט אידיש ווייבעל אָהן אויבערקעפּלעך, אָהן שפּיצלעך. מיט איינעם וואָרט — דאָס, וואָס מע רופט־אָן ביי אונז אַ א י ד י ש ע ט אָ כ ט ע ר . געוואַכסען צווישען אַ סך קינדער, איז זי ביי פאָטער און מוטער אין סקווירע געווען ניט אַזאַ אַנטיק: „וויים איך, אַ מיידעל, לאָז זי זיך וואַכסען געזונטערהייד“... און בכדי זי זאָל זיך ניט אַרומבלאָנקעווען פאַר די אויגען און עס זאָל זיין ווינציגער מיט אַ קינד אין שטוב, האָט מען זי אָפּגעשיקט גלייך מיט אַלע איהרע ברידערלעך אין חדר אַריין. נאָכדעם, אַז זי איז שוין אַביסעל אונטערגעוואַכסען, האָט מען זי אָפּגעגעבען לערנען זיך שרייבען צו מ אָ ט ע ל ש פּ ר י י ז , דעם „מיידעלשען שרייבער“. דאָרט, ביי מאָטעל שפּרייז, דעם „מיידעלשען שרייבער“, האָט זיך רחל'ע געהאַט, געוועהנליך, איהרע חבר'טעס, קליינע און גרויסע מיידלעך, נאָר מעהר האָט זי ליעב געהאַט צו שאַרען זיך אַרום די עלטערע מיידלעך, פון וועלכע זי האָט ליעב געהאַט צו הערען מעשיות, שענע וואונדערליכע מעשיות. די מיידלעך וויעדער האָבען ליעב געהאַט רחל'ען פאַר איהר זינגען, פאַר איהר שען זינגען.

— זינג אונז, רחל'ע, האַרצעניו! זינג, נישקשה, אַצינד איז נימאָ קיין יונגלעך.

פאר יונגלעך און פאר עלטערע האָט זיך רחל'ע געשעמט צו זינגען, בפרט נאָך פאר גרויסע יונגלעך האָבען איהר די חבר'טעס אליין געזאָגט, אז ס'איז ניט שען, מע טאָר ניט...

— נו, זינג שוין, רחל'ע. קוק זי אָן, מע דארף זי בעטען.

און רחל'ע פאָלגט די גרויסע מיידלעך און פערציהט אויף איהר דינער, ווייבער שטימע א ליעדעל, א אידיש ליעדעל.

אויפ'ן בארג שטעהט א טויב,
און טהוט זיך טרויעריג ברומען,
ערגיץ האָב איך א ליעבען פריינד —
און קאָן צו איהם נישט קומען...

רחל'ע זינגט דאָס דאָזיגע ליעבע ליעדעל מיט גרויס געפיהל, גלייך ווי זי וואָלט פערשטאַנען דאָס וואָרט „ליעבע“. יענע אָבער, איך מיין די עלטערע מיידלעך, האָבען דאָס, אפנים, יאָ פערשטאַנען, מחמת זיי פלעגען זיך דערביי פערזאָרגען, זיפצען, און אמאָל לאָזען א טרער אויך...

מעהר פון אלע האָט ליעב געהאַט צו הערען די דאָזיגע ליעדעלעך, וואָס רחל'ע האָט געזונגען פאר איהרע חבר'טעס, איינע פון זיי מיט'ן נאָמען חיה־עטעל, זעהר א שען מיידעל, א יתומה. חיה־עטעל איז געווען איינע פון א סך מיידלעך. איהר ביאָגראַפיע איז די ביאָגראַפיע פון פיעלע אידישע טעכטער און קאָן דערצעהלט ווערען אזוי קורץ און אזוי גיך, ווי מאַכען א ברכה „שהכל נהיה בדברו“. אָט האָט איהר זי איינגאַנצען:

אמאָל (נישט זעהר לאַנג) זענען געווען צוויי ברידער אין דער שטאָדט סקווירע, איינער האָט געהייסען אהרן און דער אַנדערער האָט געהייסען לייב. אהרן איז יונג געשטאָרבען און נאָך איהם איז נאָכגעשטאָרבען זיין ווייב, און עס איז פון זיי איבערגעבליבען א טאָכטער חיה־עטעל. האָט זיך אויף איהר דערבאַרעמט דער פעטער לייב און האָט זי צוגענומען צו זיך מיט איהר ירושה. דער פעטער לייב האָט זיך אפילו מיט דער יתומה נישט אזוי שען בע־

גאנגען, די גאנצע ירושה האָט ער זיך צוגענומען (אַ דריי טויזענד קערבלעך, זאָגט מען), און איהר, דער יתומה, האָט ער געגעבען, מחילה, אַ פייג, און האָט זי חתונה געמאַכט פאַר אַ חניאָק, אַ כלב שבכלבים, וואָס איז איהר דערגאַנגען די יאָהרען, און חיה־עטעל איז יונג, צו צוויי און צוואַנציג יאָהר, געגאַנגען פון דער וועלט.

אָט מיט דער חיה־עטעל איז אונזער רחל׳ע געווען אַ לייבליכע חבר׳טע, און זיי האָבען זיך ביידע זעהר ליעב געהאַט. און אָט מיט דער חיה־עטעל איז אַמאָל געזעסען רחל׳ע שבת בייטאָג ביי׳ם פענ־סטער, גאַנץ פיין אויסגעקעמט און אָנגעטהאָן שבת׳דיג, ווי עס גע־הער צו זיין. ווי דער שטייגער איז, האָט רחל׳ע געזונגען איהרע ליעדעלעך, און חיה־עטעל האָט געהערט. רחל׳ע האָט געזונגען:

אוי, דו פאָהרסט אוועק,
אוי, דו פאָהרסט אוועק,
און מיך לאָזט דו איבער!...

— רחל׳ע, הארצעניו, נשמה׳ניו! — זאָגט חיה־עטעל. — זינג דאָס נאָך אַ מאָל!

— איבערזינגגען דאָס נאָך אַ מאָל? — פרעגט זי רחל׳ע פער־וואונדערט. — נו, איך קאָן דאָס דיר אָנהויבען נאָך אַ מאָל פון אָנהויב:

אוי, דו פאָהרסט אוועק,
אוי, דו פאָהרסט אוועק,
און מיך לאָזט דו אי־אי־בער!...

פלוצים דערזעהט רחל׳ע, ווי חיה־עטעל די יתומה ליגט מיט׳ן פנים אויף דער האַנד און איהר קאָפּ מיט די פּלייצעס וואַרפען זיך. רחל׳ע בלייבט שטיל און הערט, ווי חיה־עטעל חליפעט.

— נאָט איז מיט דיר, חיה־עטעל, דו וויינסט? וואָס עפּיס אין מיטען דרינען געוויינט? זאָג מיר, וואָס איז דיר, חיה־עטעל, אַזעלכעס געשעהן? פלוצים גאָר, נאַ דיר אַ געוויין!

— אוי, רחל׳ע! — ענטפערט זי איהר מיט א געוויין. — אוי, רחל׳ע, דאָס ליעדעל, דאָס ליעדעל דיינס!

— דאָס ליעדעל? וואָס זשע איז דאָרט אזעלכעס? וואָס דאַרף מען וויינען דערויף?

— אוי, רחל׳ע, פרעג מיך נישט, פרעג נישט קיין פארביטערט הארץ! א פייער ברענט אין מיר! עס ברענט אין מיר א העליש פייער אָט דאָ, זעהסט דו, אָט דאָ־אָ!

און חיה־עטעל ווייזט איהר אָן ביי זיך אויפ׳ן הארצען. רחל׳ע קוקט אויף איהר פערוואונדערט און צעמישט.

— וואָס קוקסט דו אויף מיר אזוי, רחל׳ע? דו פארשטעהסט נים, דו קאָנסט ניט פיהלען וואָס מיר איז; מיין הארץ איז מיר אזוי שווער, איך בין אזוי עלענד, אזוי פארוויסט, איך טראָג אזעלכע מכות, אז איך מוז דיר אלסדינג דערצעהלען — אלסדינג!

און חיה־עטעל דערצעהלט רחל׳ען א גאנצע געשיכטע, א טרויעריגע מעשה, אפילו א געוועהנליכע, וואָס טרעפט זיך גאנץ אָפט ביי אידען, נאָר זעהר א טרויעריגע מעשה, ווי אזוי איהר פעטער לייב האָט זיך מיט איהר מיאוס בעגאנגען, און צומיינסטען — זי, די מרשעת, די מוהמע, און וועגן ניט דעם פעטער לייב׳ס יונגער זוהן בנימין, וואָלט זי שוין לאנג אנטלאָפען אין דער וועלט אריין, אָדער אין טייך אריינגעוואָרפען זיך. אָט דער בנימין איז געוועזן איהר איינציגע נחמה אויף דער וועלט; מיט איהם איז זי דאָס אויפגעוואכסען אינאיינעם; ער איז צו איהר געוועזן ווי א ברודער, ווי איין אייגענער ברודער — און צום סוף איז ער אוועקגעפאָהרען, האָט זי איבערגעלאָזט אויף צרות, ווי א פרעמדער, גאָר ווי א ווילד־פרעמדער.

— איך פארשטעה ניט, חיה־עטעל, וואָס באַדאַרף מען דאָ אזוי איינלענגען די וועלט, ווען אפילו איין אייגענער ברודער פאָהרט־אוועק, בפרט נאָך ניט קיין אייגענער!

— אוי, רחל׳ע, דו ווייסט נישט, ווי היימיש ער איז מיר געוועזן, ווי איינגעבאקען אין הארצען, טאקי נאָר ווי איין אייגענער, נאָך

מעהר ווי איין אײנענער, זאָג איך דיר! אז איך האָב געזעהן פאַר זיך בנימינ'ען, איז מיר געװען א ליכט אין די אויגען, און אז ער איז אוועקגעפאָהרען...

— בנימין האָט דאָך געמוזט אוועקפאָהרען, חיה־עטעל, ער האָט דאָך חתונה געהאט.

— אוי, רחל'ע־קרוין, זאָג עס מיר ניט, איך קאָן דאָס ניט הערען! דאָס וואָרט „חתונה־געהאט" נעמט ביי מיר ארויס מיין גאַנץ חיות! ווען איך דערהער, אז מע זאָגט: „בנימין האָט חתונה געהאט", עקט זיך מיר דאָס לעבען. דו ווייסט דאָס ניט, רחל'ע, הלואי זאָלסט דו דערפון נישט וויסען אייביג... וואָס קוקסט דו אויף מיר אזוי? בנימין האָט מיר צוגעזאָגט, געשוואָרען, אז ער וועט מיך נעמען.

— נו, למאי זשע האָט ער דיך ניט גענומען, חיה־עטעל?

— דו פרעגסט, ווי א קינד, רחל'ע. מסתמא איז מיר ניט באַשערט. מסתמא איז דאָר א י ה ר מזל.

— ער האָט דאָך דיר אָבער געשוואָרען, אז ער וועט דיך יאָ נעמען.

— נו, מילא, האָט ער געשוואָרען! ער האָט זיך אַלץ געקליבען זאָגען דעם פעטער, אָפּגעלעגט פון טאָג אויף טאָג: ער האָט מורא געהאט פאַר איהם (דו קענסט דאָך מיין פעטער לייב), ביז ער איז א חתן געוואָרען פאַר איהר. און אז איך האָב געמאַכט מיט איהם א שמועס מכח דעם, האָט ער מיר געזאָגט, אז ביז דער חתונה איז נאָך ווייט, ער וועט נאָך קאָנען רעדען — און אזוי זענען אוועקגע־גאַנגען די טעג מיט די יאָהרען, ביז ס'איז געקומען די צייט, אָט א יענע פינסטערע צייט, אויף מיין שלים־מזל... איך בין אַליין געווען ביי דער חופּה, איך האָב אַלסדינג געזעהן מיט מיינע אויגען, אַלסדינג, ווי אזוי ער האָט איהר אָנגעטהאָן דאָס פינגערעל, געזאָגט וואָס מע באַדאַרף... דער חזן מיט די משוררים האָבען געזונגען, און בנימין האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען אויף דער ערד, ער זאָל

מיך ניט זעהן — נאָר איך ווייס, אז ער האָט מיך געזעהן... אַך, רחל׳ע, ווי אַזוי לעב איך? ווי אַזוי האַלט איך דאָס אויס?

— ווי באַלד אַזוי, חיה־עטעל, איז דאָך בנימין אַ גרויסער ליג־נער און איז ניט ווערטה, וואָס די ערד טראָגט איהם.

— ניין, זאָג דאָס ניט, רחל׳ע, דו קענסט ניט בנימינ׳ען; דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ דימענט דאָס איז, וואָס פאַר אַ טייער האַרץ ער האָט!... דאָס איז ער איננאַנצען שולדיג, דער פעטער לייב, דער רוצח, מיין טאַטענ׳ס בלוט זאָל איהם נאָר אָקעגען קומען, רבונו של עולם!

— איך זעה אַרויס, חיה־עטעל, אַז ער טהוט דיר, אַפּנים, גוט באַנג.

— באַנג, זאָגסטו? איך שטאַרב, איך געה־אויס מיט די כחות — און זי זאָגט גאָר באַנג־שמאַנג!

— נו, און זי, חיה־עטעל, זי איז עפּיס אַ שען ווייבעל?

— ווער זי?

— זי, בנימינ׳ס ווייב מיין איך.

ביי די ווערטער האָט רחל׳ע דערזעהן, ווי חיה־עטעל ווערד רויט און נאָכדעם בלייך, אַלערליי פאַרבען. רחל׳ע האָט נאָך נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַר וואָס חיה־עטעל וויל איהר דערויף ניט ענטפערען; נאָר פיהלען האָט זי געפיהלט, אַז נאָך אַ מאָל איבער־פרעגען זי דאַרף מען ניט. „מסתמא פּאַסט איהר ניט, אַז זי מאַכט אַ שווייג; מסתמא טהוט איהר וועה, אַז זי וויל דערפון ניט רעדען“...

---

אין אַ צייט אַרום האָט זיך רחל׳ע בעגעגענט מיט חיה־עטל׳ען אויף אַ חתונה, טאַקי ביי חיה־עטל׳ען אויף דער חתונה. חיה־עטעל איז געווען אַ כלה, ווי אַלע כלות; געזעסען, ווי אַ כלה דאַרף זיצען, געשווינען, געגאַנגען צו דער חופּה, אויף מאָרגען אויסגעשלייערט זיך, געווען אפילו בלייכליך אויפ׳ן פּנים, אַביסעל ווי פערטראַכט,

נישט פריילין... נאָר נישקשה, עס מאַכט ניט אויס: אַ כלה דאַרף אַזוי זיין. וואָס זשע? טאַנצען זאָל זי געהן?...

ווער ווייסט, וואָס ביי חיה־עטל'ען איז געווען אויף דער מחשבה, אויפ'ן הארצען? דאָס האַרץ פון אַ אידישער טאָכטער איז אַ סוד, אַ גרויסער סוד. אַ קאַסטען, אַ פערשלאָסענער קאַסטען, און דערצו פאַסט טאַקי ניט פאַר קיין מאַנסביל אריינצוקוקען אַהין — עס איז עפּיס נישט קיין דרך־ארץ...

---

X.

## און ווייטער אַ מאָל רחל'ע.

אויף דער שאלה: „וואָס טהוט זיך ביי חיה־עטל'ען אינוועניג אין הארצען?" — אויף דער שאלה האָט זיך רחל'ע פערטראַכט ביי חיה־עטל'ען אויף דער חתונה. רחל'ע האָט וועגען דעם מיט קיינעם נישט גערעדט; דאָך האָט זי פערשטאַנען מיט'ן שכל און אַביסעל געפיהלט מיט'ן הארצען, אַז חיה־עטל'ען דאַרף אַצינד זיין ניט אין בעסטען, זיצענדיג מיט איהר בעשערטען, אַ ווילד־פרעמדען בחור, און ווען איהר אייגענער בנימין איז דאָרט ערגיץ מיט זיין ווייב... רחל'ען האָט זיך אַפילו שטאַרק געגלוסט אַ פרעג טהון אַצינד חיה־עטל'ען, וואָס הערט זיך מיט בנימינ'ען, וואָס מאַכט ער, צי שרייבט ער בריוועלעך? נאָר, צוגעגאַנגען נאָהענט צו חיה־עטל'ען און אריינגעקוקט איהר אין איהר בלייך פּנים אריין און דערהערט, ווי זי זיפצט גאַנץ אָפּטליך, — האָט איהר דאָס האַרץ נישט פערטראָגען צו רעדען מיט איהר פון אַזעלכע זאַכען.

מיר קאָנען דענקען, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אויף איהר לעבען, וואָס זי, רחל'ע, האָט זיך פערטראַכט וועגען אַזעלכע ענינים. עס קאָן זיין, אַז איין רעכטער פּאַקט פונ'ם לעבען זאָל אַרויסרופען אַ סך מעהר מחשבות און אויפוועקען אַ סך מעהר געפיהלען, ווי צעהן גוטע ביכער. אמת, רחל'ע איז געווען אַ פּשוט אידיש מיידעל, אָהן חכמות, נאָר קיין נאַריש מיידעל איז זי נים

געוועז; פאר וואס זשע זאל זי נישט בענעמען א זאך מיט איהר איינענעם געבארענעם שכל? אמת, רחל׳ע האט נישט געוואוסט פון קיין העלדען, פון קיין ראמאנען, אבער א ריין הארץ, א ריין אידיש הארץ האט זי געהאט; פאר וואס זשע זאל זי ניט פיהלען קיין פרעמדע צרות, נישט פערשטעהן קיין פרעמדע יסורים? אין דעם פרט, קאן מען זאגען, איז רחל׳ע מיט א מאל עלטער געווארען אויף עטליכע יאהר, א דאנק חיה־עטל׳ען מיט איהר אידישען ראמאן.

אין יענער צייט איז שוין רחל׳ע אויך געוועז א כלה, און פון איהר חתן משה־מענדל׳ען האט זי זיך אנגעהערט אזעלכע שבחים מיט אזוי פיעל מעלות, אז זי האט געקוקט אויף זיך, ווי אויף איינע א גליקליכע אין דער וועלט.

— קיין עין־הרע, אזא גליק! — האט זי געהערט פון אלע זייטען.

— א שמאלץ־גרוב! איין אנקומעניש! רב אייזיק־נפתלי איז א איד א בעל־הבית, דער פיינסטער פון אלע מאזעפעווקער בעלי־בתים, און האט איין זוהן, איין־איינציגען זוהן, און נאך וואס פאר א זוהן. נו, א מזל!

און באמת איז משה־מענדעל טאקי געוועזן א פיין בחור׳על און האט געקאנט געפעלען יעדען: א וואהלס, א לעבעדיגס, א גמרא־קעפעל, א שענער בעל־תנ״ך, דערצו נאך א כתבא־רבה אויף עטליכע הענד, אזוי, אז מיט זיינע כתבים האט זיך גאנץ מאזעפעווקע ארומ־געטראגען, און אפילו מאטעל שפרייז אליין, דער „מיידעלשער שרייבער“ אין סקווירע, האט אנגעזאטעלט זיין רויטע נאז מיט א פאר שפאקולען, האט עטליכע מאל בעטראכט דעם חתנ׳ס כתב, ווי איין עכטער מבין, און האט מודה געוועזן, אז דער חתן האט א גאלדען הענטעל, און אז ער וועט זיך מיט דער צייט אויסשרייבען די האנד, וועט ער, אם ירצה השם, קאנען שרייבען.

געדערט האט רחל׳ע מיט איהר חתן זעהר ווינציג, דען וואו איז ער געוועזן און וואו איז זי געוועזן? פון מאזעפעווקע קיין סקווירע איז גאנץ ווייטליך, און געזעהען האבען זיי זיך בסך־הכל איין מאל,

אי דאָס — נאָר אַ צוויי שעה, אי דאָס — פּאָר אַ גאַנצען מנין אידען, אי דאָס — איז דער חתן געווען אין איין חדר און די כלה — אינ'ם אַנדערען חדר. דערפאַר אָבער האָבען זיי זיך איבערגעשרי־בען מיט בריוולעך כמעט אַלע וואָך, אַ קיילעכיג יאָהר כסדר, ביז דער חתונה. אמת, אין דעם איבערשרייבעכטס — וואָס דאַרף מען דאָ לייקענען? — האָט מאָטעל שפּרייז געהאַט אַ גרויסען חלק, דען אַזוי ווי דעם חתן'ס בריוולעך זענען געווען געשריבען אין דריי שפּראַך: העברעאיש, רוסיש און דייטש, דערום האָט מאָטעל שפּרייז געמוזט זעהן, אַז זי, די כלה, זאָל אויך עפּיס ניט פער־שעמט ווערען. און בכדי צו בעווייזען בעשיינפערליך, אַז פון מאָטעל שפּרייז'ס חדר געהען ניט אַרויס קיין מיידלעך גלאַט אַזוי, ווי ביי אַנדערע שרייבערס, האָט ער זיך געפּלייסט, אַז אין דער כלה'ס בריוולעך זאָל זיין צוגעזעצט נאָך פראַנצויזיש אויך, דאָס הייסט, פראַנצויזישע אותיות, אין וועלכע מאָטעל שפּרייז איז געווען נאָר אַ גרויסער בקי. בכלל קאָן מען זאָגען, אַז אַ גאַנץ יאָהר כסדר האָבען זיך חתן־כלה געשפּיעלט אין כתבים, און נאָר דעמאָלט האָבען זיי אויפגעהערט דאָס דאָזיגע שפּיעל, ווען מען האָט זיך שוין אָנגעהויבען רעכט גרייטען צו דער חתונה.

די חתונה איז אָפּגעלאָפּען, ווי אַלע אידישע חתונות; אביסעל האָט כלה'ס צד ניט יוצא געווען, נישט לייטיש זיך אויסגעשטעלט, גאַנץ אידישליך... און אביסעל האָט זיך חתנ'ס צד געבלאָזען, גע־ווערטעלט און שטילערהייד אָנגערופען דעם מחותן מיט'ן נאָמען „דבר־אחר". ווי ער האָט דאָס אָרענטליך פערדיענט. נאָר גאָר־נישט, עס מאַכט ניט אויס: מע מאַכט, ווי דער שטייגער, אַ כוסה, מע בעט זיך איבער, די כלה געזעגענט זיך אָפּ מיט אַלע איהרע ליעבע, מע בעגלייט זי ביז אַרויס דער שטאָדט, מע קושט זיך, מע וויינט, מע פּטר'ט אַרויס אַ טאָכטער — און מע פיהרט זי אַוועק אַהין, צו די שוועהר־און־שוויגער אויף קעסט.

---

## XI.

## און ווידער א מאָל רחל'ע.

דאָרט, ביי שוועהר־און־שוויגער, האָט זיך אָנגעהויבען פאַר רחל'ען א נייע וועלט. ווי א שנור, און איין־איינציגע שנור, און א געראָטענע שנור, האָבען זי אַלע גיך ליעב געקריגען און מע האָט זי אָפּגעהיט, געפּאַנקעוועט, געבלאָזען דאָס אָרט פאַר איהר. און ווער שמועסט די שוויגער, דוואָסי־מלכה, וואָס האָט קוים דערלעבט אַזאַ נחת, האָט פּשוט דאָס לעבען אוועקגעלעגט צוליעב איהר: נאָר „רחל'ע און רחל'ע!“ וואו ערגיץ א פעט שטיקעל פליישׁ, א מאַר־כעדיג ביינדעל, א געשמאַקע זאַך — אַלץ רחל'ען. גאַנץ פריה, רחל'ע האָט נאָר־וואָס געעפענט די אויגען — אהא, דאָס קריגעל ציקאָריע שטעהט שוין אויפ'ן טיש, און דוואָסי־מלכה, וואָס איז, איינגענטליך, א פערנומענע, א מארק־אידינע, דרעהט זיך אַרום און זעהט, אז די שנור זאָל האָבען אַלץ צו דער צייט.

— וואָס דאַרפט איהר זיך מטריח זיין, שוויעגער?

— נישקשה, טרינק, רחל'ע, עס, רחל'ע!

איין אנדערס מאָל זעהט רחל'ע, ווי די שוויגער לויפט פון מארק אָהן א נשמה און פאַלט־אריין אין קיך מיט קולי־קולות אויף די מענשען, שעלט און קאָרעניעט, גלייך ווי מע וואָלט זי דאָרט געקוילעט.

— וואָס איז, שוויעגער? — פרעגט זי רחל'ע.

— איך האָב געמיינט, דו ביזט שוין לאַנג אויפגעשטאַנען, און די מילך שטעהט און זידט און זידט — זידען זאָל, רבונו של עולם, מיין מויד'ס פאַרע — און איך לויף, איך ווייס וואו איך בין אין דער וועלט? אין קלייט איז, קיין עין־הרע, איין ענגשאַפט — מע זאָל נאָר באַהיט ווערען, און ער, מיין דאַליע, שטעהט די הענט פאַרלעגט ארונטער, ווי א מחותן! איך בעט איהם רחמים: נעם טראָג־אוועק אהיים אָט א צוויי פרישע בייגעל! טאָמער ווילסט דו עסען — עס, רחל'ע, גוטע בייגעל, איך קויף תמיד ביי לייציבען

בייגעל, איך וועל ביי קיין אנדער אידינע ניט נעמען, מע זאל מיר אנשיטען א פולע שטוב מיט גאלד — גאט מעג איהר טאקי העלפען! וויפיעל זי קומט נעבאך אפ פון איהר מאן דעם שכור! ווי אזוי טראגט די ערד אויף זיך אזא נפש — פארשטעה איך נישט, נאר א בזיון דארט דעם טאטען אויף יענער וועלט... יא, וואס האב איך געוואלט זאגען? משטיינס געזאגט, דער קאפ איז מיר אזוי פארשלאגען... שא, אן געהט זי שוין, די יפהפיה. מויד! וואו ביזט דו שוין געוועזן, מויד?

און דא געהט אוועק א ניי צעטעל פון קללות מיט גוואלדען פאר דער מילך פון רחל׳עם וועגען, פאר דער ציקאריע פון רחל׳עם וועגען, פאר דעם אנבייסען פון רחל׳עם וועגען — הכלל, מיט רחל׳ען האלט אין איין קאכען די גאנצע שטוב. אפילו דער שוועהר, וואס איז תמיד געוועזן פערנומען מיט זיך און מיט זיינע געשעפטען, האט אויך שטענדיג נאכגעקוקט נאך איהר, נאכגעפרעגט אויף איהר.

דאס גאנצע ארומפאדקעווען מיט׳ן ארומטאנצען ארום איהר איז רחל׳ען, אייגענטליך, געווען אביסעל פריקרע, טאקי אריבער דער טבע; און דעם אמת מוז מען זאגען, אז רחל׳ע איז געווען א סך וויניגער צוגעלאזט צו זיי, אלס זיי צו איהר.

אז מיר זאגען „זיי“, מיינען מיר דאס די שוועהר־און־שוויעגער, און משה־מענדל׳ען, דעם רעכטען פארשוין, ווארפען מיר ארויס פון צעטעל, ווארום צווישען דעם יונגען פארפאלק איז געווען אזעלכע מחזקות, וואס מע קאן זיי נישט אנרופען ניט גוט, ניט שלעכט. זיי, דאס פארפאלק, האבען צווישען זיך קיין סך נישט גערעדט, און טאקי נישט געקאנט רעדען: אזא יונגערמאן, ווי משה־מענדעל, וועט זיך ניט נעמען אנידערזעצען אין מיטען בייטאג אין דער היים רעדען מיט׳ן ווייב, און אויף דער נאכט, קוים זענען זיי שוין יא געבליבען א מינוט אליין, האט דאס אבער טאקי מעהר נישט גע־דויערט, ווי איין רגע: באלד איז געקומען אדער רב אייזיק־נפתלי און האט ארייגעקוקט צו די קינדער, אדער עס האט אנגעטראגען

דוואָסי־מלכה׳ן מיט אַ קרינגעל, מיט אַ טעפּעל, מיט אַ גלאָז, אָדער מיט אַ שאָל.

— אָט נעם אויף אַ ציקאַווּעסט, רחל׳ע, און פאַרזוך אָט דעם איינגעמאַכטס.

— ווער איז מיר! איך האָב דאָך שוין אַ מאָל הונדערט פאַר־זוכט אָט דעם איינגעמאַכטס, שוויגער!

— ס׳אַ גראם! גער שוין גער, קינד, וואָס דו רעדסט! אָט דעם איינגעמאַכטס האָסט דו נאָך אַפילו נישט אָנגעקוקט אין די אויגען.

און רחל׳ע נעמט ווידער אַ מאָל פערזוכען דעם איינגעמאַכטס, וואָס קריכט איהר שוין פון האַלז.

— אַ דונער איז מיר, רחל׳ע, ביזט דאָך פאַרחליאַנעט געוואָרען! טהו אַ קוק אַביסעל, ווי אַ מענטש עסט! פון וואָס דו לעבסט — וויים איך נישט. כלעבען, מע ווערט דיך דערזעהן עמיצער פון סקווירע, ווערט מען דאָס מיך אַ קאָפּ אָנשעלטען: אַ שענע שוויע־גער — אַ געשוויר איהר אין דער לעבער! — ווערט מען זאָגען. — פיין אויסגעהאָדעוועט אַ שנור — אַ שטריק איהר אויפ׳ן האַלז! ווער איז מיר, עס האָטש עפּים פון יוצא ווערען!

— לאָזט מיך, איך בעט אייך, צורוה, שוויענער! איך בין זאַט, הלואי ביז מיין לעבען.

— נו, טהו מיר צוליעב, טאָכטער! מע טהוט צוליעב אַ מאָל אַ שוויגער אויך; עלעהיי איך בין אַ מאַמע. נעם האָטש איין פּיצעל און טהו מיר נישט אָן קיין יסורים!

און רחל׳ע וואַרגט זיך מיט נאָך אַ שטיקעל און מיט נאָך אַ שטיקעל, און עס ווערד איהר נמאס אַזאַ לעבען, האָטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז מע איז איהר געטריי, איבערגעגעבען ביז לעצט, און לאָז זי זאָגען, אַז זי וויל דאָס טעלערעל פונ׳ם הימעל, בעקומט זי דאָס: וואָס הייסט, ס׳איז אַ תירוץ? רחל׳ע וויל — דאַרף עס זיין!

נאָר אַ מענש איז ניט קיין אָכס, ניט קיין גאַנז, וואָס זאָל צו־פריעדען זיין נאָר מיט גוט האָדעווען. אַ מענש קאָן ווינציג־וואָס

הנאה האָבען, אַז מע זאָל איהם נאָכגעהן כסדר, אומעדום, פּיס־טריט, אָפּבלאָזען יעדען אָרט, וואו ער שטעלט א פוס, צעהלען זיינע טריט, אבטונג געבען אויף יעדען ביסען, אויף יעדען שלונג, הענגען איבער איהם, ווען ער זיצט, זיצען איבער איהם, ווען ער שלאָפט — מיט איינעם וואָרט, מע זאָל האַלטען זיין לעבען אינ־גאַנצען אין פרעמדע הענד און איהם ניט איבערלאָזען גאָרנישט...

אין אַזאַ טרויעריגער לאַגע האָט זיך געפונען רחל'ע אין יענער צייט, וואָס עס קומט־פאָר די דאָזיגע געשיכטע. רחל'ע האָט נישט געהאַט אפילו פאַר וועמען זיך צו קלאָגען. איהרע פאָטער און מוטער האָבען זי געהאַלטען פאַר איינע א גליקליכע, און זייערע בריעף צו איהר זענען תמיד געווען פול מיט נחת, מיט תענוג און מיט ברכות צו גאָט ברוך־הוא, וואָס ער האָט זיי אַזוי בעגליקט. און איהרע בריעף צו זיי זענען אויך געווען אָנגעפילט מיט „ברכה והצלחה", מיט „נחת און פערגעניגען", מיט „ברוך־השם" און מיט „הלואי אויף ווייטער ניט ערגער", און האָבען זיך שטענדיג אויס־געלאָזט מיט „גליק און פריידען" און „פרייליכע הערצער אָמן סלה".

טיעף אין הארצען האָט זי געטראָגען א פערדראָס אויף משה־מענדל'ען, למאי ער האָט זיך געהאַלטען ווייטליך פון איהר און עפּיס אַזוי ווי העכער פון איהר, עפּיס ניט איהר גלייכען, ווי דער שטייגער איז פון א אידישען יונגענמאַנטשיק א תכשיט; ער קאָן זיך ניט אראָפּלאָזען אַזוי נידעריג צום ווייב, עס קומט ביי איהם אויס עפּיס נישט גלאַט, זעהר פריקרע... אינווענינג אין הארצען אָבער האָט זי משה־מענדעל גאָר נישט פיינט געהאַט; פערקעהרט, ער איז איהר געווען געטריי, זעהר געטריי, טאַקי מיט איין אמת, גאַנץ בתמימות. איינמאָל איז רחל'ע עפּיס חרוב געוואָרען און איז געלעגען א פאָר טאָג צו בעט; דעמאָלט איז משה־מענדעל נישט אָפּגעטראָטען פון איהר די גאַנצע צייט, געזיפצט, געהאַט יסורים, אויסגעגאַנגען באמת מיט אַלע כחות.

— א צער־בעלי־חיים! — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער און אויף זיינע אויגען זענען געווען טרערען. — מע דאַרף רופען דעם

רופא אָדער דעם פעלדשער. איך קאָן דאָס גאָר נישט צוזעהן, ווי זי ליגט נעבאַך אין אַ העליש פייער — אַ צער־בעלי־חיים!

אויפ'ן דריטען טאָג איז רחל'ען גרינגער געוואָרען. משה־מענדעל איז דאָך ניט אָפּגעטרעטען פון איהר, און אָט דאָ, זיצענדיג ביי איהר צוקאָפּענס, האָט משה־מענדעל געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט אביסעל צו פערברענגען און שמועסען מיט זיין שענער ליעבער רחל'ען. דערצו האָבען זיי ביידע חשק געהאַט — מע מוז דעם אמת זאָגען. משה־מענדעל האָט זיך צוגעזעצט צו איהר גאַנץ נאָהענט, אַזוי נאָהענט, אַז איהר שענער קאָפּ, וואָס איז געווען נאָר האַלב צוגעדעקט מיט אַ ווייס טיכעלע, איז געווען כמעט ביי איהם אויף די הענד... רחל'ע האָט אויפגעהויבען איהרע בלויע אויגען אויף משה־מענדל'ען און האָט געוואַרט, טאָמער וועט ער איהר עפּיס זאָגען. משה־מענדעל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען אַראָפּ. נאָר אַז זי האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צום פענסטער, האָט ער אויף איהר געקוקט, און אַז זי האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן, האָט ער אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צום פענסטער. און אַזוי האָבען זיי זיך איבערגעוואָרפען מיט אויגען אַ היבש שטיקעל צייט אָהן ווערטער. אינ'ם גאַנצען יאָהר נאָך דער חתונה האָט דאָס דאָזיגע פּאָרפאָלק געהאַט אצינד אַ געלעגענהייט צו שמועסען צווישען זיך, נאָר זיי האָבען זיך נישט געקאָנט איינשטעלען און האָבען נישט געוואוסט, ווי אַזוי אָנצוהויבען עפּיס אַ שמועס. רחל'ע, אַלס ווייבעל, האָט געהאַט רעכט צו וואַרטען, ביז ע ר וועט עפּיס זאָגען, און ער, משה־מענדעל, אַלס פיינער יונגערמאַן, האָט געוואַרט, ביז ז י וועט עפּיס זאָגען — און דערווייל האָבען זיי ביידע געשוויגען, דורכוואַרפענדיג זיך מיט די אויגען.

— וואָס איז, משה־מענדעל?

— וואָס „וואָס איז“?

— וואָס קוקסט־דו?

— ווער קוקט?

— דו קוקסט.

— איך קוק ?

— ווער דען קוקט ?...

רחל'ע דרעהט זיך אוים מיט דעם פנים צו דער וואנד, און משה־מענדעל נעמט דאָס בערדעל אין די צייהן אריין און קוקט אויף רחל'ען לאנג־לאנג און זיפצט, ביז זי דרעהט־אוים דעם קאָפּ צו איהם און חאפּט איהם, ווי ער קוקט אויף איהר און זיפצט.

— וואָס איז, משה־מענדעל ?

— וואָס „וואָס איז" ?

— וואָס זיפצסט דו אזוי ?

— ווער זיפצט ?

— דו זיפצסט.

— איך זיפץ ?

— ווען דען זיפצט ?...

און דאָס פּאָרפּאָלק ווערד ווידער אנשוויגען. משה־מענדעל רוקט זיך צו נאָך נעהענטער, הוסט זיך אוים און וויל עפּיס אָנ־הויבען צו רעדען.

— הערסט דו, רחל'ע, איך מיין עס אקעגען דעם, וואָס דו זאָגסט...

פּלוצים עפענט זיך די טיר און דוואָסי־מלכה לויפט אריין מיט א ליארם :

— וואָס זשע ? איך האָב נישט געוואוסט פריהער, אז די אינדיקעס וועלען צעברעכען וואו ס'איז דאָ ערגיץ א שאָל אָדער א טעלער ? אינדיקעס האָט זיך איהם פארגלוסט אין מיטען דריי־נען !... וואָס מאכסט דו עפּיס, רחל'ע ? דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגען ? מיר דאכט, אז ביי דיר איז די „סיניע" (קדחת) ; איך זעה, אז ס'איז ביי דיר א מין „סיניע". איך האָב דיר גע־זאָגט — שטעה ניט אין דרויסען אָהן א שאָל ! שטעה ניט אין דרויסען אָהן א שאָל ! איך האָב ווידער געשיקט צו יקותיאל דעם רופא. אייזיק־נפתלי אליין איז זיך דורכגעגאנגען צו יקותיאל'ען.

— למאי, שוויענער? עס וועט איבערגעהן; עס איז ביי מיר אזא איבערגאנג.

— ביי דיר איז אלסדינג איין איבערגאנג. א שען איבערגאנג! גער שוין גער, קינה, וואס דו רעדסט! מע דארף זיך אביסעל צוזעצען...

און דוואסי־מלכה רוקט זיך צו א בענקעל צום בעט און זעצט זיך אנידער.

— ווייסט דו וואס, מאמע? — רופט זיך אן פלוצים משה־מענדעל. — ווייסט דו וואס? דו גער בעסער אין קלייט אריין און איך וועל שוין זיצען אט דא.

און זיינע אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט רחל'עס אויגען, און ער האט איבערגעלייענט אין זיי: „אוי, האסט דו, משה־מענדעל, צוגעטראפען!"...

— ווייס איך וואס דו רעדסט! — ענטפערט איהם דוואסי־מלכה און רוקט זיך צו נאך נעהענטער צום בעט. — נא דיר נאר אין קלייט! וואס האב איך דארט אנגעווארען? די גרויסע פדיונות די היינטיגע, משטיינס געזאגט! איך פארגין זיי אלע מיינע שונאים מיט'ן גאנצען הארצען!... גער דו בעסער, משה־מענדעל, צו מיר אין ספאלנע און לעג זיך צו אויפ'ן טאטענ'ס בעטעל שלאפען. דו ביזט דאך א גאנצע נאכט ניט געשלאפען!

און אט אזוי לעבט זיך אפ דאס גליקליכע, נאר דאס געפענ־טעטע פארפאלק, אויף אלעם גרייטען, נאר אהן א פרייער מינוט, אונטער דער בעשטענדיגער אפעקע פון גוטע פאטער־און־מוטער, פון געטרייע שוועהר־און־שוויגער — און נישט דער מאן און נישט דאס ווייב מאכען דערפון איין עסק; נישט ער און נישט זי זענען דאס מזכיר איינס פאר'ן אנדערען. נאר משה־מענדל'ען איז נאך ווי עס איז: ער קוקט־אריין אין א ספר, מישט זיך אריין אין דעם פאטער'ס געשעפטען, האט זיך זיינע יונגעלייט, מיט וועלכע ער טהוט אמאל א שטיעף אין שוהל אדער אין מארק; מיט איינעם וואָרט, משה־מענדעל לעבט ווי עס איז.

רחל׳ע אָבער לעבט גאָרניט: זי עסט און טרינקט, פערזוכט צוואַנציג מאָל א טאָג דער שוויעגער׳ס איינגעמאַכטס, טהוט נישט קיין האַנד אין קאַלט וואסער, געהט זיך נישט צענויף מיט קיינעם, מחמת רב אייזיק־נפתלי׳ס שנור קאָן זיך נישט צענויפקומען „אבי־מיט־וועמען", און „אבי־ווער" וועט זיך נישט צענויפקומען מיט אייזיק־נפתלי׳ס שנור, וואָרום דער אבי־ווער האַלט זיך פיעל לייטישער און רייכער און שענער פון אייזיק־נפתלי׳ן, און אייזיק־נפתלי האַלט זיך לייטישער און רייכער פון אַלע מאַזעפּעווקער בעלי־בתים — און אזוי ציהט זיך רחל׳ע איהרע יאָהר און טעג, ווי אין געפּעננעניש: ווידער געגעסען, ווידער געשלאָפען, ווידער דאָס קריגעל קאַווע, ווידער די ליעבע שוויעגער מיט׳ן איינגעמאַכטס, און אזוי ווייטער, א גאַנץ יאָהר כסדר.

---

XII.

## רחל׳ע זינגט ליעדלעך.

אָט אין דער לאַנגע האָט זיך געפונען אונזער רחל׳ע אין יענער צייט, ווען מיר האָבען זי געזעהן ביי חיים־בנציונ׳ס טאָכטער אויף דער חתונה, צום שלייער־וואַרמעס, שטעהענדיג אין דרויסען ביי דער טיר און בעטראַכטענדיג דעם מאַזעפּעווקער מאַרק מיט די קלייטען, מיט די סעדיכעס, מיט דעם וואָגען, מיט די אומגעלומ־פערטע אָכסען און מיט׳ן שייגעצעל מיט דעם גרויסען היטעל.

אָט אין דער לאַנגע האָט זיך געפונען אונזער שענע רחל׳ע אין יענער צייט, ווען זי האָט צום ערשטען מאָל דערהערט דאָס זעל־טענע שפּיעלען פונ׳ם געוויסען סטעמפּעניו.

הערען שפּיעלען האָט רחל׳ע ליעב געהאַט — אוי, האָט זי דאָס ליעב געהאַט! כלי־זמר איז פון תמיד אָן געווען ביי איהר דאָס חיות; האָט זי געהערט ערגיץ זינגען אָדער שפּיעלען א נייעס, האָט זי דאָס תיכף איבערגענומען און איבערגעזונגען אויף איהר שענער, גלאַטער שטימע. דערפון האָבען איהרע עלטערען געגונג

אַנגעקוועלט און געזאָגט: „אַ מאַנסבילשער קאָפּ אויף איהר; אַ מערכה, וואָס זי איז געבאָרען געוואָרען אַ נקבה, ווען ניט — וואָלט זי געסמאַלעט אַ וועלט"...

עס ווייזט אויס, אַז איהרע עלטערען האָבען דוקא יאָ פערשטאַנען, אַז עס ליגט אין זייער טאָכטער עפּיס אַ כח, עפּיס אַזאַ מין זאַך, וואָס מיר אין היינטיגע צייטען רופען־אָן טאַלאַנט; נאָר זיי, רחל'עס עלטערען, אין יענער צייט, האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער כח איהרער פון איבערנעמען אַ זאַך און איבערזינגען דאָס — ליגט ביי איהר אין קאָפּ, ווייל זי האָט אַ מאַנסבילשען קאָפּ. דער קאָפּ שפּיעלט ביי אונז, אידען, די גרעסטע ראָלע, מעהר אַלס אַלע צוויי־הונדערט־אַכט־און־פערציג אברים. אַ קאָפּ, אַ קעפּעלע! — אָט דאָס איז ביי אונז דער עיקר אנטיק. נאָר ווי אַזוי די מעשה איז, ביז פופצעהן־זעכצעהן יאָהר האָט רחל'ע געזונגען, ווי אַ פריי פויגעלע: וואו ערגיץ אַ חזנ'יש שטיקעל, אַ „נקרישך", אַ „כבקרת", אַזוי אויך אַ חסיד'ישער ניגון, כלי־זמר־שטיק אַלערליי, — האָט רחל'ע אויסגעזונגען אויף איהר ציכטיג קול, וואָס איז געווען אַ מחיה נפשות צו הערען. נאָר קוים איז זי אַ כלה געוואָרען, אַזוי האָט איהר די מאַמע געזאָגט:

— פע, גענוג, טאָכטער, דיר צו טערעלייקען. וועסט קומען צום שוועהר־און־שוויגער אויף קעסט און וועסט זיך נאָר פּלוצים אַנידערזעצען ברימבלען — אַ שענעם פּנים פאַר לייטען!

רחל'ע, פערשטעהט זיך, האָט פערשטאַנען, אַז ס'איז ניט לייטיש, האָט זי געפאָלגט און האָט אויפגעהערט צו זינגען... נאָר לחלוטין אויפהערען צו זינגען האָט זי ניט אויפגעהערט, דען עס פלעגט זיך ביי איהר אַליין, אָהן איהר ווילען, אַרויסחאַפּען אַ געזאַנג, פון רגילות, אפּנים, און וואָס איז זי שולדיג, אַז עס זינגט זיך פאַרט?... אַז מע זעהט, פון וואַנען דאָס וואַסער לויפט, קאָן מען דאָס נאָך פערשטעלען, אָבער אַז מע זעהט ניט, מע ווייסט ניט, פון וואַנען עס נעמט זיך — וואָס קאָן מען טהון?... ניט נאָר כלה'וויז, אפילו שוין נאָך דער חתונה האָט זיך איהר עטליכע מאָל

געמאַכט, אַז זי האָט זיך נאָר פערגעסען, וואָס זי איז, און האָט זיך צעזונגען, ווי אַמאָל, צעלאָזט גאָר אויפ'ן אַלטען שטיינער, ווי מיידעלוויין. רחל'ע האָט גאָר פערגעסען, אַז די שוויעגער איז דאָ אין שטוב און הערט יעדעס וואָרט, ווי אַזוי זי זינגט:

אוי, אָט דאָרט, אָט דאָרט,
אוי, אויף יענעם אָרט
שטעהען טייבעלעך צוויי — צוויי!
זיי שמועסען זיך, זיי קושען זיך...
נאָר וואָס פאַר אַ טענה האָבען זיי?
זיי קושען זיך און שמועסען זיך...

— אוי, אַ דונער איז מיר! נאַ דיר נאָך! — האָט רחל'ע אויס־געשריגען און האָט זיך אַ חאַפּ געטהאָן, דערזעהען פּלוצים די שוויעגער.

— נישקשה, נישקשה, ווייס איך! — האָט זי די שוויעגער בערוהיגט און האָט זיך געמאַכט תמ'עוואַטע, שמאָרענדיג מיט דער נאָז און אריינקוקענדיג אין אַ סלאָי איינגעמאַכטס. — זעהסט דו, רחל'ע, איך האָב מורא, אַז די אַגרעסען אונזערע זאָלען ניט אָנ־הויבען צוקערען; איך האָב שוין פאַר־אַ־יאָהרען געהאַט אַזאַ פּסק: העכער אַ האַלבער פוד איינגעמאַכטס איז פאַרפאַלען געוואָרען אָט אַזוי...

און ווער רעדט, פאַר משה־מענדל'ען וואָלט זי ניט געזונגען פאַר קיין געלד: עס קומט אויס עפּיס משונה־נאַריש און זעהר פריקרע — נעמען עפּענען אַ מויל פאַר'ן מאַן אין די אויגען און זינגען... עס קאָן זיין, אַז משה־מענדעל וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט און וואָלט אפשר אַ גרויסער בעלן געווען דערויף. ער האָט זי גע־הערט אַ פּאָר מאָל אַ זינג טהון און ווייסט, אַז איהר קול איז צוקער־זיס. נאָר וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט ער געהאַט פאַר זיך אַליין, אַז ער זאָל זיך פּלוצים אַנידערזעצען אין דער היים — הערען דאָס ווייב זינגען ליעדלעך? אַ שיינע עובדא פאַר אַ לייטישען יונגען־

מאַנטשיק! עס זאָל זיך מאַכען על פּי מקרה זי הערען — מהיכי־תּיתי... און עס פלעגט זיך אמאָל מאַכען, נאָר זעהר זעלטען; דעמאָלט פלעגט משה־מענדעל בלייבען שטעהן, זיך גוט אָנהערען און נאָכדעם געבען א הוסט, צו בעווייזען, אז ער קומט כלומרשט ערשט אָן, און זיך אריינקומען אין שטוב אריין כלא ידע...

אָט אזוי האָט זיך אָפּגעלעבט רחל'ע א קיילעכיג יאָהר, איינע אליין, צווישען גוטע געטרייע לייט, איבערגעגעבענע ביז לעצט, און מע קאָן ניט זאָגען, אז ס'איז איהר געווען גוט, און מע קאָן ניט זאָגען, אז ס'איז איהר געווען שלעכט. זי האָט זיך געפיהלט צווישען אייגענע פרעמד, צווישען אייגענע עלענד, צווישען גוטע, טרייע — פערלאָזט. זיצענדיג אזוי פערזאָרגט איבער איין ארבייט, איין אויסנייהעכטס, פלעגט זיך רחל'ע, ווי איהר שטייגער איז, אונטערזינגען, און פלוצים פלעגט זי אָננעמען א האַרצקלעמעניש און עס האָט זי געצויגען אהין, דאָרט, וואו זי האָט פערבראַכט איהרע קינדער־יאָהרען.

געפלויגען, געפלויגען
די גילדענע פויגעל
איבער אלע ים'ען;
לאָזט זשע געריסען,
גילדענע פויגעל,
מיין ליעבער, האַרציגער מאַמען!
געפלויגען, געפלויגען
די גילדענע פויגעל
איבער אלע טייכען;
לאָזט זשע געריסען,
גילדענע פויגעל,
מיין ליעבען, האַרציגען טאַטען...

דוואָסי־מלכה האָט ליעב געהאַט גאַנץ אָפּט אונטער'גנבה'נען זיך אויף די שפּיץ־פינגער און אונטערהערען זיך ווענען וואָס זינגט די שנור.

— וואָס איז דיר, רחל׳ע, דו בענגסט אהיים?
— אך, ניין, שוויעגער! גלאָט אזוי... — ענטפערט רחל׳ע שמייכלענדיג און ווישט־אויס די טרערען.

---

XIII.

## רחל׳ע האָט שוין דאָס גוטע בריוועל.

מיר האָבען איבערגעלאָזט רחל׳ען בשעת דעם „שלייער־וואר־מעס“ שטעהן ביי דער טיר און קוקען אויפ׳ן גרויסען מארק־פּלאַץ פון דער שטאָדט מאזעפּעווקע, פערטיעפט אין איהרע מחשבות, פון וועלכע מיר האָבען אויבען געשמועסט. די מחשבות איהרע זענען אָבער גיך איבערגעריסען געוואָרען דורך אונזער וואָהלען יונג — סטעמפעניו׳ן.

דער דאָזיגער פיינער בחור, וואס האָט געוואָרפען איין אויג אויף רחל׳ען, האָט גוט בעמערקט, ווי זי איז ארויסגעגאנגען פונ׳ם טיש, האָט ער אביסעל צוגעוואָרט און איז אויך ארויסגעגאנגען, און האָט זיך געשטעלט אין דרויסען ביי דער טיר, און האָט תיכף פערבונדען מיט רחל׳ען א שמועס וועגען זיין שטאָדט מאזעפּעווקע און וועגען איהר שטאָדט סקווירע, וועלכע ער האָט גוט געקענט מיט אלע בריקלעך, מיט אלע איהרע אנטיקלעך, אויסגעטונקען, ווי מע זאָגט; און פון דער שטאָדט יעהופּעץ האָט ער מיט איהר גע־רעדט; ער האָט געהערט, אז זי איז אמאָל געוועזען אין יעהופּעץ. רחל׳ע האָט איהם געענטפערט איין וואָרט איבער צעהן.

— וואָס איז די מעשה — האָט זי סטעמפּעניו א פרעג גע־טהאָן — וואָס איז די מעשה, וואָס מע זעהט אייך קיינמאָל ניט געהן אויפ׳ן שפּאַציער, ניט שבת, ניט יום־טוב? איהר זענט שוין דאָ כמעט א יאָהר, העכער א יאָהר, און מע זעהט אייך נאָך ניט

אויף דער באַרדיטשעווער גאַס! און פאַרקליבען האָט איהר זיך אַזוי ווייט, אין עק שטאָדט, און איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז איהר זענט היע... ערשט נעכטען בין איך געוואָהר געוואָרען, ווען איך האָב אייך דערזעהן... איך האָב נאָך נעכטען געוואָלט מיט אייך אַביסעל רעדען, קאָן מען ניט... איהר ווייסט דען נישט אונ־זערע אידישע שטעדטלעך? באַלד הויבט מען אָן צו רעדען, מע נעמט אין די מיילער אריין... געהט זיך דורך, פאָלגט מיך, שבת בייטאָג אויף דער באַרדיטשעווער גאַס... דאָרט איז די גאַנצע שטאָדט... למען השם, הערט איהר? למען השם, שבת בייטאָג אויף דער באַרדיטשעווער גאַס!

רחל'ע האָט איהם קיין צייט ניט געהאַט צו ענטפערען, דען איהר געטרייע שוויגער דוואָסי־מלכה האָט בעמערקט, אַז די שנור איז ניטאָ ביי'ם טיש, איז זי געלאָפען זי זוכען, און אַז זי האָט זי געטראָפען שטעהן אין דרויסען ביי דער טיר מיט סטעמפעניו'ן, האָט זי זיך אין פלוג אַביסעלע פערוואונדערט: „וואָס עפּיס אין מיטען דרינען אַט דאָ מיט איהם?" נאָר סטעמפעניו, וואָס איז בכלל געווען אַ מזיק און אַ גרויסער בריה אין אַזעלכע ענינים, האָט זיך תיכף גענומען צו דוואָסי־מלכה'ן מיט די דאָזיגע ווערטער:

— מיר שמועסען דאָ מכח דער חתונה, מכח דעם רבינ'ס חתונה אין סקווירע... אייער שנור איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד, ווען איך האָב געשפּיעלט אויף דעם רבינ'ס חתונה. זי געדענקט ניט דעם רבינ'ס חתונה...

— עס פאַרשטעהט זיך, ווי קומט צו איהר דאָס געדענקען? — האָט איהם דוואָסי־מלכה געענטפערט. — איך געדענק אָבער גוט. איך בין דעמאָלט געווען מיט מיין מאַן, און האָבען גענעכטיגט אין פעלד, — אַזאַ איין ענגשאַפט איז דעמאָלט געווען אין שטעדטעל.

— וואָס ווייסט איהר דאָס ענגשאַפט דעמאָלט! איך וועל אייך דערצעהלען שענערס... — האָט איהר סטעמפעניו געענטפערט און האָט פערבונדען מיט דוואָסי־מלכה'ן אַ לאַנגען שמועס מכח פיעל פערשיעדענע ענינים, און אַזוי האָט ער זיך מיט איהר פער־

רערט, און רחל'ע האָט זיך דערוויייל ארויסגעדרעהט און איז אריינ־
געקומען צוריק אין שטוב אריין צו דער כלה. מיר האָבען נאָך
אויבען געזאָגט, אַז סטעמפעניו האָט געקאָנט רעדען; מיר דאַר־
פען דערצעהלען נאָך אַ מעלה פון איהם, היינו: אויף צו רעדען
מיט אַלטע ווייבער, פּלאַפּלען, פּעררעדען זיי די צייהן, ווען מע
בעדאַרף, האָט מען איהם אויך ניט בעדאַרפט פּיקען די צונג; ער
האָט געקאָנט די מלאכה גוט. „אַ געלערענטע מכשפה — זאָגט די
וועלט — איז ערגער, ווי אַ נעבאַרענע". סטעמפּעניו איז אין זיין
אַרבייט געוועזען אַ חריף; ער איז דורכגעגאַנגען אַ גוטען חדר, ווי
מיר וועלען זעהן ווייטער.

„אַ העזה אביסעל! — האָט זיך רחל'ע געטראַכט אין האַרצען.—
זאָגען מיר, אַז איך זאָל, למען השם, זיין שבת בייטאָג אויף דער
באַרדיטשעווער גאַס! למען השם? אַנדערש וויל ער ניט? אַ
השגה אביסעל! דאָס קאָן נאָר אַ כלי־זמר!"...

מיט אַזעלכע בייזע מחשבות איז רחל'ע געקומען צוריק פון
דער חתונה, און אַז עס איז געקומען דער ליעבער שבת־קודש, אַז
דער שוועהר און די שוויעגער און אויך משה־מענד'על האָבען זיך
געלעגט רוהען און קלויבען אביסעל עונג־שבת פונ'ם זיסען שלאָף,
פון וועלכען אידען האַלטען נאָר אַ וועלט פון כמה וכמה יאָהרען, —
דעמאָלט האָט זיך רחל'ע, ווי איהר שטייגער איז, געזעצט איינע
אַליין ביי'ם פענסטער און האָט געקוקט אויף דער גאַס אַרויס, צו־
ברומענדיג זיך אַ ליעדעלע אונטער דער נאָז. דאָרט, אויף דער גאַס,
האָט זי דערזעהן, ווי אַלע שבת, אויסגעצוואָגענע מיידלעך, מיט
רויטע און מיט בלויע סטיינגעלעך אין די צעפּ, מיט רויטע, געלע,
גרינע, מאָדנע קליידלעך און מיט הענטשקעלעך און מיט נייע גלאַנ־
צענדיגע שיך אויף סקריפּקעס. דאָס געהען זיי אַהין, „אויפ'ן שפּאַ־
ציער", אויף דער באַרדיטשעווער גאַס. דאָרט וועלען זיי ווייזען,
איינע די אַנדערע, זייערע רויטע, בלויע סטיינגעלעך, מיט זייערע
רויטע, געלע, גרינע קליידלעך. דאָרט וועלען זיי חאַפּען אַ קוק פון
דער ווייטענס, פּערבייגעהענדיג, ווי דער מנהג איז ביי אונז, אויף

די בחורים׳לעך, אויף די שענע בחורים׳לעך מיט די קאָרטענע קאַ־פּאָטקעלעך, מיט די לאַנגע הויזלעך און מיט די גלאַנצענדיגע דאַש־קעס (קאָזיראָקלעך) פון די שבת׳דיגע קאַרטוזלעך. דאָרט וועלען זיי מיט גרויס צניעות אַראָפּלאָזען די אויגען, און די בעקלעך וועט־לען ביי זיי ווערען רויטליך פאַר חרפּה, און די הערצלעך... מיט איינעם וואָרט, דאָרט וועט זיין חי־געלעבט!

רחל׳ע ווייסט דאָס גאַנץ גוט. פאַר וואָס זאָל זי דאָס ניט ווי־סען? זי איז דאָך אויך אַמאָל געווען אַ מיידעל מיט רויטע און בלויע סטיינגעלעך אין די צעפּ, און האָט אויך געשפּאַציערט מיט אַ סך מיידלעך שבת בייטאָג אויף דער גאַס. אָבער איצט?

רחל׳ע קוקט זיך אַרום. אַלע שלאָפען און חראָפּען געשמאַק. אַלע! נאָר זי אַליין זיצט דאָ, ווי צווישען טוידטע, ווי צווישען אמת׳ע מתים. זי שפּאַרט אָן איהר קאָפּ אויף די הענד און פער־טראַכט זיך און דערמאַנט זיך אַיין אַלט ליעדעלע, וואָס זי האָט געזונגען אַמאָל, מיידעלוויז:

איינע אַליין,
עלענד, ווי אַ שטיין,
איך האָב צו קיינעם צו רעדען,
נאָר צו זיך אַליין.
עלענד, ווי אַ שטיין,
איך האָב צו קיינעם צו רעדען...

— גוט שבת!...

רחל׳ע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט דערזעהן... סטעמפּעניו׳ן.

— אַ גוט שבת! זאָג איך.

„וואָס איז דאָס?! ווי קומט ער אַהער?“ — האָט רחל׳ע גע־וואָלט פרעגען און אָפּטרעטען פון׳ם פענסטער.

— גוט שבת, גוט יאָהר! — האָט זי איהם געענטפערט און איז געוואָרען רויט, ווי אַ צוויק.

— איהר האָט מיך ניט געפאָלגט און זענט נישט ארויסגע־גאנגען אויף דער בארדיטשעווער גאס? איך האָב אויף אייך אומ־זיסט ארויסגעקוקט... איך האָב... איך בין... נאט לייענט!...

און סטעמפעניו האָט איבערגעגעבען רחל׳ען א צענויפגעלעג־טען בויגען פאפיער און איז גיך פערשוואונדען געוואָרען פון איהרע אויגען.

רחל׳ע האָט לאנג, לאנג געהאלטען דעם בויגען פאפיער אין איהרע הענד, ניט געוואוסט, וואָס צו טהון דערמיט, און ניט פער־שטאנען, וואָס דאָס בעדייט, „מיט וואָס עסט מען דאָס?“... אז די ערשטע איבערראשונג איז איבערגעגאנגען, האָט זי צענומען א גרוי־סען בויגען נאָטען־פאפיער און האָט דערזעהן גרויסע אותיות, אויף פשוט אידיש געשריבען, מיט א סך גרייזען.

„מיין ליבשטיר איינגיל פין הומיל ווען איח האָב דיין
„לעחטיק שטאלד דערזוהין איז מער געוואָרין לעחטיק אָן
„מיינע ביידה עייגין אין א לעחטיק פייאר טיט מיין הארץ
„פרענגין פין גריית ליבשעווט צי דיר מיין נעשאָמע וואָת דייי־
„נע הומיל עייגין האָבין מעח מיד דיין שיין לעחטיק שטאלד
„צי זעה גוצוויגען פין דער אורשטיר שאָ ביסד מיין לייבין פין
„מיין לייבין פין מיין הארץ מיין זיילי אין טי ניט שלאָפען אין
„חאָלים דיך זייהין אָן דיר דאָת די לעחטיקי זין פינסטיר אין
„מיינע עייגין אָב דעח ליב ווי מיין זיס לייבין אין חשטארב
„מיד אלי עייוועריס דעח טאָמיד זייהין פאר מייני עייגין
„אין דעח טאָמיד ליבין אין מיד דיר טאָמיד לייבין דען דעח
„אויף אימער ליבענדיר וואָת גייט אוית נאָח דייני טרייט אין
„טיט דעח פין ווייטין קישין דייני שייני עייגין

סטעמפעניו“.

---

## XIV.

## פון דער „בת־מלכה“ צוריק צום „בן־מלך“.

לאָמיר איבערלאָזען די „בת־מלכה“ און זיך אומקעהרען צום „בן־מלך“. מיר וועלען פערבויגען רחל׳ען און שמועסען מכח סטעמ־פעניו׳ן.

אמת, דאָס דאָזיגע בריוועל פון סטעמפעניו׳ן, וואָס איז אויבען געקאָפּירט אות באות, איז נישט אַזוי קונציג, נאָר וואָס קאָן מען העלפען? סטעמפעניו איז אודאי געווען אַ העלד, אַ שענער יונ־גאַטש, אַ ימח־שמו׳ניק אַ גוטער, נאָר קיין שרייבער איז ער ניט געווען. געהט מאַכט עפּים! זיין פאָטער, עליו השלום, בערעל באַס, אַז ער האָט דערזעהן, ווי סטעמפעניו האָט חשק צו שפּיעלען און לערנען וויל ער ניט קיין וואָרט, האָט בראָט איהם, האָט ברען איהם, האָט ער איהם גיך גענומען צו דער מלאכה און האָט איהם פריהער אויסגעפּרובט אויף אַלע כלים, ביז ער איז געבליבען שטעהן מיט דער פיעדעל, און בערעל באַס, וואָס האָט געהאַט חוץ סטעמפעניו׳ן נאָך קינדער מוזיקאַנטען, האָט געזאָגט בפירוש, אַז אין איהם, אין סטעמפעניו׳ן, געפינט זיך איין אָדער פוג׳ם זיידען, רב שמואל׳קע טראַמייט (וואָס האָט זיך פערזענליך געקענט מיט׳ן גרויסען פיעדלער פּ אַ ג אַ נ י נ י), אַזוי, אַז צו צוועלף יאָהר האָט שוין סטעמפעניו געקאָנט „בעזעצען“ אַ כלה און טאַקי אָפּשפּיעלען אַ גאַנצע חתונה. דערפאַר האָט איהם בערעל באַס בעסער ליעב געהאַט פון אַלע קינדער, וואָס זענען נעגאַנגען ביי איהם אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, אָדער פּשוט נאַקעט און באָרפיס. און האָט בערעל באַס איז געווען אַ שטרענגער קאָמאַנדיר און פלעגט שלעפּען סטעמ־פעניו׳ן פאַר׳ן אויהער, אָדער אַזוי הרג׳ענען, שלאָגען, ממית׳ען, ברעכען די ביינער, דאָך איז סטעמפעניו געווען ביי איהם דער אַנטיק, אַ ציערונג, אַ גאַנצער מאַיאָנטעק אויף דער עלטער. בערעל האָט אַלעמען אָנגעוויזען אויף סטעמפעניו׳ן און האָט געזאָגט מיט

גרלות, האַלב אויף כלי־זמר־לשון: „זעהט איהר, ממזרים, אַט דער פּיטיוקעל וועט מיר געבען פּאַפּע אויף דער עלטער. נישקשה, איך מעג זיך אויף איהם פאַרלאָזען".

דעם אַלטען בערעל באַס איז אָבער ניט בעשערט געווען אויף דער עלטער צו זעהן ביי זיך זיין געליעבטען זוהן. סטעמפּעניו האָט זיך צו פופצעהן יאָהר אוועקגעלאָזט, מיט אַ דרייערעל אין בייטעלע און מיט איין אַלטער, צעבראָכענער פּיעדעל אונטער'ן פּאָדעלעק, וואַנדערען אויף דער וועלט. ער האָט זיך אויסגעוואַלגערט וואו איהר ווילט, אין אַ סך שטעדט און שטעדטלעך, צווישען פיעל פּער־שיעדענע קאָמפּאַניעס כלי־זמר. מעהר ווי אַ האַלב יאָהר האָט זיך סטעמפּעניו ניט געקאָנט האַלטען אויף איין אָרט. עס האָט איהם אַלץ געצויגען ווייטער און ווייטער: פון מאַזעפּעווקע קיין סטעפּעווקע, פון סטעפּעווקע קיין קאָרעץ, פון קאָרעץ קיין באַלטע, פון באַלטע קיין אַלט־קאָנסטאַנטין און פון דאָרטען קיין באַרדי־טשעוו, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז אַדעס. און פון אַדעס האָט ער זיך אוועקגעלאָזט צוריק — ווידער וואַנדערען איבער קליינע שטעדטלעך, וואו מע קאָן זיך לאָזען הערען, האָבען אַ נאָ־מען, זיך קונה שם זיין. און עס איז טאַקי אַזוי געווען: אין יעדען אָרט, וואוהין סטעמפּעניו איז געקומען, האָט מען שוין געהערט פון איהם פריהער. אידען האָבען געהערט, אַז עס פאָהרט אַרום אויף דער וועלט אַ געוויסער סטעמפּעניו, וואָס מיט זיין שפּיעלען לאָזט זיך אויס די וועלט. דעריבער איז גרינג צו פערשטעהן דעם רעש, וואָס עס איז געוואָרען אין יעדער שטאָדט, וואוהין סטעמפּעניו איז געקומען מיט זיין קאַפּעליע. דען סטעמפּעניו, פערשטעהט איהר, האָט צו אַכצעהן יאָהר שוין געהאַט איין אייגענע קאָמפּאַניע, און איז אַרומגעפאָהרען און האָט געשפּיעלט נאָר אויף געוויסע, רייכע חתונות, און אַזוי מיט דער צייט האָט סטעמפּעניו אָוועקגעלעגט אַלע אַנדערע קאָמפּאַניעס, ווי, למשל, די „ק א נ א ט א פּ ע ר כ ל י ־ ז מ ר", וואָס האָבען אויך געגוג גע'שמ'ט, די „ס מ י ־ לער", די „ו י נ י צ ע ר", די „ש א ר א ג ר א ד ע ר" און

נאָך פיעל בעריהמטע קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען
אויף דער וועלט.

עס פערשטעהט זיך, אַז קיין גוטע פריינד האָט זיך סטעמפּעניו
ניט געקויפט, דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעריסען דעם בעסטען
ביסען פון די כלי־זמר׳ס מויל, און מע פלעגט אָנווינשעווען גענוג
צרות מיט שלעק אויף זיין קאָפּ. נאָר אין די אויגען האָט מען
איהם גע׳חנפ׳עט, און אין הארצען האָט מען אויך געהאַט גענוג
אָפּשיי פאַר איהם. יעדער כלי־זמר האָט געוואוסט אינוועניג, ביי
זיך אין האַרצען, אַז קוים נעמט סטעמפּעניו דאָס פיעדעלע אין
האַנד אריין, אַזוי מעגען שוין אַלע כלי־זמר זיך לעגען שלאָפען.

די חברה כלי־זמר, דאַרפט איהר וויסען, האָבען פון תמיד אָן
ליעב גוזמאות. ביי זיי געפינט איהר ספורי־מעשיות, וואונדערליכע
ערצעהלונגען, לעגענדעס אָהן אַ שיעור. אויף סטעמפּעניו׳ן האָבען
זיי דערצעהלט אין יעדען אָרט שרעקליכע גוזמאות, און אויף זיין
פיעדעלע האָט מען געזאָגט, אַז עס וואַכסט פון פּאַגאַניני׳ן אַליין.
אַז מע האָט דערהערט, אַז סטעמפּעניו דאַרף אָנקומען מיט זיין
„קאַפּעליע“, האָבען איהם די שטאָדט־כלי־זמר, געוועהנליך, גענוג
אָנגעשאָלטען, און ווער שמועסט זייערע ווייבער האָבען פּשוט גע־
רענענט מיט קללות, מע זאָל גאָר בעהיט ווערען.

— אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר, מע דאַרט, מע קוואַרט, מע באָרגט
מע משכונ׳ט, מע עסט פון זיך די הויט. וואָס איז? ראש־חודש
אלול וועט זיין אַ חתונה ביי׳ם נגיד. צום סוף קומט אַ רוח, אַ
שלים־מזל פון אַלדי שווארצע יאָהר, אַ סטעמפּעניו, און רייסט־
אַרויס דעם ביסען פון די צייהן, פאַרחאַפּט זאָל ער נאָר ווערען!...

נאָר קיין אמת׳ע שונאים האָט זיך סטעמפּעניו ניט געקויפט
אין ערגיץ. ער איז געוועזען אַ גוט ברודערעל ביז גאָר: אָפּגעשפּיעלט
די חתונה, האָט ער זיך צענויפגעקאָמפּאַניעט מיט דער חברה
שטאָדט־כלי־זמר און געלאָזט מאַכען אַ וואַרעמעס מיט דער ברייטער
האַנד, נישט געקאַרגט קיין שנאַפּס, פיין אונטערגעלעבט, זיך שען
צעצאָהלט, און פאַר׳ן אוועקפאָהרען צעטיילט דעם קליינוואַרג

מתנות. מיט איינעם וואָרט, ער האָט זיך אויסגעשטעלט מעשה־מענש, נאָר לייטיש.

— הערט איהר? — האָבען די כלי־זמר'קעס נאָכדעם געזעצט גערעדט צווישען זיך. — הערט איהר? אַ אידישע נשמה טאָר מען ניט שאצען.

נאָר מעהר ווי ביי אַלע האָט סטעמפעניו געפונען חן אין די שווארצע אָדער בלויע אויגען פון די כלי־זמר'ס טעכטער, די מיידלעך, צו וועלכע ער האָט זיך אומעדום גע'שדכנ'ט. און ווען ער האָט געשוואָרען דעם כלי־זמר'ס טאָכטער, אַז ער איז אין איהר איינגעליעבט ביז לעצט, האָט איהר איהם געמעגט גלויבען: בשעת מעשה איז ער באמת געווען אין איהר איינגעליעבט (צום מיינס־טען, זענען ביי די כלי־זמר שענע טעכטער), נאָר קוים איז סטעמ־פעניו אַריבערגעפאָהרען איבער דער ראָגאַטקע, אַזוי איז זיין ליעבע פערשוואונדען געוואָרען מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך. און געקומען אין דער צווייטער שטאָדט, האָט ער זיך ווידער באַלד איינגע־ליעבט אין אַ דאָרטינגען כלי־זמר'ס טאָכטער; ווידער געשוואָרען, נעהאַפּט די ערד, אַז ער ליעבט זי, אַז ער עקט זיך, געשענקט מתנות, אָפּגעזעגענט זיך, אַוועקגעפאָהרען — און ווידער די איי־נענע מעשה...

מע קאָן ניט זאָגען, אַז אַזעלכע ליעבעס האָבען זיך אויסגעלאָזט תמיד אָהן אַ וויסטען סוף, — געוועהנליך, פאַר איהר, פאַר דער כלה... דאָס איז אמת, אַז פיעל פון זיינע געליעבטע האָבען גיך פערגעסען אין סטעמפעניו'ן מיט זיין נעביין און האָבען חתונה גע־האָט פאַר אַנדערע כלי־זמר. נאָר עטליכע, זעהר איינגעשפּאַרטע מיידלעך, האָבען זיך אַזוי איינגעגלויבט אין דעם דאָזיגען ימח־שמו'ניק, אַז ער וועט קומען, ניט היינט — איז מאָרגען, ניט מאָר־גען — איז איבערמאָרגען, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען צו טריקענען און אויסגעהן, ווי אַ ליכט. אין דער צייט, ווען סטעמפעניו האָט ערגיץ בסוד, אין אַ פינסטער הייזעלע, זיך געקושט מיט אַ כלי־זמר'ס טאָכטער, אין דער איינענער מינוט איז געלעגען נישט איינע פון

זיינע כלות מיט׳ן פנים אראָפּ, בעווייגענדיג זייער פינסטער מזל, וואָס זייער „געליעבטער האָט זיי פערגעסען, פערלאָזט און טהוט זיי גאָר ניט דערמאָנען"...

אָט אַזעלכע אומגליקליכע כלות האָט סטעמפּעניו געלאָזט כמעט אין יעדער שטאָדט, וואו ער איז דורכגעפאָהרען מיט זיין קאָמ־פּאַניע. נאָר ניט שטענדיג גילט די הצלחה; עס מאַכט זיך אַמאָל — מע טרעפט אָן אויף אַ שלאַק, האָט מען דעמאָלט צו זינגען און צו זאָגען. סטעמפּעניו׳ן האָט געטראָפען איין אומגליק, וואָס ער האָט זיך גאָר אויף אַזעלכעס ניט געריכט: ער האָט געמוזט חתונה האָבען, האָטש עס האָט זיך איהם שטאַרק ניט געוואָלט חתונה האָבען!

---

## XV.

### סטעמפּעניו פערשלייערט זיך גאָר אומגעריכט.

ויהי היום איז סטעמפּעניו געקומען מיט זיין קאַפּעליע קיין מאַזעפּעווקע און האָט אָפּגעשפּיעלט דריי חתונות מיט אַ מאָל, בשותפות מיט די שטאָדט־כלי־זמר, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו איהם מיט חזקה־טענות און האָבען איהם פערשוואָרען, אַז באם לאו, וועט איהם חברה ברעכען די ביינער. און זיי וואָלטען עס זעהר שען מקיים געווען, ווען סטעמפּעניו, וואָס האָט געהאַט בכלל אַ גוט הארץ, זאָל ניט געווען מרוצה ווערען אויף שותפות.

אַזוי ווי פון איין חתונה ביז דער אַנדערער האָט געדויערט אַ פּאָר טאָג, און סטעמפּעניו האָט דערווייל ניט געהאַט וואָס צו טהון, האָט ער זיך דערווייל בעקענט מיט ישעיה׳קע דעם פּיעדלער׳ס טאָכטער, אַ פיין מיידעל פון אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג, אַ שוואַרצס און אַ גראָבס, און ער האָט זיך אין איהר רעכט איינ־געליעבט, ווי דער שטייגער איז ביי איהם געווען: געקושט, גע־האַלזט, געליובעט, געקויפט מתנות, קוצעניו־מוצעניו, גאָר מעשה־

חתן, און אז עס איז געקומען די צייט פון אוועקפאָהרען, האָט איהם דאָס שווארצע מיידעל (פריידעל האָט מען זי גערופען) געזאָגט, אז ער זאָל ניט מאַכען קיין שהיות׳ און שרייבען תנאים, ווי דער מנהג איז. סטעמפעניו, וואָס איז דערצו נאָך נישט געוואָהנט געװאָרען, האָט זיך אביסעל געקווייקעלט, געדרעהט מיט דער צונג אהין — אהער, נאָר עס האָט איהם נישט געהאָלפען קיין רבונו־של־עולם. פריידעל איז געװען א מיידעל א קאָזאק און האָט איהם גענומען אין די הענד אריין גאָר קיין מעשה ניט, אזוי, אז ער האָט זיך ניט געקאָנט אויסדרעהען פון איהר, און עס איז געווען דאָס קנס־מאָל אין א מזל׳דיגער שעה. חברה כלי־זמר האָבען לכבוד דעם געריהמטען חתן געמאַכט א היבשען קנאַק, און ביי׳ם פיעדלער אין שטוב איז געווען ששון ושמחה דריי טאָג כסדר, ביז דער ליעבער חתן מיט אלע ליעבע געסט זענען זיך אוועקגעפאָהרען אין דער אנ־דערער שטאָדט, אין דער דריטער, און אזוי ווייטער.

געוועהנליך, האָט סטעמפעניו באלד פערגעסען אין דער גאַנ־צער חתונה מיט די תנאים, מיט דעם שווארצען מיידעל, מיט אלע מיט איין אנדער, און האָט זיך געטהאָן זיינס, דאָס הייסט, גע־פיהרט זיינע ליעבעס אין אלע שטעדט, ווי ער איז געוואָהנט גע־ווען. און אזוי איז ער זיך געפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט מיט זיין קאַפעליע — חתונות שפּיעלען, און האָט זיך געלעבט א גוטען טאָג. נאָר פּלוצים... עס איז ניטאָ קיין אייביגע זאַך אויף דער וועלט! אלץ איז ביז א צייט. אויף סטעמפעניו׳ן איז אויך גע־קומען די צייט. א בייזער שלאַק האָט איהם געטראָפען און א צרה. א משולחת האָט זיך אויף זיינע יונגע יאָהרען גענומען! הערט איין אומגליק:

געשפּיעלט אזוי איינמאָל א חתונה אין א קליין שטעדטעל, ערגיץ אין מאלאָראָסיע, און געהאלטען סאַמע אין מיטען א ליעבע מיט הערשקע דעם פליימער׳ס טאָכטער (א גאַנץ שען מיידעל), און סטעמפעניו האָט איהר צוגעזאָגט, אז ער וועט זי געווים נעמען, — איז אריינגעקומען מעכטשי פּייקלער מיט׳ן שלעפעריגען פּנים און

האָט אַ וואונק געטהאָן אויף סטעמפּעניו'ן און אַ מורקע געטהאָן אונטער דער נאָז אויף כלי־זמר־לשון:

— געהט, סטעמפּעניו, דאָרט אין הויז וואַרט אויף אייך אַ שעכטעל.

— אַ מיידעל? וואָסער אַ מיידעל?

— אַ שוואַרץ מיידעל מיט גרינע אויגען.

און סטעמפּעניו האָט זיך געלאָזט אין הויז אַריין און האָט דערזעהן דאָס שוואַרצע מיידעל, ישעיה'קע דעם פּיעדלער'ס טאָכ־טער, זיין כלה פריידעל!

— וואָס קוקסט דו מיך אָן, סטעמפּעניו? האָסט מיך נישט דערקענט? איאָ? זעה נאָר, ווי ער פינטעלט מיט די אויגען און קוקט זיך צו! דאָס בין איך, סטעמפּעניו, איך, פריידעל, דיין כלה פריידעל, ישעיה'קע דעם פּיעדלער'ס טאָכטער.

— האַ? איך וויים, וואָס דען? איך וויים ניט? איך וויים! איך וויים! נאָר ווי קומסט דו אהער? פון וואַנען?

— ווי קום איך אהער? מיט די פיס, סטעמפּעניו, מיט די פיס. קוים דערפרעגט אהער, צו הערשקע דעם פּלייטיסט. פון וואַנען, פרעגסט דו? פון דער היים קום איך אָן.

— נו, וואָס הערט זיך? ווען ביזט דו פון דער היים?

— וואָס זאָל זיך הערען, סטעמפּעניו? ניטאָ קיין נייעס. ווען בין איך פון דער היים? פון דער היים בין איך, אפנים, אזוי גרוים, ווי אַ וואָך זעכס אָדער זיעבען. מיר זענען אויסגעוועזן וואו דו ווילסט. וואוהין מיר קומען צו פאָהרען, זאָגט מען אונז: גע־ווען און אוועקגעפאָהרען ווייטער. קוים, קוים מיט צרות געטראָפען אויפ'ן אמת'ען וועג... נו, וואָס מאַכסט דו עפּיס, סטעמפּעניו?

— האַ? איך? גאָרניט! וואָס זאָל איך מאַכען? קום, פריי־דעל, וואָס שטעהען מיר דאָ? — האָט ער צו איהר געזאָגט, דער־זעהען, אז חברה כלי־זמר הויבען זיך אָן קלויבען ארום זיי און בעטראַכטען דאָס שוואַרצע מיידעל מיט די גרויסע שוואַרצע צעפּ און מיט די גרינע אויגען.

— פון מיינעטווענען, לאָמיר גערן, — האָט איהם פריידעל געענטפערט.

און סטעמפעניו האָט געחאַפּט אויף זיך דעם אויבערראָק מיט'ן שטעקעלע אין דער האַנד און האָט זיך געמאַכט אַ שפּאַציער מיט פריידעל דער שוואַרצער איבער דער שטאָדט. סטעמפעניו האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט ניט זייער שמועס, און האָט זיך געווענדט צו איהר שוין מיט מעהר שטאַרקייט:

— זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וואָס הייסט דאָס?

— וואָס הייסט „וואָס הייסט דאָס“?

— אָט דאָס, וואָס דו ביזט אַהער געקומען.

— ס'אַ גראַם! קוק איהם אָן, קלאָמפּערשט ווייסט ער ניט, מאַכט זיך גע'פּגר'ט.

— הערסט דו, פריידעל? — האָט איהר סטעמפּעניו שוין מיט האַרץ געזאָגט. — הערסט דו, פריידעל? איך האָב פיינט, אַז מע מאַכט מיט מיר אַזעלכע מחזקות! איך פרעג דיך, וואָס טהוסט דו דאָ, און דו טרייבסט מיט מיר קאַטאָוועסלעך?

פריידעל האָט אַ גלאַנץ געטהאָן מיט'ן פייערעל פון איהרע גריי־נע אויגען אויף סטעמפּעניו'ן, און פערוואַרפען מיט די הענד איהרע לאַנגע שוואַרצע צעפּ אַרונטער, האָט זי זיך געווענדט צו סטעמ־פעניו'ן אויך ערנסט:

— וואָס איך טהו דאָ, ווילסט דו וויסען? איך בין געקומען צו דיר, סטעמפּעניו! האָסט אונז ביי'ם קנס־מאָל געזאָגט, אַז נישט מעהר ווי אין צוויי וואָכען אַרום שרייבסט דו אונז אַריין אַ בריוועל מכח דער חתונה אָפּשטעלען; מיר האָבען געוואַרט און געוואַרט העכער צוויי חדשים און האָבען דערזעהן, אַז פון דיר איז ניטאָ קיין שום ידיעה, האָבען מיר זיך מיישב געווען און האָ־בען זיך געלאָזט אויף דער וועלט צו זוכען דעם נעכטיגען טאָג, און אַזוי זענען מיר אויסגעווען וואו די וועלט האָט איין עק, ביז קוים, קוים מיט צרות, גאָט האָט אונז געהאָלפען און מיר...

— זאָג מיר נאָר, פריידעל, ווער זענען די „מיר“ ? עפּיס זאָגסט דו אַלץ מ י ר זענען געפאָהרען, מ י ר זענען געקומען...

— מיר ביידע. דאָס הייסט: איך און מיין מאַמע.

— דיין מאַמע ? ! — האָט סטעמפּעניו אויסגעשריגען און האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דערשלאָגענער. — דיין מאַמע ? וואָס האָט זי דאָ צו טהון ?

— שאַ, וואָס שרייסט דו אַזוי, סטעמפּעניו ? וואָס דען, אַליין האָסט דו געמיינט ? אַ מיידעל פּאָהרט ניט אַליין. אַ שענע זאַך, בלעבען !

— יאָ, אָבער וואָס קעהר זי זיך אָן מיט מיר, די מאַמע דיי־נע ? — האָט זי סטעמפּעניו געפרעגט, אומקעהרענדיג זיך צוריק מיט איהר.

— אַ מחותנת׳טע, סטעמפּעניו, אַ מחותנת׳טע קעהר זי זיך מיט דיר אָן, און שפּעטער וועט זי זיך דיר אָנקעהרען אַ שוויעגער.

— דו מיינסט טאַקי, אפּנים, איין אמת, פריידעל, חתונה האָ־בען פּאַר מיר ?

— נו, און דו, סטעמפּעניו, מיינסט דאָס אויף קאַטאָוועס ?

— נאַרישקייטען !

— פּאַר וואָס נאַרישקייטען ?

— אָט אַזוי. איך האָב עס אפילו נישט אין זינען אין דער לינקער פּיאַטע.

פריידעל איז געבליבען שטעהן אַ מינוט און האָט אַ קוק גע־טהאָן סטעמפּעניו׳ן אין די אויגען אריין. נאָכדעם האָט זי זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטען און האָט זיך שטילערהייד גע־ווענדט צו סטעמפּעניו׳ן מיט די ווערטער:

— הער נאָר אויס, סטעמפּעניו ! מיין ניט, אַז דו האָסט אָנ־געטראָפען אויף אַ ניונקעלע, וואָס ווייסט ניט, ווער עס האָט זי געשלייערט. איך קען דיך גאַנץ גוט, סטעמפּעניו ! איך ווייס, אַז דו ביזט אַ היבשער שאַרלאַטאַן, האָסט ליעב כלות אַלע וואָך אַ נייע. נאָר עס מאַכט ניט אויס, אַלץ ביז אַ צייט, נישקשה... ביזט

א גוטער בטבע, האָסט א ווייך האַרץ, ביזט א פּאַרשוין איינער צווישען צעהן טויזענד, שפּיעלסט אויסגעצייכענט אויפ׳ן פּיעדעל און קאָנסט געבען א ווייב ברויט, — דערפאַר וויל איך דיך, און דער־פאַר וועל איך פאַר דיר חתונה האָבען, און טאַקי גיך! און דאָס, וואָס דו שפּאַרסט זיך, איז אומזיסט, אַרויסגעוואָרפען דיין טרחה, סטעמפּעניו, גלויב מיר, בויג זיך אָן צו מיר אהער, איך וועל דיר זאָגען א סוד...

און פריידעל די שווארצע האָט איינגערוימט סטעמפּעניו׳ן א סוד אין אויהער, און סטעמפּעניו איז פערציטערט געוואָרען מיט אַלע אברים. ער איז געבליבען שטעהן, ווי א לעהמענער גולם, אין מיטען וועג, נישט געקאָנט עפענען קיין מויל א וואָרט אויסצורע־דען. און דאָ איז אָנגעקומען מעכטשי פּייקלער מיט דעם רויטען קאָפּ און האָט איהם געזאָגט, אז מע רופט איהם צום נגיד פונ׳ם שטעדטעל בעשטעלען א חתונה. סטעמפּעניו האָט זיך מיט א וואונק אָפּגעזעגענט מיט פריידל׳ען און האָט אויסגערעדט מיט א זיפץ:

— מיר וועלען זיך נאָך זעהן, פריידעל!

— ס׳אַ שאלה אביסעל, אויב מיר וועלען זיך זעהן! — האָט איהם פריידעל געענטפערט און האָט זיך גאַנץ צופריעדען אָפּגע־שיידט פון איהר ליעבען חתן סטעמפּעניו.

די אַלע, וואָס האָבען אין יענער צייט געזעהן סטעמפּעניו׳ן אויף דער חתונה, האָבען זיך שטאַרק פערוואונדערט אויף זיין בלאַס פּנים ,מיט זיין אָפּגעלאָזטקייט: גאָר ניט דער סטעמפּעניו, וואָס פריהער, א שענערען לעגט מען אין אין דער ערד אריין! עס איז אָפּ־געקומען געוואָרען זיין פריילילכקייט מיט זיין ברען, ווי מיט די הענד. יאָ, סטעמפּעניו האָט געפיהלט, אז דאָס איז איין עק צו זיין זיס לעבען פון א פריי פויגעלע, אז דאָס נעמט ער אויף זיך א יאָך אויפ׳ן האלז אויף תמיד, אויף אייביג. אדיע, ליכטיגער זומער־אָבענד מיט א ווייטען שפּאַציער הינטער דער שטאָדט מיט׳ן כלי־

זמר'ס טעכטערל! אדיע, לאנגע שמעקענדיגע צעפּ, צעלאָזטע האָר, גרויסע קאַרע אויגען! אדיע, זילבערנע לבנה!...

אמת, סטעמפּעניו האָט זיך נאָך אביסעל געאַמפּערט, געוואָרפען, ווי א פיש אין דער נעץ, מיט די לעצטע כוחות, געפּרובט אלע מיטלען, נאָר עס האָט איהם געהאָלפען, ווי א טוידטען באַנקעס. פריידעל מיט איהר מוטער זענען געשטאַנען אקעגען איהם, ווי אָט יענע מתים, וואָס קומען צו אונז ביינאַכט אין חלום און שלעפּען אונז צום בית־דין של מעלה אָפּגעבען דין וחשבון... און איבערהויפּט האָט ער געציטערט פאַר איהר, פאַר דער מחותנת'טע, וואָס האָט צענויפגעשנירעוועט דאָס שוואַרצע פּיסקעלע, ווי מיט א בענדעלע, נאָר דאָס פּנים האָט איהר אַזוי געפייערט, אז זי איז געווען גרייט אלע מינוט אַרויפּחאַפּען זיך אויף סטעמפּעניו'ן, ווי א ווילדע קאַץ, און אַרויסרייסען איהםביידע אויגען, ווען ניט פריידעל, וואָס האָט זי די גאַנצע צייט איינגעהאַלטען.

— משעפּע ניט, מאַמע, וועסט נאָך קאַלי מאַכען. דו קוק נאָר און שווייג, דו היט איהם נאָר די טריט, ער זאָל זיך ניט אויסרייסען פון אונזערע הענט. עס וועט זיין רעכט, מאַמע, סטעמפּעניו איז מיינער, ער איז מיינער!...

---

## XVI.

## שמשון הגבור ביי דלילה'ן אויפ'ן שוים.

פריידעל האָט זיך פער'עקשנ'ט און האָט אויסגעפיהרט איהרס: זי האָט חתונה געהאַט פאַר סטעמפּעניו'ן כדת משה וישראל און האָט איהם גיך אַריינגענומען אין די לאַפּקעס אריין גאַר אויף איין אַנדער אופן. אביסעל האָט איהר צוגעהאָלפען די מאַמע איהרע, וואָס זי האָט קוים דערלעבט דעם נחת צו ווערען א שוויגער, און סטעמפּעניו האָט פערזוכט דעם טעם פון גיהנם און האָט זיך נישט גענאַרט. דאָס פאַר־פאָלק איז אַריבערגעפאָהרען קיין מאַזעפּעווקע,

און סטעמפּעניו האָט זיך דאָ בעזעצט מיט זיין קאָמפּאַניע, ווי אַ שטענדיגער, אויף איין אָרט.

— שוין, אוים, אוים אָרומשלעפּען זיך! גענוג, סטעמפּעניו, געד רייזט איבער דער וועלט, גענוג! — אַזוי האָט פריידעל געזאָגט צו איהר מאַן, וואָס איז אינגאַנצען געווען איהרער, און וואָס זי האָט געוואָלט האָט זי מיט איהם אויסגעפיהרט, און דוקא מיט גוטען.

נאָך דער חתונה האָט זיך אָנגעהויבען ביי סטעמפּעניו'ן אַ נייע לעבען, גאָר אַ שפּאָגעל־נייע לעבען. גייציג איז ביי זיך סטעמפּעניו געווען נאָך בחור'ווייז; קוים אָבער האָט ער נאָך חתונה געהאַט און איז אריין צו פריידל'ען אין די הענד, אזוי האָט ער אָנגעוואָרען אינגאַנצען זיין שטאַרקייט, אינגאַנצען זיין מוטה, דעם גאַנצען גלאַנץ. ביי זיך אין שטוב האָט סטעמפּעניו נים געהאַט קיין ברעקעל דעה.

— דו האָב אין זינען דיינס, דיין עסק איז די קאַפּעליע מיט די חתונות, צו וואָס טויג דיר געלט, נאַרעלע? — אַזוי האָט צו איהם פריידעל געזאָגט, צוגענומען ביי איהם וואו ער האָט פערדיענט ערגיץ אַ גראָשען.

אויף געלד איז פריידעל געווען זעהר זשעדנע. זי איז אויסגעוואַכסען ביי זעהר אָרעמע עלטערען און האָט כמעט קיינמאָל נים געזעהען קיין גראָשען אין די אויגען. מיידעלווייז פלעגט איהר אָנקומען אַ סטייגעלע אָדער אַ קעמעלע זעהר שווער, מיט ביטערע טרערען. ביז פּופּצעהן יאָהר איז פריידעל געגאַנגען באָרפיס, געווען אַ ניאַנקע דער מוטער ביי די קלענערע קינדער, געחאַפּט קלעפּ גענוג אי פון דער מוטער, אי פון דעם פאָטער, ישעיה'קע דעם פיעדלער, וואָס האָט ליעב געהאַט דעם טרונק. געגעסען האָט זי קרחת, מלובש איז זי געווען, ווי עס איז אָנגעשטאַנען צו די באָרפיסע פים, און נאָר פורים פלעגט איהר אריינפאַלען עטליכע קאָפּיקעס פון'ם שלח־מנות, וואָס זי פלעגט טראָגען אין פרעמדע הייזער; די עטליכע גראָשען פלעגט זי בעהאַלטען ווייט־ווייט אין בוזעם, בכדי די מאמע זאָל ביי איהר נים אויסנאַרען, און אַזוי פלעגט זי שלאָפען

מיט'ן ביסעל מינץ ביז פסח, און אויף יום־טוב קויפען זיך פאר דעם א סטיינגעלע אדער א קעמעלע. און אזוי איז פריידעל גע־וואכסען ביז אכצעהן יאהר, ביז זי איז פלוצים אויסגעוואכסען א הויכע, א שענע, א געזונדע מויד — א כלה־מויד! אז פריידעל איז א כלה געווארען פאר סטעמפעניו'ן, האט זי אליין ניט געוואוסט וואס פאר א גליק עס האט זי געטראפען. נאר די מאמע, וואס האט דאס דוקא יא פערשטאנען, האט מיט איהר וועגען דעם גע־נוג איינגע'טענה'ט, אז זי זאל וויסען, אז איהר חתן איז א גאלד־שפינער, נאר א גרויסער שארלאטאן, וואס דאס קערבעל איז ביי איהם א ממזר, לכן זאל זי זיך ניט לאזען שפייען אין דער קאשע און זאל האבען ביי איהם א דעה אין אלץ, אזוי ווי זי, די מאמע, האט א דעה ביי'ם טאטען, ישעיה'קע דעם פיעדלער...

אז פריידעל האט חתונה געהאט פאר סטעמפעניו'ן, האט זי ניט פערגעסען, וואס די מאמע האט איהר אנגעזאגט, און האט ביסלעכווייז, מיט שכל, אנגעהויבען לעהרנען מיט'ן מאן הלכות „ווייב", אז א ווייב דארף וויסען אלץ, וואס ביי'ם מאן טהוט זיך, אז א ווייב איז ניט קיין פרעמדע, אז א אידישע טאכטער איז ניט קיין „פאליובאווניצע", — ניין, עס איז זיין בלוט און פלייש, זי איז ער און ער איז זי. הכלל, ער דארף וויסען, ער דארף פ י ה ־ ל ע ן, אז ער האט א ווייב...

אז פריידעל איז געווארען אליין א בעל־הבית'טע פאר זיך און האט דערזעהן אלע מאל א ניי קערבעל, וואס סטעמפעניו פער־דיענט אזוי אפט, האט זי זיך א ווארף געטהאן אויף די קערבלעך, ווי א הונגעריגער, אז ער דערזעהט עפּיס א מאכל. נאר עס איז איהר אבער דאס געלד ניט איינגעגאנגען. פריידעל האט זיך אליין געזארגט, טאמער וועט מארגען ניט זיין, טאמער וועט דער מאן שפעטער חלילה ניט פערדיענען, האט זי זיך געמאכט איין קניפּעל און דאס אנדערע, און האט אנגעהויבען צו קלויבען א גראשען צו א גראשען.

— וואָס פּראָטעסט דו אַזוי ? — האָט זי סטעמפּעניו געפרעגט, בעמערקט איהרע תנועות.

— ווייסט אַלץ ווילען וויסען, וועסט דו גיך אַלט ווערען. לאָז דיך ניט אהרען, סטעמפּעניו! — האָט איהם פריידעל געענטפערט מיט אַ שמייכעלע, און האָט זיך געטהאָן איהרס, אָפּגעשפּאָרט, אָפּגעריסען פונ'ם מארק, פונ'ם קלייטעל און פון דער יאַטקע, מיט'ן וואַרמעס אויסגעקומען, ווי מיט קרעפּעל־פלייש, אָפּטמאָל ניט דער־געסען, ניט דערטרונקען, און זיך אַלץ צענויפגעשלאָגען אַ קערבעל אום אַ קערבעל. ביסלעכווייז, אַז עס האָט זיך צענויפגעשלאָגען היבשע עטליכע גילדען, האָט זי אָנגעהויבען צו מאַכען הלואות אויף אַ משכון און נעמען פּראָצענט; דאָס ערשטע מאָל גלאַט אַזוי, דורך אַ צופאַל, וואָס אַ שכנה האָט ביי איהר געבעטען אַ גמילות־חסד און פריידעל האָט איהר אַ טובה געטהאָן — פאַר וואָס דען ניט? — און נאָכדעם, אַז פריידעל האָט דערזעהן, אַז דאָס געלד וואַכסט גאָר, אַז פון איין קערבעל ווערד מיט דער צייט צוויי, האָט זי אָנגע־הויבען מיט איהר ביסעל קאַפּיטאַל צו מאַכען עסקים, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי איז געוואָרען פּשוט אַ „וואָכערניצע" מיט אַלע חן־גריבעלעך פון דער דאָזיגער פּראָפעסיע, מיט וועלכער אַ גרויסער טייל פון אונזערע נגידים, צווישען אונז רעדענדיג, פערנעמען זיך און האָבען דאָס גאָר ניט פיינט...

מערקווירדיג! ווי קומט עס צו פריידלען אַזאַ חשק צו קלויבען געלד? נישט ביי איהר טאַטען, ישעיה'קע פיעדלער, נישט ביי קיינעם פון אַלע בעקאַנטע כלי־זמר, האָט זי דאָס געקאָנט זעהן. וואו וועט איהר דען געפינען אַ גלייכען צו דער חברה כלי־זמר, מע זאָל זיך אַזוי נישט אומקוקען אויף קיין גראָשען, עס זאָל אַזוי זיין אַ קערבעל הפקר, פּשוט ווי די בלאָטע? די אידישע כלי־זמר — און ווער שמועסט אין יענע יאָהרען — קאָן מען גלייכען צו אַ מין ציגיינער, אַ בעזונדער פאָלק, מיט אַ בעזונדערען זשאַרגאָן, מיט גאָר בעזונדערע געגנג; די דאָזיגע חברה האָט שטענדיג געלעבט אַ גוטע שעה, תמיד איז געווען פּורים, פריילין, לעבעדיג, תמיד גע־

רימפעלט, געווערטעלט זיך, געשטיעפּט, געאַרבייט, זיך לוסטיג גע־מאַכט, איבערגעקעהרט וועלטען, געשמועסט מכח פריילּיכע זאַ־כען... געקומען אהיים צום ווייב, געטריבען קאַטאָוועס, געהלעפּ־טשעט טייגלעך מיט פאַסאָלים, אָדער גאָר געגעסען מכות, נאָר פריילּיך, מיט אַ טענצעל, מיט אַ ליצנות, הונגעריג זיך געלעגט שלאָ־פען, אויף מאָרגען געבאָרגט, געליהען, די קישעלעך פערזעצט, נאָכ־דעם אויסגעקויפט און ווידער אַ מאָל דאָס אייגענע. די כלי־זמר׳־שע טעכטער זענען אויך געווען, מיינסטענס, לופטיגע פריילּיכע נשמות; זייער לעבען, אַזוי ווי די האָר זייערע, איז נישט געווען פערדעקט מיט קיין שלייער... מיט איינעם וואָרט, ביי די כלי־זמר איז געוועזען אַ גן־עדן, מיט אַלע מעלות און חסרונות פון אַ גן־עדן... היינט אין אַזאַ גן־עדן ווען קען ארויף אויף דער מחשבה צו זאָרגען — וואָס וועט זיין מאָרגען?

פריידעל׳ס טאַטע, פערשטעהט זיך, איז אויך ניט געווען קיין פערוויינטע נשמה. ישעיה׳קע פידלער איז זיך געווען אַ רעכטער קבצן, נאָר אַ לעבעדיגער, אַ פריילּיכער קבצן, און אַז ער האָט פער־דיענט דאָס קערבעל, האָט ער דאָס גאָר גיך פערלעבט, טאַקי, ווי מע זאָגט, אין איין אָטהעם. און זי, פריידעל׳ס מאַמע, האָט אויך ליעב געהאַט צו לעבען, דאָס הייסט, גוט עסען. עס איז כמעט קיין העמד נישט געווען אויפ׳ן לייב, נאָר געגעסען האָט מען כל זמן ס׳איז נאָך געווען אַ שטיקעל קישעלע צו פערזעצען. „דאָס גאַנצע דאָברע־מזל געהט אין דער קישקע אריין“, „ווי זאָגט מען: בעסער דעם בעקער איידער דעם „רופא“, „וואָס זשע דען איז דעם מענט־שענס לעבען?“ — אַזוי פלעגט זאָגען פריידעל׳ס מאַמע, וואָס איז, אייגענטליך, געווען אפילו צווישען כלי־זמר׳קעס אַ אויסברענגערין.

ווי־זשע קומט עס פאָרט צו פריידל׳ען אַזאַ גוסט? פון וואַנען נעמט זיך צו איהר אַזאַ קאַרגשאַפט? עס קען זיין, אַז די דאָזיגע מעלה איז געקומען צו איהר מחמת זשעדנאַסט, מחמת זי איז תמיד געווען ביי די עלטערען הונגעריג אויף אַ גראָשען. אָדער ס׳איז אפשר געווען ביי איהר גאָר אַ טבע־זאַך: עפּים על־פּי טעות איז

א קאַרגע נשמה מגולגל געוואָרען אין דער כלי־זמר'שער משפחה און עס איז אויסגעוואַכסען אַזאַ פריידעל.

ווי די זאַך איז שוין, נאָר פריידעל האָט געמאַכט משונה תנועות, געשוויצט און געפּינעט, ווען זי האָט נאָר גערעדט אפילו מכּח געלד.

אויף איהר דאַליע האָבען איהר מקנא געווען אַלע כלי־זמר'קעס.

„אַט אַ מזל!" — האָבען אויף איהר אַלע אין איין קול געזאָגט.

נאָר אין איין זאַך האָט גאָט פריידל'ען פערזעהן: ער האָט איהר קיין קינדער ניט געגעבען. און ווער ווייסט, עס קאָן זיין, אויך דעריבער איז זי געווען אַזוי אָפּגעגעבען מיט לייב און לעבען צום געלד, ווייל דאָס בעסטע פערגעניגען, פערגעניגען פון קינדער, איז פאַר איהר געווען פערבאָרגען. בכלל זעהט מען, אַז די ווייבער, וואָס גאָט האָט זיי נישט געבענשט מיט קינדער, זענען מיינסטענס בייזע ווייבער; עפּיס פעהלט זיי די גוטסקייט, די ווייבקייט פון דעם דאָזיגען מין; אַזעלכע ווייבער קאָנען ליעב האָבען נאָר זיך אַליין.

פריידעל איז געווען פונקט אַזאַ סחורה. נאָר מע קאָן ניט זאָ־גען, אַז זי האָט איהם, סטעמפּעניו'ן, פיינט געהאַט: פאַר וואָס קומט דאָס איהם? אַ פּאַרשוין, אַ בילד, אַ זעלטענהייט, אַ שפּיע־לער איינער צווישען טויזענד און (אַט דאָס איז דער עיקר!) אַ פערדיענער, אַ גאָלדשפּינער!

— מיין סטעמפּעניו — האָט זיך פריידעל בעריהמט פאַר איהרע בעקאַנטע ווייבער — מיין סטעמפּעניו, אַז ער טהוט אַ פיהר מיט'ן סמיק איבער'ן פיעדעל — איז אַ קערבעל, צוויי פיהר — איז צוויי קערבלעך, דריי פיהר — איז דריי קערבלעך. פאַרשטעהט איהר מיך?

אין דעם ענין פון „קערבעל" איז סטעמפּעניו געווען פונקט דער היפך: דאָס קערבעל האָט ביי איהם ניט געשפּיעלט קיין ראָלע. אָט האָט ער אָפּגעשפּיעלט אַ חתונה און אָנגעשטאָפּט פולע קיעשענעס מיט געלד, און אָט — פּוּ־פאַ, ניטאָ אַ שילינגער! האָט

ער געהאַט — האָט ער גענעבען, געטיילט, אַנטליהען; האָט ער ניט געהאַט — האָט ער געליהען ביי יענעם. אין דעם אופן איז סטעמפעניו געווען איין אַרטיסט. זיין עסק איז געווען נאָר די „קאַפּעליע" — אויסשטעלען עפּיס אַ נייע זאַך, פונאַנדערשפּיעלען איין אָפּער־שטיק, בעשטעלען אַ חתונה און אָפּשפּיעלען זי, ווי גאָט האָט געבאָטען, אידען זאָלען לעקען די פינגער, ניט גלאַט ריפּ־סקריפּ.

סטעמפּעניו האָט ליעב געהאַט מעהר פון אַלץ אין דער וועלט צוויי זאַכען: זיך און דאָס פידעלע. מיט זיך האָט ער געהאַט צו טהון כמעט שטענדיג, זיך געפּוצט, געשטשאָגעלט, געגרייזעלט די האָר, מיט איינעם וואָרט — זיך „געבחור'ט", ווי פריידעל האָט דאָס מיט אַ שטאָך גערופען, און דעמאָלט האָט ער פערגעסען אין דעם פידעלע; האָט ער אָבער גענומען דאָס פידעלע, האָט ער פערגעסען אין זיך און אין דער גאַנצער וועלט. אַז עס איז אָנגע־פאַלען אויף איהם אַ „מרה־שחורה", האָט ער זיך גענומען דאָס פידעלע, פערקייטעלט די טיר און האָט געקאָנט אָוועקשפּיעלען דריי שעה כסדר אייגענע פאַנטאַזיעס; וואָס עס איז איהם אַרויף אויף דער מחשבה, דאָס האָט ער געשפּיעלט. אָט האָט ער זיך צעגאָסען מיט אַ קלאָג, אַזוי יאָמערליך, אַזוי טרויעריג, אַלע מאָל שטילער און שטילער, און אָט האָט ער זיך פּלוצים צעבייזערט און איז אָוועק אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ביז עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַרויסהאַפּען ווי אַ זיפץ פון'ם טיעפען האַרצען, און דאָס פייער איז איהם אַביסעל אָפּגעטראָטען, אָפּגעגאַנגען דער כעס, און ווייכע מעלאָדיעס, ליעבע זיסע געזאַנגען, וואָס ווייטער אַלץ טרויעריגער, האָבען זיך ווידער ווי געגאָסען אָהן איין עק, און נאָכ־דעם ווידער אַ ביסעל לעבעדיגער, פריילינער... אמת, דאָס איז גע־ווען נישט אָפּט, ניט אַלע מאָל האָט זיך איהם געשפּיעלט; נאָר קוים האָט ער זיך צעשפּיעלט, איז געווען אונמעגליך איהם אָפּ־צורייסען. סטעמפּעניו'ס פאַנטאַזיע האָט זיך צעקאָכט און געזעצט, ווי פון אַ קוואַל, וואָס ווייטער מיט מעהר פרישקייט.

א מענש מיט געפיהל, מיט א נשמה, האָט זיך אין אזעלכע מי־נוטען זאט נישט געקאָנט אָנהערען די דאָזיגע פרייע מוזיק, וואָס לאָזט זיך גאָר ניט איבערגעבען אויף נאָטען, און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער הערט א בקשה צום רבונו־של־עולם פון א פערביטערט הארץ, עפּיס א מין תפלה צו זיין ליעבען נאָ־מען אויף רחמים, אויף לייטזעליגקייט, אזא מין תפלה, וואָס דאַרף און מוז אָנגענומען ווערען אויבען, דאָרט פאר גאָט'ס שטוהל... מע דערצעהלט, אז דער ר י ז ש י נ ע ר האָט געהאַט איין אייגענעם אָרקעסטער, וואָס פלעגט שפּיעלען בשעת ער האָט אָפּגעגעבען א שבח צו דעם וואָס לעבט אייביג. אודאי איז דאָס א געדאַנק דוקא פון א גרויסען מענשען, א השגה גאָר פון א הויכער פּאָעטישער נשמה.

— קיילע די גראָבע, מיינע צרות אויף איהר קאָפּ, האָט מיר אָפּגעבראַכט דאָס פראָצענט פאַר יענער וואָך; און פאַר היינטי־גער וואָך, זאָגט זי, לאָז זיין נאָך שבת!

מיט אזא מין געשפּרעך, למשל, האָט פריידעל מכבד געווען סטעמפּעניו'ן, ווען ער פלעגט אַרויסגעהן נאָכ'ן שפּיעלען פון זיין חדר'על, אביסעל צוגעפלאַמט, מיט א גלאַנץ אין זיינע שוואַרצע אויגען. דאָס איז געווען דאָס פייערעל פון זיינע אויגען, וואָס האָט אזוי געצווינגען צו זיך. דאָס פייערעל פלעגט זיך בעוויזען זעלטען, און בענעגענט זיך מיט פריידעל'ס אויגעלעך, האָט זיך דאָס פיי־ערעל גיך בעהאַלטען, פערשוואונדען געוואָרען.

אז סטעמפּעניו האָט אָפּגעשפּיעלט א חתונה און איז געקומען אהיים, פלעגט איהם פריידעל בעגעגענען מיט א שמייכעלע, זיך לאַשטשען, ווי א קעצעלע:

— צו וואָס טויג דיר געלט, סטעמפּעניו? — פלעגט איהם פריידעל זאָגען און אויסטרייסלען איהם אַלע קעשענעס. — אויף וואָס דאַרפסט דו געלט? וואָס פעהלט דיר? האָסט אַלסדינג, וואָס דו דאַרפסט, ביזט ניט הונגעריג, חלילה, און נאַקעט געהסט דו אויך ניט, און אַז דו דאַרפסט אזוי עטליכע גראָשען, געב איך דיר

דען ניט? געב עס בעסער אַפּ מיר, נשמה מיינע, ביי מיר וועט דאָס זיין גאַנץ. געב שוין. געב!

און סטעמפעניו שטעהט, ווי א בעשטראָפט קינד. און פריידעל טהוט מיט איהם, וואָס זי וויל. ער איז איינגאַנצען ביי דער דאָ־זיגער שווארצער פריידל'ען אין די הענד. אַך, וואָס איז דאָס מיט דיר געשעהן, סטעמפעניו? אַזאַ גאַרנישט, ווי פריידעל, זאָל דיר טאַנצען אויפ'ן קאָפּ, און דו לאָזט זיך פיהרען ביי דער נאָז, פונקט ווי שמשון הגבור ביי זיין געליעבטער דלילה אויפ'ן שוים?... פע, סטעמפעניו, א בזיון, כלעבען!

---

## XVII.

## סטעמפעניו ריהרט נאָך מיט איין אבר.

א רחמנות אויף סטעמפעניו'ן!...

נאָר עס איז ניט אַזוי די מעשה, ווי איהר מיינט. לעגט ניט אַזוי דעם רחמנות אויף אונער העלד. אַז סטעמפעניו האָט ניט געהאַט קיין גרויסע דעה ביי זיך אין דער היים און איז געוועזן עפּיס נאָר מעשה אידינע, האָט ער אָבער דערפאַר זיך געהאַט זיין וועלטעל, זיין אייגענע וועלט, וואָס האָט זיך שוין מיט פריידל'ען ניט אָנגעקעהרט לחלוטין. דאָרט, אין זיין וועלטעל, איז זיך סטעמ־פעניו געוועזן א פריץ פאַר זיך און איז געוועזן, ווי מיר וועלען באַלד זעהן, גאַנץ צופריעדען.

קודם כל איז ביי איהם אַוועקגעגאַנגען א האַלבער טאָג אויף „רעפּעטיציע“, דאָס הייסט, אויף איבערשפּיעלען מיט דער גאַנצער חברה כלי־זמר אַלע נייע שטיק, דערביי טרייבען אביסעל קאַטאָ־וועס, אויסהערען דעם ברחנ'ס ווערטלעך און לאַכען פון מעכטשי פייקלער, וואָס דער בדחן האָט אויף איהם ליעב געהאַט צו ווערט־לען זיך, און נאָכדעם גלאַט דערצעהלען מעשיות פון דער אָדער יענער חתונה. ווארום יעדע חתונה ביי אידען האָט זיך איהר מעשה: דאָ האָט זיך דער חתן איינגעשפּאַרט, האָטש געב איהם

א קרענק, אין וויל נישט גערן צו דער חופה, ביז מע וועט איהם אָט דאָ אויפ'ן אָרט ניט אָפּצאָהלען דעם נדן אחת ואחת. „קלאָפּ און צעהל"; דאָרט האָט די כלה געחלש'ט פּאָר גרויס געוויין און מע האָט זי קוים אָפּגעמינטערט (און דערביי זאָגט אָפּ דער ברחן אביסעל ליצנות); אין א דריטען אָרט האָט זיך געטראָפען נאָך א שענערע מעשה: נאָך דער וועטשערע, אז ס'איז געקומען די צייט, וואָס מע דאַרף טאַנצען... און חברה שיסט־אויס א געלעכטער, ווי פון א הארמאַט.

— וואָס איז ביי אייך פאַר אזא געלעכטער דאָרט? זעה נאָר, ווי מע ראָהאָטשעט זיך! — שרייט פריידעל פון איהר חדר.

— לאָז דיך ניט אהרען! — ענטפערט איהר סטעמפּעניו מיט גדלות. — אין אונזערע ענינים זאָלסט דו זיך ניט מישען, האָב איך דיר שוין הונדערט מאָל געזאָגט!

און סטעמפּעניו'ן ווייזט זיך אויס אין דער מינוט, אז ער איז דאָ א בעל־הבית, א גאַנצער סולטאַן ביי זיך.

די איבעריגע צייט האָט סטעמפּעניו פערבראַכט אויף אָנטהון זיך, אויספּוצען זיך, די מלבושים און די שטיוועל, זיי זאָלען גלאַנצען, ווי א שפּיעגעל, פּערקעמען זיך גאַנץ שיקאָזנע, אונטערבוינען זיך די שענע שווארצע לאָקען, אויסגלעטען די ווייסע מאַנישקע פון דעם העמד, און נאָכדעם האָט ער זיך גענומען דאָס שטעקעלע אין דער האַנד, א שטעקעלע מיט א גאָלקע, אויסגעשניצט א פייג פון עלפענביין, און מיט א ברייטען שווארצען קאַשקעט אויפ'ן קאָפּ מיט א גלאַנצענדיגען קאָזיראָק, אָנגערוקט ביז די אויגען. דעם קאָפּ פּערריסען ארויף, אזוי, אז די לאָקענס ליגען צעוואָרפען אויף די אכסלען, געהט זיך סטעמפּעניו און שפּאַציערט איבער דער שטאָדט. דאָרט האָט ער זיך שוין זיינע בעקאַנטע, מיט וועלכע ער בעגעגענט זיך, און געהענדיג פערביי די קלייטען, גריסט ער די יונגע ווייבלעך, די קרעמערקעס. די ווייבלעך ווערען רויטליך; זיי דערמאַנען זיך, אז זיי זענען אמאָל געווען מיידלעך און דעמאָלט

זענען זיי מיט סטעמפעניו׳ן געווען בעקענט... רעמאַלט איז געווען א וועלט... און היינט? ווער האָט דאָס היינט אין זינען?...

דאָך געפינען זיך נאָך אַזעלכע יונגע ווייבלעך, און איבער־הויפּט מיידלעך, וואָס שטעהען־אַוועק מיט סטעמפּעניו׳ן אין דרויסען ביי דער טיר א היבשע צייט; מע רעדט, מע שמועסט פון דעם און פון יענעם, מע לאַכט...

אודאי געהען אַזעלכע זאַכען ניט אָפּ גלאַט; דאָס דערזעהט א שכנה און טראָגט עס אָפּ גיך דער אַנדערער, דער דריטער, און אַזוי הויבט זיך אָן א רעדעניש, און צו אידישער מיילער אז מע האַפּט זיך אריין, נאַרט מען זיך ניט...

— וואָס איז שוין ווידער, סטעמפּעניו, פאַר א רעדערייי אין שטאָדט? שוין ווידער א מעשה?

— וואָס פאַר א מעשה, פריידעל?

— דיינע מעשיות... ער פרעגט נאָך! וואו צוויי, איז ער דער דריטער! די גאַנצע שטאָדט האָט מיט אונז צו טהון.

— איך וויים ניט וואָס דו ווילסט האָבען פון מיר, פריידעל.

— וואָס איך וויל האָבען? איך וויל, זאָלסט אָוועקוואַרפען דיינע אַמאָליגע גענג... שוין צייט! וואו ערגיץ א ווייבעל אָדער א מיידעל אין שטאָדט, דאַרף ער מיט איהר זיין בעקאַנט, און אַוועק־שטעלען זיך מיט איהר אויף דריי זייגער שעה — ער קאָן זיך גאַר ניט אָנרעדען און גענוג!

— א? דו קעהרסט אודאי מיינען, וואָס איך האָב גערעדט מיט אסתר אברהם־יענקעל׳ס?

— נו, און אז מיט אסתר אברהם־יענקעל׳ס, איז וואָס? וואָס איז זי, א שמייליגע, צי וואָס?

— איך האָב דאָך געשמועסט מיט איהר מכח איין עסק.

— דיינע עסקים... איך קען דיך, סטעמפּעניו!

— זאָלסט דו טאַקי וויסען! אברהם־יענקעל׳ס האָט חשק ארויסצופיהרען די חתונה קיין יעהופּעץ, אַזוי איז איהם אָנגעקו־מען דאָס משוגעת. נו, איך האָב דערזעהן אסתר׳ען, האָב איך מיט

איהר נעמאכט א שמועס וועגען דעם. איין עבירה, למאי זאל איך ארויסלאזען אזא חתונה פון די הענט?

— וואס איז איהם עפּיס ארויסגעפאלען יעהופעץ, דעם משוגע׳נעם כהן? — פרעגט פריידעל, און אין איהרע גרינגע אויגעלעך בעווייזט זיך אט א יענס פייערעל, וואס בעוויייזט זיך ביי איהר שטענדיג, ווען זי דערשמעקט נאר געלד...

— פרעגסט קשיות אויף א משוגענעם? — ענטפערט איהר סטעמפעניו, געהט־ארויס טרוקען פון דער דאזיגער מעשה.

און אזוי ווערד צעריבען די מעשה, יענע מעשה און אלע מעשיות. סטעמפעניו איז א גרויסער בריה און ווייסט, מיט וואס מע קאן פריידל׳ען נעמען.

אין דער פרעמד, אז סטעמפעניו איז ארויסגעפאהרען מיט זיין קאפעליע אין דער פרעמד, האט איהם, געוועהנליך, נאך מעהר געגאלטען. דארט איז ביי איהם געווען, ווי זאגט מען, א כשר׳ער טאפּ מיט א כשר׳ען לעפעל, און אז סטעמפעניו איז געקומען ערגיץ אין א שטעדטעל שפּיעלען א חתונה, האט זיך איהם שוין ניט געגלוסט אוועקצופאהרען. דארט זענען געווען מעשיות מיט מעשיות, פרייליכע און טרויעריגע גאר אהן א שיעור. הכלל, דאס איז זיך געווען ביי סטעמפעניו׳ן א בעזונדערע וועלט, זיין אייגען וועלטעל, וואוהין ער האט פריידל׳ען ניט ארייגעלאזט בשום אופן, חאטש זי האט דערויף זעהר חשק געהאט. זי האט אפילו שוין געפּרובט אונטערקויפען מעכטשי פייקלער, נאר עס איז נישט געגאנגען. דא, אין זיין וועלטעל, איז סטעמפעניו געווען גאר איין אנדער מענש, א גרויסער אונטערשיעד פון יענעם סטעמפעניו׳ן, וואס איז געווען ביי פריידל׳ען אין שטוב...

---

## XVIII.

## סטעמפעניו הויבט אָן זיך איינצוליעבען.

אינ'ם ראָזיגען וועלטעל האָט ביי איהם איצט רחל'ע אָנגעהויבען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע, די גרעסטע ראָלע אין זיין לעבען. מע מעג איהם גלויבען, אַז זיין בריוועל צו איהר, וואָס מיר האָבען אויבען געזעהען, איז געווען געשריבען גאַנץ ערנסט, מיט איין אמת, דען ער האָט זיך אין רחל'ען איינגעליעבט פון דער ערשטער שעה, וואָס ער האָט זי דערזעהען ביי חיים־בנציונ'ס אויף דער חתונה.

נישט באַלד האָט סטעמפּעניו איהר דאָס בריוועלע אָנגעשריבען. עס האָט געדויערט עטליכע טעג, ביז דאָס פּייערעל, וואָס רחל'עס בלויע אויגען האָבען אָנגעצונדען אין זיין הארצען, האָט זיך רעכט צעברענט, צעפלאַקערט, אַזוי, אַז ער האָט זיך שוין מעהר ניט געקאָנט איינהאַלטען, האָט ער זיך פערשלאָסען ביי זיך אין חדר'על, און דאָרט, וואו ער האָט געשריבען די נאָטען, און טאַקי מיט דער אייגענער פּען און אויף דעם זעלבען פּאַפּיער מיט די פּאַסען, אויף וועלכע ער האָט געשריבען זיינע נאָטען, האָט ער אויך דאָס געוויסע בריוועלע געשריבען.

סטעמפּעניו האָט אַביסעל געשוויצט אויפ'ן בריוועל. דאָס שרייבען איז איהם אָנגעקומען שווערליך. ער האָט זיך נישט געלערענט שרייבען אין ערגיץ, נאָר פון זיך אַליין. אודאי איז קיין חידוש ניט, וואָס ער איז געווען שטומפּיג אויף דער פּען.

עטליכע טאָג האָט סטעמפּעניו ארומגעטראָגען דאָס בריוועל ביי זיך און האָט נישט געקאָנט געפינען קיין מיטעל איבערצוגעבען עם רחל'ען. מעכטשי פּייקלער איז געווען אַ גוטער שליח אויף אַזעלכע בריוועלעך נאָר אין דער פרעמד, אָבער דאָ, וואו עס געפינט זיך אַ פריידעל, איז מעכטשי אויך אַ געפעהרליכער בריעפטרעגער. סטעמפּעניו האָט קוים דערלעבט שבת, האָט זיך אויסגעפּוצט, ווי אַ מויד, אָנגעטהאָן אַ הויכען קאַפּעליש נאָך דער לעצטער דע־מאָלטיגער מאָדע, און איז אַרויסגעגאַנגען אויף באַרדיטשעווער גאַס,

ווי אַלע שבת, צו מאַכען אַ שפּאַציערגאַנג, גערעכענט, אַז מסתמא וועט רחל'ע אויך זיין דאָרט. נאָר אומזיסט: אַלע ווייבלעך, אַלע מיידלעך דרעהען זיך אַרום, חאַפּען אַ קוק אויף סטעמפּעניו'ן, טהוען אַ שמייכעל און ווערען רויטליך — אַלע זענען דאָ, נאָר איין רחל'ע איז ניטאָ! דאָס אָנגעשריבענע בריוועלע האָט איהם נישט געלאָזט רוהען. עס האָט איהם געצויגען צו איהר וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.

„מע דאַרף זיך פּרובען דורכגעהן אַהין, אויף יענער גאַס, וואו רב אייזיק־נפתלי וואָהנט, טאָמער וועל איך זי בעגעגענען"... — אַזוי האָט זיך סטעמפּעניו געטראַכט און איז אַזוי פּאַוואָלינקע צו־געגאַנגען צום פענסטער, וואו רחל'ע איז געזעסען פערטיעפט אין איהרע געדאַנקען און האָט זיך נעזונגען דאָס בעקאַנטע ליעדעל:

איינע אַליין,
עלענד, ווי אַ שטיין,
איך האָב צו קיינעם צו רעדען,
נאָר צו זיך אַליין.
עלענד, ווי אַ שטיין,
איך האָב צו קיינעם צו רעדען...

תחילת, אַז זי האָט דערהערט פּלוצים דעם „גוט־שבת" און דערזעהן פאַר זיך שטעהן סטעמפּעניו'ן, האָט זיך איהר אויסגע־דאַכט, אַז דאָס איז אַ מין חלום (זי האָט סטעמפּעניו'ן שוין עט־ליכע מאָל געזעהען אין חלום...). נאָר אַז זי האָט צענומען דאָס שטיקעל נאָטען־פּאַפּיער און האָט איבערגעלייענט סטעמפּעניו'ס בריוועלע, האָט זי זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט, אַ קוק געטהאָן אין פענסטער און געזאָגט צו זיך אַליין:

— זיין גליק, וואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען: איך וואָלט איהם אָפּגעשפּיעלט... נאַ דיר נאָר אַ סטעמפּעניו!...

זי האָט געחאַפּט דאָס בריוועל און האָט דאָס געוואָלט אַרויס־שמיצען דורך דעם פענסטער אין דרויסען אַרויס, נאָר זי האָט זיך

פערהאפט, האָט דאָס נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט, צענויפגעקאַ־
טשעט, ווי מע קאַטשעט צענויף אַ מגילה, און אריינגעלעגט צו זיך
אין קעשעני אריין.

רחל'ען בעם איז געוואָרען אַלע מאָל גרעסער און שטאַרקער,
און איהר האָט זיך געוואָלט נאָר זעהן איהם אַליין, און פרעגען
איהם אונטער פיער אויגען: וואָס הייסט דאָס? ווי אַזוי רופט
מען דאָס? מיט וואָס פאַר אַ העזה שרייבט ער איהר אַזאַ קווי־
טעלע? ווער איז ער און ווער איז זי?... זי האָט גענומען
צו־קלערען מיטלען, ווי אַזוי בעגעגענט מען זיך מיט איהם ערגיץ
אין אַזאַ אָרט, וואו קיינער זאָל ניט קאָנען הערען וואָס זיי וועלען
צווישען זיך רעדען, און איז געפאַלען אויף אַ המצאה.

---

## XIX.

## אַ בייטש קאַרעלען ביי פריידעל סטעמפעניו'ס.

— הערט איהר, שוויגער, ווען עס זאָל נישט קאָסטען טייער,
וואָלט איך אַ בעלנ'טע געווען אויף אַ בייטש קאַרעלען, גוטע
שווערע קאַרעלען.

— נו, איך האָב דאָך דיר שוין וויפיעל מאָל געזאָגט: געה
זיך דורך צו פריידעל סטעמפעניו'ס, וועסט דו דיר אויסקלויבען
וואָס דיין הארץ גלוסט. אויב דו ווילסט, קום מיט מיר באַלד.
צוליעב מיר וועט זי דיר אָפּגעבען ניט טייער.

אונזער שווארצע פריידעל, וואָס האָט זיך פערנומען מיט פראָ־
צענט און מיט משכונות, מיינסטענס קאַרעלען, האָט ביסלעכווייז,
אַזוי, אויף אַ געלעכטער, אָנגעהויבען אונטערצוהאַנדלען מיט דער
דאָזיגער סחורה, וואָס זי האָט געהאַט ביד גאַנץ ביליג אָפּצוקויפען
ביי איהרע בעלי־חובות און נאָכדעם דאָס אראָפּברענגען אויך ביי־
לינגער, ווי אַלע קאַראַלניצעס (ווייבער וואָס האַנדלען מיט קאַרע־
לען), אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי האָט טאַקי אָנגעהויבען דער־

מיט צו האנדלען אויף איין אמת מיט אלע באַרדימשעווער און מיט אלע בראָדער. גאַנץ מאַזעפּעווקע האָט שוין געוואוסט, אַז אַ רעכטע בייטש קאַרעלען קריגט מען ביי פריידל׳ען, ביי פריידעל סטעמ־פעניו׳ס.

אַ וואונדערליכע זאַך! ווי קומט צו פריידל׳ען אַזאַ פעהיגקייט צום מסחר, אַזאַ בענעמונג מיט די קונים, אַזוי קאָנען איינרעדען? אַז דוואָסי־מלכה מיט דער שנור זענען אריינגעקומען צו איהר אין שטוב אריין, האָט זיי פריידעל אָפּגעגעבען אַ ברייטען ברוך־הבא:

— סקאַצעל קומט! וואָס מאַכט איהר, דוואָסי־מלכה? איהר ווייסט, אַז איך האָב שוין אויף אייך איין אויג פון לאַנג אָן?

— וואָס זשע איז אַזעלכעס, פריידעל?

— וואָס איז, פרעגט איהר? שוין אַ יאָהר, אַז איהר האָט געבראַכט אַזאַ ציערונג צו זיך אין שטוב אריין — און גאָרניט! איהר זאָלט דאָס אַמאָל אריינגעהן מיט אייער שנור זיך אויס־קלויבען עפּים אַזעלכעס, וואָס איהר פּאַסט. פע, כלעבען, דוואָסי־מלכה, עס איז אַזש מיר אַ בזיון!

— איהר זענט אודאי גערעכט, פריידעל־סערדצע, נאָר וואָס בין איך שולדיג, זאָגט שוין אַליין, אַז מיין שנור וויל ניט קיין קאַרעלען, וויפיעל איך בעט זי?

— נאַט אייך גאָר אַ נייעס! וואָס הייסט, זי וויל ניט? דאָס איז ביי אייך וויל מען ניט; ביי מיר, נישקשה, וויל מען!

און פריידעל האָט אין דער גיך געעפענט אַ גאַנץ גרויסען קאַסטען, גרין געפאַרבט, און האָט אָנגעהויבען אַרויסציהען פון דאָרטען איין בינטעל קאַרעלען נאָכ׳ן אַנדערען און פאָרלעגען פאַר די קונים, מיט פיעל פערשיעדענע דבורים דערביי און מיט וויג־שעניזשען, גאָר ווי אַ רעכטע סוחר׳טע.

— זעהט איהר, דוואָסי־מלכה, אַז איהר זאָלט מיך פאָלגען, וואָלט איך אייער שנור געהייסען נעמען אָט די בייטש קאַרעלען, איך זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס מיט אייך אינאיינעם, ווי מע דאַרף גאָר האָבען נאָך אַזאַ בייטש קאַרעלען „אָרליאַנער" פּערעל!

איהר טהוט זיי נאָר אָן, זייט מוחל, אויפ'ן האלז, אַט אזוי אַ — אזא יאָהר זאָל איך האָבען, ווי זיי פּאַסען אייך צו אייער ווייסען האלז! טראָגט זיי געזונטערהייד און לאָז גאָט געבען, אז אייער שוויעגער זאָל אייך קאָנען קויפען איבער אַ יאָהר אין דער צייט חאָמש אזעלכע גרויסע פּערעל עפּיס אַ פינף שנירלעך. אַך, ווי זיי קליידען אייך צום פּנים! זאָגט שוין איהר, דוואָסי־מלכה, איהר זענט דאָך יאָ אַ מבינ'טע אויף קארעלען, לאָם איך האָבען אזא יאָהר, רבונו של עולם!

ביי די ווערטער האָט פריידעל ארויסגעחאַפּט אַ שפּיעגעלע פונ'ם קאַסטען און האָט זיך געשטעלט אַקעגען רחל'ען, און די גרינע אויגעלעך האָבען געבלישטשעט ביי פריידל'ען פאַר גרויס נחת, און אַ שוויים איז איהר ארויסגעטראָטען פון פיעל רעדעניש מיט שבועות און מיט ווינשעניש.

— און אייער סטעמפעניו טהוט זיך זיינס? — האָט איהר דוואָסי־מלכה געזאָגט, אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף דעם חדר, פון וואַנען עס האָבען זיך געלאָזט הערען זעלטענע זיסע קולות.

— יאָ, ער שפּיעלט דאָרטען, — האָט פריידעל געענטפערט און האָט גענומען בעווייזען נאָך אַנדערע מינים קארעלען, אזוינע און אזוינע, און דערווייל האָט זיך צווישען פריידל'ען מיט דוואָסי־מלכה'ן פערקניפּט אַ לאַנגער שמועס, ווי עס געהער צו זיין צווישען צוויי קרעמערקעס, אז מע צערעדט זיך וועגען געשעפט.

רחל'ע איז געזעסען אין אַ זייט און האָט דעם שמועס פון דער שוויעגער מיט פריידל'ען נישט געהערט. רחל'ע האָט געהערט איין אַנדער שמועס, איין אַנדער קול, גאָר אַנדערע ווערטער. וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען פון סטעמפּעניו'ס פיעדעלע, אזעלכע ווערטער, וואָס זענען איהר געגאַנגען גלייך אין הארצען אריין, און זי איז ערשט דערמאָלט אויפגעשטאַנען פונ'ם אָרט, אז דאָס פיעדעלע האָט אויפגעהערט צו שפּיעלען און סטעמפּעניו האָט זיך בעוויזען אויף דער טהיר. זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט און זיי זענען ביידע רויט געוואָרען, ווי פייער... סטעמפּעניו איז געבליבען שטעהן

ביי דער טיר, ניט אהין, ניט אהער. און רחל'ע האָט געקוקט אויף איהם, געזאָגט בשעת מעשה דער שוויעגער, אז עס איז שוין צייט צו געהן אהיים. דוואָסי־מלכה האָט זיך א חאַפּ געטהאָן מיט א ברעך אין די הענד:

— אוי, א דונער איז מיר! זעהט נאָר, ווי מיר האָבען זיך פאַררעדט! נו, וואָס וועט איהר ביי מיר נעמען, פריידעל, פאַר די קאָרעלען? ביי מיר טאָרט איהר ניט נעמען טייער, פריידעל. מיט מיר דאַרפט איהר האַנדלען אויף נאמנות!

— אויף ריינע נאמנות! הערט איהר, דוואָסי־מלכה, איך זאָל זיך דערווערגען מיט'ן ערשטען ביסען, אויב איך זאָג אייך א ליגען! סאָסי האָט מיר געטיקעט פאַר די קאָרעלען אכצעהן קערבלעך, איך זאָל אזוי זיין געזונט, רבונו של עולם, מיט מיין מאַן! נאָר גאָר־ניט. איך בין זיך מיישב — סאָסי איז סאָסי, און איהר זענט דוואָסי־מלכה. איך געב אייך זיי אָפּ פאַר פופצעהן קערבלעך, און איך זאָל עס ניט פאַרמאָגען אויף מיין אייגענס, אויב איך פאַר־דיען דערביי עפּיס, גאָטעניו!

— פופצעהן יאָק פופצעהן, צוועלף וועל איך אייך געבען, פריידעל. צוועלף קערבלעך מזומן געלט.

— אוי, געזונט זאָל איהר מיר זיין, דוואָסי־מלכה, דינגט זיך נישט! — האָט פריידעל אויסגעשריגען מיט גרויס היץ און האָט אַנגענומען דוואָסי־מלכה'ן פאַר ביידע הענד אויף דעם אופן, ווי צוויי ווייבער נעמען זיך פאַר די הענד בשעת זיי געהען טאַנצען א פריילינכס.

אין דער מינוט האָבען זיך דערוויייל רחל'ע מיט סטעמפעניו'ן געקאָנט בחפזון איבערוואַרפען מיט א פּאָר ווערטער.

— איך האָב אייך געוואָלט עפּיס זאָגען, סטעמפעניו.

— איך האָב אייך אויך געוואָלט זאָגען, רחל'ע.

— איהר האָט מיר שוין געזאָגט.

— ווען?

— אינ'ם בריוועל.

— נאָך ווינציג.

— שוין צו־פיעל.

— ניין, קיין הונדערט־חלק אפילו.

— איהר האָט א טעות.

— איך שווער אייך ביי מיין לעבען, איך שטארב! וואו קען איך זיך מיט אייך זעהען?

— איך ווייס ניט, וואו מיר קאָנען זיך זעהען.

— סיידען פארנאכט?

— וואו?

— אויף דער מאָנאסטירסקער גאַס.

— ווען?

— שבת־צו־נאכטס. איהר וועט ארויסגעהן פון יענער זייט צום מאָנאסטירסקען גאָרטען.

— איך קאָן ניט, איך וויל ניט.

— איהר מוזט, רחל'ע. איך בעט אייך, גענהט־ארויס אויף איין מינוט! זייט דאָרטען, איך וועל שוין ווארטען, שבת־צו־נאכטס, למען השם, רחל'ע...

— איך וועל ניט זיין.

— איהר וועט זיין, רחל'ע, איהר וועט זיין!...

— נו, טאָכטער, — האָט זיך אָנגערופען דוואָסי־מלכה, — קום, לאָמיר געהן אהיים. קוים אויסגעדונגען פאר פערצעהן קאָר־בען. אָ, איך האָב גאָר ניט געוואוסט, פריידעל, אז איהר זענט אזא בריה א סוחר'טע!

— ע, דוואָסי־מלכה לעבען, געזונט זאָלט איהר מיר זיין, איהר קאָנט זיך גוט דינגען, נישקשה, א גוטען טאָג, געהט געזונט! טראָגט געזונט! פארניצט געזונט! צערייסט געזונט!

---

— אויף קוליעס זאָל זי געהן, ווי זי האָט דאָס מיר אויסגע־קאָכט דאָס וואסער! — האָט פריידעל געזאָגט צו סטעמפעניו'ן,

צוגעמאכט נאָך זיי די טיר. — און זי, די שנור, די ווייסע טע־לעצע, זיצט זיך און שווייגט. עס פּאַסט איהר אַזוי די קאָרעלען, ווי אַ חזיר פּאַטשערקעס...

---

XX.

## נאָך אַ מאָל קאָרעלען.

אַז רחל'ע איז געקומען אַהיים מיט דער בייטש קאָרעלען, האָט זי די שוויעגער צוגעפיהרט צום שוועהר מיט אַזאַ גליקליכען שמייכעל, גלייך ווי זי וואָלט דאָ געוואונען מי יודע וואָס.

— וואָס זאָגסט דו, אייזיק־נפתלי, אויף די קאָרעלען? אַ מציאה, טאַקי אַ כשר'ע מציאה!

אייזיק־נפתלי איז צוגעגאַנגען נאָהענט צו רחל'ען, האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט, ווי אַ רעכטער מבין, האָט אַ שמאָרע געטהאָן מיט דער נאָז און אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס האָסט דו באַצאָהלט פאַר זיי, וויפיעל?

— נו, טרעף, ביזט דאָך עפּיס אַ סוחר. נו, אדרבה, טרעף? — האָט איהם דוואָסי־מלכה געזאָגט מיט אַ שמייכעלע.

— איך וויים ניט, צי טייער, צי וואָלוועל?

— אַז איך זאָג דיר אַ מציאה, שוטה, אַ מציאה, ווי ביי אַ גנב! מאָהל דיר, איך האָב זיך געגוג אָנגעהאַריקעט, אויסגעקאָכט דאָס וואַסער מיט דער דאָזיגער מאַכליאַרקע, די כלי־זמר'קע, אַ סיפּע איהר אין פּניה! נו־נו, זי קאָן זיך גוט דינגען, איין אמת'ע סעדיכעע! דער רוח ווייסט זי, וואו און ווען זי האָט זיך עס אַזוי אויסגעלערענט! אַ פּיסקעלע ביי איהר — טאַקי נאָר אויף שרייפלעך, פּעך און שוועבעל אויס איהר מויל, און אַז זי רעדט מיט אַ קונה, פּינעט זי, ווי אַ העכט, אַ מיתה משונה זאָל אויף איהר קומען, אויף דער סטעמפּעניוכע!... נו, וואָס שווייגסט דו, אייזיק־נפתלי? זאָג שוין, לאָמיר הערען דיין מבינות, וואָס, אשטייגער, דאַרפען קאָסטען אָט די קאָרעלען?

— אַט די קאַרעלען וואָס דאַרפֿען קאָסטען? — האָט אײַזיק־נפתלי געענטפֿערט, אָנגענומען זיך בײַ דער באָרד. — אַט די קאַ־רעלען דאַרפֿען קאָסטען אַזוי גרויס, אַזוי גרויס, — שאַ נאָר, לאָם איך דיר זאָגען אַקוראַט, איך זאָל מיך ניט אָפּנאַרען, — אַ מציאה, זאָגסט דו, אַ מציאה? אויב זיי זענען אַ מציאה, האָסט דו באַ־דאַרפֿט פֿאַר זיי באַצאָהלען נישט ווינציגער ווי זעכסטהאַלבען קערבלעך, נאָר ווערטה זענען זיי אַלע זיעבען.

— לאָקש!!! — האָט דוואָסי־מלכה אויסגעשאָסען, ווי פֿון אַ האַרמאַט, און אײַזיק־נפֿתלי האָט אַזש אַ ציטער געטהאָן און אָפּגעטראָטען אין אַ זײַט. — לאָקש אײַנער! בהמה בצורת פערד! אַזאַ בייטש קאַרעלען — זעכסטהאַלבען קערבלעך?! משוגענע לע־מעשקע! אַ שטומער וואָלט דאָך עס ניט אויסגערעדט אין אַ יאָהר! האָסט אויגען, צי ניין? נאַ, קוק זיך צו, דו אָפּגעריסענער נאַר!

און דוואָסי־מלכה האָט אָנגענומען רחל'ען פֿאַר אַ האַנד, האָט זי צוגעפֿיהרט צום שוועהר, איהר אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און בע־וויזען אײַזיק־נפֿתלי'ן די מציאה, געשאָלטען מיט שטעכווערטלעך און מיט קללות. אײַזיק־נפֿתלי נעבאַך האָט געשמאַרעט מיט דער נאָז, געפֿינטעלט מיט די אויגען און מורא געהאַט שוין אויסרעדען אַ וואָרט. ביז גאָט האָט זיך אויף איהם דערבאַרעמט און ס'איז אָנגעקומען משה־מענדעל מיט'ן שטעקעלע פֿונ'ם מאַרק — האָט שוין משה־מענדעל געגומען שאַצען די קאַרעלען בײַ רחל'ען אויף'ן שע־נעם, ווייסען האַלז, און האָט געטראָפֿען, אַז זיי דאַרפֿען קאָסטען, בלי גוזמא, אַ דרייערעל... דאָ האָט זיך דוואָסי־מלכה אַזוי צע־פֿלאַמט, אַז זי האָט זיך אַזש צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, פֿאַר גרויס דאָסאַדע, וואָס קיינער האָט נישט פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ גרויסע מציאה זי האָט געהאַנדעלט, און אפֿשר פֿאַר האַרצוועהטיג, וואָס סטעמפּעניוכע האָט זי אַזוי גראָב אָפּגענאַרט.

— דיך אַ סוחר! — האָט זי געזאָגט צו משה־מענדל'ען. — פּונקט אַזאַ מבין, ווי דער טאַטע זײַנער! וואָס עפּיס אַ דרייערל, זוהנאַ? פֿאַר וואָס ניט ווענינער?

— דערפאַר, וואָס זיי זענען מעהר ניט ווערטה, דערפאַר, וואָס די קאַרעלען זענען זעהר פשוט'ע קאַרעלען. איך האָב אויך געזעהן אַמאָל קאַרעלען, מאַמע. לאָז זיך דיר דאַכטען, אז איך האָב שוין געזעהן אַמאָל אַ רעכטע בייטש קאַרעלען...

דעם גאַנצען טאָג האָבען זיך אַלע דריי געקריעגט און געיאַרעט פאַר די קאַרעלען.

— ער זאָל מיר בעסער געבען מיט אַ פּיסטויל אין האַרצען, — האָט דוואָסי־מלכה גע'טענה'ט — וואָלט ביי מיר פיעל מעהר ניחא געווען, איידער הערען פון איהם דאָס וואָרט „זעכסטהאַלבען"! מילא, לאָז זיין די מאַכליאַרקע, די חלירע זאָל זי באַקומען היינ־טיגען טאָג, האָט מיך אָפּגענאַרט (מיך האָט נאָך קיינער ניט אָפּ־גענאַרט!), — מילא, חאַפּט זי דער שוואַרץ־פינסטער־ביטער יאָהר מיט איהר סטעמפּעניו'ן אינאיינעם! אָבער צו וואָס טויג נאָך זאַלצען יענעם אויף די וואונדען און אַרויספאָהרען מיט אַ מקח „זעכסטהאַלבען"? נאַ דיר גאָר „זעכסטהאַלבען"! זעכסטהאַלבען טוץ מכות איהר אויפ'ן לייב און זעכסטהאַלבען קדחת'ען איהר אין דער לעבער! איך וועל, מאָהל דיר, ביי איהר מיין געלט, מיין בלוט, אַרויסרייסען, ווי ביי אַ הונט פון די צייהן, מאָהל דיר! אָבער פאַרגינען זיך זאָגען „זעכסטהאַלבען"?!

---

די גאַנצע סצענע איז אונזער רחל'ען אַזוי נמאס געוואָרען, אַז זי האָט די קאַרעלען פאַר'ן שלאָף אויסגעטהאָן און בעהאַלטען ביי זיך טיעף־טיעף אין קאַסטען, מיט דער דעה, אַז זי זאָל זיי שוין מעהר ניט אָנטהון ווייל זי וועט לעבען. מעהר פון אַלץ האָט אונזער רחל'ען פערדראָסען, וואָס משה־מענדעל האָט זיך פערנומען אָפּקריעגען מיט דער מוטער פאַר די קאַרעלען און איז אפילו נישט צוגעגאַנגען צו איהר, ווי עס דאַרף צו זיין, ווי עס פיהרט זיך, זאָגען „פאַרניץ געזונט". מע האָט זי דעם גאַנצען טאָג אַרומגעפיהרט פאַר די הענד, געקוקט אויף איהרע קאַרעלען, פּונקט ווי מע בעטראַכט

א קוה; איטליכער איז צוגעגאנגען און האָט איהר אויפגעהויבען דעם קאָפּ, געטאַפּט די קארעלען — און אַן איהר האָט מען גאָר פערגעסען... רחל'ע, וואָס איז בטבע ניט געווען קיין בייזע, קיין בעסנ'טע, האָט דעם גאַנצען טאָג געפייערט אויף אַלעמען, און נאָך מעהר אויף משה־מענדל'ען. דער דאָזיגער חברה־מאַן האָט זיך גאַנץ פיין אָפּגעגעסען מיטאָג און איז זיך אוועק אין בית־מדרש אריין. און אזוי ווי עס איז געווען יענעם אָבענד אין בית־המדרש א שטי־קעל שמחה, א סיום, לכן איז שוין משה־מענדעל איבערגעבליבען דאָרט פון נאָך מעריב ביז'ן ווייסען טאָג אריין, ווי ער פלעגט עס טהון גאַנץ אָפּטליך.

רחל'ע איז גאָר איינגאַנצען געווען לא־עליכם'דיג, שטארק צע־קאָכט. דאָס פנים האָט איהר געפלאַמט, ווי א העליש פייער, דער קאָפּ האָט איהר געטרישטשעט און אין די אויהערען האָט איהר געקלונגען און געפייפט. זי האָט גאָר ניט געוואוסט, וואָס מיט איהר טהוט זיך... קיין וועטשערע האָט זי ניט געקאָנט עסען. געוועהנליך, האָט איהר דוואָסי־מלכה גענוג געפּיקט אין קאָפּ אריין, פאַר וואָס זי עסט ניט, פאַר וואָס זי טרינקט ניט — נאָר אומזיסט: רחל'ע איז אוועק מיט רויטע אויגען צו זיך, האָט זיך גיך אויס־געטהאָן, אריינגעלעגט אין בעט אריין, און פון איהרע אויגען האָבען זיך מיט א מאָל א גאָס געטהאָן טרערען, — ווארעמע, הייסע טרע־רען, און א סך, א סך.

---

## XXI.

## א שווערע נאכט.

וואָס האָט רחל'ע געוויינט? זי האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס זי וויינט, און האָט אפילו נישט געפיהלט, אז זי וויינט. דאָס הארץ איז איהר שוין פון א צייט געווען שווער, זעהר שווער, נאָר פלוצים האָט זיך עס צעווייקט, צעגאָסען און אויסגעגאָסען זיך דורך טרערען. רחל'ע האָט געפיהלט, ווי מיר האָבען שוין אויבען גע־

זאָגט, אַז זי איז עלענד, אַז עס נעהט איהר עפּיס אָפּ, אַז עס פעהלט איהר עפּיס, נאָר וואָס פעהלט איהר — דאָס האָט זי ניט געוואוסט און ניט געקאָנט וויסען. רחל׳ע האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איהרע עלטערען האָבען זי חתונה געמאַכט און האָבען זי גע׳פּטר׳ט. דאָס וואָרט „גע׳פּטר׳ט" איז שוין גענוג אויף צו פיהלען, ווי ווייט מע ווערד אָפּגעריסען: קינדער פון עלטערען און עלטערען פון קינדער. דאָס וואָרט „גע׳פּטר׳ט" קומט־אויס זעהר אָפט צו הערען ביי אונז, אידען, כמעט אין יעדער משפחה. דאָס וואָרט „גע׳פּטר׳ט" איז אַ גרויסער בזיון, אַ בעלעדיגונג פאַר אונזער גאַנצער אומה, וואָס פיינט זיך אויס מיט איהר באַרעמהערציגקייט... מעהר פון אַלע איז איהר דערגאַנגען משה־מענדעל מיט זיינע גענג, מיט זיין פיהרעכטס קעגען איהר. רחל׳ע האָט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ ראָלע זי שפּיעלט מיט איהר שענקייט און מיט איהר גוטסקייט, מיט איהר עהרליכקייט און מיט איהר געטריישאַפט ביי איהר מאַן דעם תכשיט. רחל׳ע האָט אַרויסגעזעהן, וואָס זי איז ביי איהם...

ועל כולם איז רחל׳ע גלאַט געווען צעשרויפט, צערודערט און פערטומעלט די לעצטע צייט. אַ קלייניגקייט, וואָס זי האָט איבער־געטראָגען פון סטעמפעניו׳ן? רחל׳ע, די פרומע רחל׳ע, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט אויף איהר לעבען קיין האָר פון אידישקייט, נישט איבערגעטראָטען קיין מינדסטען דין פון די אַלע דינים, וואָס זענען שייך צו דער אידינע, — רחל׳ע, אַ אידיש ווייבעל פון טייטש־חומש, האָט אין זינען אַ פרעמדען, בעקומט פון איהם בריוועלעך, בעגעגענט זיך מיט איהם — און גאָרנישט! אדרבה, זי פיהלט, ווי עס ציהט זי צו איהם, נישט מיט עפּיס אַ שלעכטער מחשבה, חלילה! נאָר גלאַט אַזוי, זעהען איהם און הערען, ווי ער שפּיעלט אויפ׳ן פידעל.

אַך, זיין שפּיעלען, זיין שפּיעלען! רחל׳ע וואָלט אייביג ניט געגעסען, ניט געשלאָפען נאָר הערען סטעמפעניו׳ן, הערען איהם און... זעהען איהם! זיינע אויגען, אַז זיי קוקען, וואַרעמען זיי, גלעטען זיי, ניעזשען זיי... אַך, זיינע אויגען!

רחל'ע חאפט זיך אָן מיט ביידע הענד פאר'ן קאָפּ און הערט זיך צו, ווי די שלייפען קלאַפּען, ווי דאָס הארץ קלאַפּט, און די נשמה ציהט, ציהט. זי ווייסט ניט, וואָס מיט איהר טהוט זיך. זי דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבער'ן קאָפּ און דערזעהט איהר אמאָליגע חבר'טע, חיה־עטעל, עליה השלום. רחל'ע דערמאַנט זיך אָן יענער מעשה פון חיה־עטל'ען מיט בנימינ'ען, און עס געהט איהר איבער א פראָסט איבער'ן לייב. זי דעקט פון זיך אָפּ די קאָלדרע און דערהערט פלוצים זעהר א בעקאַנט געזאַנג, א בעקאַנט שפּיעלען פון א בעקאַנט פיעדעלע. רחל'ע האָט געמיינט, אז עס ווייזט זיך איהר אויס, נאָר ווייטער־ווייטער האָט זי אלץ נעהענטער געהערט דאָס שפּיעלען, וואָס מע שפּיעלט, געוועהנליך, ביי'ם אָפּ־פיהרען פון דער חתונה די מחותנים אהיים. רחל'ע האָט שוין דערהערט און דערקענט אקוראַט, וואָס מע שפּיעלט; רחל'ע האָט אויך ־ערקענט סטעמפּעניו'ס פערגעהן זיך אויפ'ן פיעדעל, און עס איז ןוין פאַר איהר ניט געווען קיין ספק, אז דאָס פיהרט־אָפּ סטעמ־פּעניו די מחותנים אהיים נאָך דער חופּה־וועטשערע. נאָר ווי קומט ער אהער? אויף דער גאָס איז היינט נישט געווען קיין חופּה און דאָ זענען נישטאָ קיין מחותנים! וואָס קאָן דאָס בעדייטען? די פּויק מיט די טאַצען לאָזען זיך אָבער הערען אלץ נעהענטער און נעהענטער. די גאַנצע חברה שפּיעלען געשמאַק; נאָר מעהר פון אלץ לאָזט זיך הערען סטעמפּעניו'ס פיעדעלע, וואָס פערדעקט מיט'ן זיסען שפּיעלען, מיט דעם וויינען געזאַנג אלע אַנדערע כלים.

רחל'ע קאָן ניט איינליגען. זי שפּרינגט־אַראָפּ פונ'ם בעט, געהט־צו צום פענסטער, עפענט עס אויף און בויגט זיך איבער העכער האַלב אין דרויסען אַרויס.

רחל'ע האָט שוין לאַנג אַזאַ נאַכט נישט געזעהען. די לבנה שפּאַציערט אין מיטען הימעל, און אַרום איהר האָבען זיך אויסגע־שאָטען אלפי אלפים שטערען — בריליאַנטען, וואָס שעמערירען אין די אויגען. די לופט איז וואַרעם, גרינג און פריש. קיין שום ווינ־טעל, אזוי, אז די הויכע טאָפּאָלים, וואָס זעהען זיך פונ'ם גרויסען

מאָנאַסטירסקען גאָרטען, שטעהען אויסגעצויגען, ווי סאָלדאַטען אויף דער וואַך. קיין בלעטעל ריהרט זיך נישט. נאָר זעלטען־זעלטען טהוט עס אַ טראָג פונ׳ם מאָנאַסטירסקען גאָרטען אַ שענעם ריח פון שמעקענדיגע גראָזען, ווי בשמים, וואָס איז אין מאָזע־פּעווקע שטאַרק אָנגעלעגט, מחמת בייטאָג הערט זיך דאָרט איין אַנדער ריח...

צו דער דאָזיגער אויסגעצייכענטער נאַכט פּאַסט אַקוראַט אונ־זער רחל׳ע די שענע, — די שענע, די ריינע, די עהרליכע רחל׳ע מיט איהר גרויסען ווייסען האַלז, אויף וועלכען עס ליגען צעשאָטען איהרע רייכע בלאָנדע האָר (אָך, רחל׳ע האָט דען געקאָנט אין אַזאַ צייט געדענקען, אַז די לבנה און דער מחבר פונ׳ם ראָמאַן קאָנען זעהען איהרע אייגענע האָר?). איהרע אויגען זענען געווען ניט ווינציגער בלוי און לויטער, ווי דער בלויער לויטערער הימעל, און איהר שען ליכטיג פּנים איז ניט געווען מיאוס׳ער פון דער שענער ליכטיגער נאַכט. נאָר רחל׳ע האָט ווינציג־וואָס געטראַכט וועגען דעם: איהר קאָפּ איז געווען דאָרטען, וואו עס האָט זיך געהערט דאָס זעלטענע שפּיעלען, און איהר האַרץ איז געווען דאָרט, וואו סטעמפעניו׳ס פיעדעלע.

די כלי־זמר שפּיעלען עפּיס אַזוי טרויעריג, גלייך ווי זיי וואָלטען אָט־ערשט עמיצען בעהאַלטען, אין דער ערד אַריינגעלעגט. ביי אונז אַ שמחה בעווייזט זיך אַרויס דורך אַ געוויין, און מחמת גרויס פריידט מיט פערגעניגען פערגיסען מיר טרערען... נאָך אומעטיגער ווייזט־אויס דאָס שפּיעלען אים האַלבע נאַכט, ווען די גאַנצע וועלט האַלט אין איין שלאָפען, נאָר איין ביסעל אידען זענען זיך משמח מיט אַ ווייַנענדינס, געהענדיג צוריק פון דער חופּה־וועטשערע מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ: וואָס איז? מע האָט גע׳פּטר׳ט אַ קינד, פערשטעהט איהר מיך, פערזאָרגט, הייסט דאָס, ברוך השם, — נו, מהכתיתי... אין דער דאָזיגער שטילער שענער זומער־נאַכט הערט זיך סטעמ־פעניו׳ס פיעדעלע נאָך מעהר, ווי אַלע מאָל; עס קלעהמט דאָס האַרץ, ציהט די נשמה, נעמט־אַרויס דאָס חיות — און רחל׳ע

שטעהט א האלב־נאקעטע ביי׳ם פענסטער און הערט זיך צו. זי וויל אנטלויפען פון דאנען, צומאכען דאס פענסטער און אנטלויפען, נאר עס האלט זי צו, ווי מיט אייזענס, ווי א מאגניט ציהט עס זי. זי קוקט זיך איין און הערט זיך צו אזוי ערנסט, גלייך ווי זי וואלט הערען ניט זיין פיערעלע, גלייך ווי זי וואלט הערען, ווי ער רעדט צו איהר, ווי ער טענה׳ט, ווי ער בעט, ווי ער וויינט... און ניט נאר רחל׳ע אליין הערט זיך איין אין די דאזיגע שענע מעלאדיען פון סטעמפעניו׳ס פיערעלע אין דער דאזיגער ליכטיגער זומער־נאכט: די לבנה מיט די שטערען, די ווייכע, פרישע לופט, די גאנצע נאטור מיט אלע איהרע בעשעפענישען האבען ווי אויפגעוואכט פון זייער דרימלען, זיך אויפגעשטעלט אויף א רגע׳לע, בכדי צו הערען, וואס איז דאס פאר א מין געזאנג אים האלבע נאכט? וואס איז דאס פאר קולות אים האלבע נאכט? דער נאכט־משורר, דער פערשפע־טיגטער סאלאוויי אינ׳ם מאנאסטירסקען גארטען, דערהערט אזא מין מוזיק, האט זיך געפרובירט פערקאטשען אויפ׳ן העלזעל, בע־ווייזען זיינע שטיקלעך, ווי זיין שטייגער איז; נאר עס איז איהם אצינד, אין סוף תמוז, נישט געראטען איבערשטשעגאליאיען סטעמ־פעניו׳ס פיערעלע, מחמת באלד נאך וועסנע האט ער נעבאך, ווי אלע מאל, אנגעוואהרען די כלי, און פון זיין זים קול איז איהם נאר געבליבען א קווימש, ווי ביי א חזן נאך ימים נוראים, להבדיל... דער האהן, דער שרייער, דערהערט דאס שפיעלען פון די כלי־זמר און גערעכענט, אז ס׳איז שוין טאג, איז אראפ פון דער סידעלע, האט א פאטש געטהאן מיט די פליגעל, האט געזאגט דעם פסוק, אויסגעלאזט דעם געוועהנליכען „קוקוריקו" מיט א „מונח־אתנחתא" און איז זיך אוועק צוריק אין זיין רוה אריין א ברוגז׳ער. וואס מע האט איהם מטריח געווען אומזיסט און אומנישט... אפילו די הינר, די כלבים, פון וויטענס, פון דער מאנאסטירסקער גאס, דערהערט די אידישע כלי־זמר אין מיטען נאכט, האבען אנגעהויבען לכתחילה, ווי זייער מנהג איז, צו בילען און צו וואיען, און זענען אויך אנ־שווינגען געווארען, געזוכט זיך איין ארט וואו צו לעגען זיך אפרוהען.

אויך די קוה, דוואסי־מלכה׳ס בורע בהמה ביי דער שטוב, האט אויפגעהערט צו מעלה־גרה׳ן, האט אויפגעשטעלט די אויהערען, ארויסגעלאזט פונ׳ם בויך א טיעפען קרעכץ, ווי א זינדיגער מענש. און דעם שכנ׳ס צוויי ציעגען האבען זיך פון גרוים התפעלות מיט א מאל אויפגעהויבען פון דער ערד, זיך געביטען מיט די ערטער, בעוויזען דערוויייל איינס דאס אנדערע, אז זיי האבען הערנער. הכלל, אלץ האט אויפגעלעבט, בעוויזען, אז עס הערט דאס שפּיע־לען אין דער דאזיגער שטילער, ליכטינער, ווארעמער כישוף׳דיגער זומער־נאכט.

אין דער זעלבער צייט איז אויך אונזער עהרליכע רחל׳ע גע־שטאנען ביי׳ם פענסטער, ווי צונעקאוועט מיט אייזענס. זי שטעהט, ווי שטארק פערוואונדערט, ריהרט זיך ניט מיט קיין אבר, ווי צו־געשרויפט, און ווייסט גאר ניט אויף וואס פאר א וועלט זי איז. „נו, א נאכט! אי, א נאכט! טאטעניו!“... זי שטעהט און הערט זיך איין מיט אלע חושים. זי שלינגט די פרישע לופט מיט׳ן פולען מויל. זי איז איינגאנצען פער׳כישופ׳ט. זי קוקט אין בלויען הימעל אריין און דערמאנט זיך אן יענע זומער־נעכט, ווען זי פלעגט מיי־דעלווייז זיצען אין דער היים אויף דער פריזבע (זאוואלענקע), קו־קען־ארויף, אויף די ווייסע פאסען, געשפּיעלט בשעת מעשה אין ציינענס (מיילעשקעס) און געזונגען דאס בעקאנטע ליעדעל:

די לבנה שיינט אין מיטען דער נאכט,
און פערעלע זיצט ביי דער טיר,
זי זיפצט, זי קרעכצט, זי איז שוין פערטראכט —
אוי, א וועהטיג איז איהר!
זי זיפצט, זי קרעכצט, זי איז דאך פערטראכט —
אוי, א וועהטיג איז איהר!...

דאס ליעדעל האט זי דעמאלט געזונגען, נאר זי האט דאס ניט פערשטאנען; אצינד פערשטעהט זי דאס יא, אפילו נישט איינ־

גאַנצען, דאָך פערשטעהט זי דאָס, זי פיהלט עס. זי פיהלט, אַז עס ציהט זי עפּיס אַהין, אין דרויסען אַרויס, אויף דער פרייער לופט. זי פיהלט, אַז ס'איז איהר דאָ ענג, הייס און נמאס, נמאס!... רחל'ע דערמאָנט זיך נאָך אַ ליעדעל פון יענע ליעדלעך, וואָס זי פלעגט זינגען מיידעלווייז, זומער־לעבען, אין דרויסען ביי דער טיר.

ביי'ם ברעג וואַסער טהו איך שטעהן,
און קאָן צו דיר ניט קומען;
אוי, פון ווייטענס רופסט דו מיך —
איך קאָן אָבער נישט שווימען!
אוי, פון ווייטענס רופסט דו מיך —
איך קאָן צו דיר ניט שווימען!...

„פון ווייטענס?" — ער איז דאָך שוין גאָר נאָהענט! אָט איז ער, סטעמפּעניו, מיט זיין פיעדעלע, מיט זיינע לאַנגע האָר, מיט זיינע שוואַרצע, ברענענדיגע פייערדיגע אויגען, וואָס קוקען אויף איהר תמיד און וואַרעמען זי מיט זייער גלאַנץ, מיט זייער פייער. און עס ווילט זיך איהר אין דער מינוט אייביג שטעהן נאָהענט נעבען איהם, שטעהן און אייביג הערען זיין שפּיעלען, און אייביג זעהן זיינע שענע אויגען... נאָר איין זאַך קאָן רחל'ע נישט פערשטעהן: ווי קומט ער אַהער, סטעמפּעניו, אים האַלבע נאַכט, מיט זיין פיעדעלע?

ווי אַרום קומט אַהער סטעמפּעניו מיט די מחותנים? — אָט דאָס האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט פערשטעהן, וויפיעל זי האָט זיך ניט געבראָכען דעם מוח. רחל'ע האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגיץ אויף דער שוהלגאַס איז היינט געווען אַ חופּה. ווי זשע קומען אַהער די מחותנים? ערשט דערמאָלט האָט זי פערשטאַנען דעם סוד, אַז זי האָט דערזעהען שוין גאָר נאָהענט, טאַקי כמעט נעבען זייער שטוב, די כלי־זמר מיט די מחותנים. ערשט דערמאָלט האָט זי געטראָפען דאָס רעטעניש, אַז זי האָט דערזעהען, ווי סטעמ־

פעניו האָט זיך פונקט נעבען זייער שטוב, גראָדע אַקעגען איהר פענסטער, אָפּגעשטעלט און האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען נאָך מיט מעהר פרישקייט, מיט מעהר חשק. ערשט דעמאָלט האָט רחל'ע פערשטאַנען, וואָס סטעמפּעניו האָט דאָ אויפגעטהאָן: ער האָט גע־שלעפּט מיט זיך די גאַנצע חברה, אַלע מחותנים מיט'ן גאַנצען עולם, פון דער צעהנטער גאַס אהער, פארביי זייער שטוב, און צוליעב וועמען? — לכתחילה איז דאָס איהר אַפילו געווען זעהר אַנגענעהם, און דאָס האַרץ האָט זיך איהר אַזוי געפריידט, אַז עס איז שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען פון דער ברוסט. און נישט ווילענדיג, האָט זיך רחל'ע צעלאַכט צו זיך אַליין מיט אַזאַ פריילּיך געלעכטער, אַז זי האָט זיך איבערגעשראָקען פאַר איהר קול, האָט אַ קוק געטהאָן אויף זיך, ווי זי שטעהט דאָ האַלב־נאַקעט, מיט'ן האַלז אין דרויסען, מיט די אייגענע האָר, — און איז געשווינד אָפּגעשפּרונגען פונ'ם פענסטער, אין דער גיך עס צוגעמאַכט, און האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין בעט אַריין.

„וועה איז מיר, וואונד איז מיר! — האָט זיך רחל'ע גע־טראַכט. — צו וואָס מ'קאָן קומען, אַז מע בעקלערט זיך נישט פריהער, וואו מ'איז אין דער וועלט! שטעלען זיך אין מיטען נאַכט אַ נאַקעטע אין פענסטער פאַר אַזאַ־נ־עולם מאַנסבילען; אין זינען האָבען אַזעלכע פּוסטע נאַרישע זאַכען, אַרומגעהן מיט אַזעלכע מיאוס'ע מחשבות וועגען אַ סטעמפּעניו... און סטעמפּעניו — מע דאַרף זיין אַ בעלן פיהרען אַ גאַנצע עדה אידען איבער צעהן גאַ־סען — צוליעב וואָס? צוליעב וועמען? מע דאַרף האָבען, פון דעסטוועגען, איין עזות אַזעלכעס צו טהון! פון וואַנען נעמט זיך עס ביי איהם אַזאַ...? איך מוז עס איהם פרעגען. מ'דאַרף זעהן, ס'זאָל האָבען אַמאָל אַ סוף. ער וויל מיך אומגליקליך מאַכען!... איין מאָל פאַר אַלע מאָל, מע דאַרף זיך מיט איהם אויסשמועסען, ווי זאָגט מען: „בעסער דער ערשטער רוגז"... ער דערצעהלט דיר אַ מעשה: „ליעב־שמיעב"! גאַנץ לייטיש, כלעבען... שבת־צו־נאַכטס, זאָגט ער, אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס, דאָרט וועט ער

מיר שוין קלאָר מאַכען אינגאַנצען זיין מיין... איך וואָלט שוין נעהרען, דעם ליעבער שבת־צו־נאַכטס זאָל שוין קומען גיכער, לאָם מיר שוין הערען וואָס און ווען? איך וועל געוויס ארויסגעהן, וואָס האָב איך מורא? פאַר וועמען? מורא דאַרף מען האָבען נאָר פאַר גאָט!... עס איז דיר נאָר איין אָנשיקעניש, איין אָפּגעטהאָנענע זאַך, און געננוג!... ניט אומזיסט דערצעהלט מען זיך אָן אזוי פיעל מעשיות... נאָר וואָס האָט ער צו מיר? צו מיינע יונגע יאָהרען?... און ווער איז שולדיג, ווען ניט איך אַליין? מע טאָר ניט ווייזען יענעם קיין וועג... משה־מענדעל זאָל אַצינד זיין, וואָלט איך איהם אַלסדינגג דערצעהלט. נאָר וואו איז ער? ער הערט מיך זעהר? וואָס געהט דאָס איהם אָן, וואָס איך מוטשע מיך, ווי איינער פאַר'ן טוידט?... אָך, מע דאַרף לייענען קריאת־שמע. נישט גוט, אז מע לייענט נישט קיין קריאת־שמע!"...

„לישועתך קויתי ד',
קויתי ד' לישועתך,
ד' לישועתך קויתי"...

רחל'ע בעהאַלט זיך טיעף־טיעף אין די קישענס אריין, דעקט זיך איבער שטאַרק מיט דער קאָלדרע, זי זאָל נישט הערען דאָס שפּיעלען פון די כלי־זמר, און לייענט קריאת־שמע אויף אַ קול: „לישועתך קויתי ד'"... נאָר דורכ'ן פענסטער גנבה'נען זיך אריין די זיסע געזאַנגען פון סטעמפּעניו'ס פיעדעלע, וואָס ווערען אַלע מינוט שטילער, זעלטענער און ווייטער. און רחל'ע לייענט קריאת־שמע:

„לישועתך קויתי ד',
קויתי ד' לישועתך,
ד' לישועתך קויתי"...

און סטעמפּעניו'ס פיעדעלע קוים־קוים וואָס עס הערט זיך שוין פון ווייטען, און די לעצטע קולות ווערען ווי פערשטאַרבען. און

רחל'עס אויגען ווערען ביסלעכווייז צוגעשלאָסען, און איהרע ליפען שעפּטשען נאָך, קוים־קוים וואָס מע הערט:

„לישועתך . . . . . . .
קויתי . . . . לישועתך
. . . . קויתי . . . ."

און רחל'ע ווערד אנשלאָפען.

* * *

רחל'ע ווערד אנשלאָפען, און עס חלומ'ט זיך איהר, אז סטעמ־פּעניו טהוט איהר אָן א בייטש קארעלען... אין איין זייט שטעהט דער שוועהר אין טלית־ותפילין, און פריידעל שלאָגט איהם, פּאַטשט איהם אויף וואָס די וועלט שטעהט... משה־מענדעל איז טוידט־שכור, פאָהרט רייטענדיג אויף א קאָטשערע, מאכט משוגענע העויות, און סטעמפּעניו טהוט איהר אָן א בייטש קארעלען... אין דער אנדערער זייט שטעהט חיה־עטעל, אָנגעטהאָן שבת'דיג, אויס־נעציערט, ווי א בת־מלכה, שמייכעלט אזוי פריינדליך, אזוי ליעב־ליך, און צינדט־אָן א סך ליכט.

„וואָס טהוסט דו, חיה־עטעל? — פרעגט זי רחל'ע. — למאי צינדסט דו אָן אזוי פיעל ליכט?"

„וואָס פאר א שאלה? — ענטפערט איהר חיה־עטעל מיט א געלעכטער. — עס איז דאָך ערב שבת: שוין צייט ליכט בענ־טשען!"...

רחל'ע קוקט אויף די ליכט, ווי העל זיי ברענען און זיי לייכטען, און סטעמפּעניו טהוט איהר אָן א בייטש קארעלען... ער שטעהט נעבען איהר אזוי נאָהענט, אז זי הערט, ווי ער אָטהעמט. ער שטעהט און קוקט איהר גלייך אין די אויגען אריין און ווארעמט זי מיט זיין קוקען אויף איהר. רחל'ע קוועלט, לאכט און זינגט, און סטעמפּעניו טהוט איהר אָן א בייטש קארעלען...

פלוצים ווערען די ליכט פערלאָשען. חיה־עטעל און אַלץ אַרום און אַרום ווערד פערשוואונדען. עס ווערד פינסטער־חושך און שטאַרק קאַלט, ווי אין אַ קעלער, ווי אין אַ קבר... דער ווינד בלאָזט און פייפט, און עס הערט זיך אַ געזאַנג, אַ טרויעריג געזאַנג: עס הערט זיך, ווי אַ פיעדעל שפּיעלט, שוין ווידער אַ בעקאַנט פיע־דעלע, סטעמפּעניו׳ס פיעדעלע. סטעמפּעניו אַליין איז שוין ניטאָ, נאָר זיין פיעדעלע לאָזט זיך הערען, אָבער אַזוי טרויעריג, אַזוי אומעטיג, ווי דער נוסח פון „נעילה“. און עס הערט זיך עפּיס, ווי עמיצער ווײנט, חליפעט. דאָס וויינט חיה־עטעל אויף איהרע יונגע יאָהרען, וואָס זענען איבערגעלאָפען, ווי אַ חלום, אויף איהר ליעבהאַרציגען בנימינ׳ען, וואָס ער האָט זי פערביטען אויף איין אַנדערע, פערגעסען חיה־עטל׳ען, פערגעסען...

„אוי, מאַמעניו!“ — שרייט־אויס רחל׳ע און חאַפּט זיך אויף, קעהרט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, ווערד אַנשלאָפען און זעהט ווידער אַלערליי חלומות. אַ גאַנצע נאַכט פּלאָנטעט זיך איהר, און עס דאַכט זיך איהר, אַז זי פיהלט, ווי סטעמפּעניו שטעהט נעבען איהר און טהוט איהר אָן אַ בייטש קאַרעלען... נאָכדעם קומט ווידער חיה־עטעל מיט שוואַרצע ליכט, וויינט, טרויערט, לייענט אויף אַ קול תחינות פון מענה־לשון: „אַלמעכטיגער פאָטער אין הימעל, דו שטאַרקער גאָט! הערר איבער אַלע הערדען, דו מלך איבער אַלע מלכים, וואָס פון אייביג ביז אייביג ביזט דו נאָר גאָט! צו דיר זאָל קומען און פון דיר זאָל בעווילינגט ווערען אונזער הייס געבעט. דו זאָלסט פערנעמען די תפלות פון די ריינע נשמות, וואָס טהוען שטעהן פאַר דיין כסא־הכבוד און בעטען רחמים פון פאַר דיר פאַר אונז, און פאַר די לעבעדיגע, וואָס אויף דער ערדה, וואָס זענען פול מיט זינד, ווי אַ מילגראָם, און די אָבות אבותינו...“

חיה־עטעל זאָגט די תחינות הויך. זי וויינט, זי יאָמערט, זי קלאָגט — און ווערד פערשוואונדען.

---

## XXII

## עס צינדט זיך אָן אַ פייער.

אין דער שטאָדט מאָזעפעווקע איז דאָ אַ מאָנאַסטיר, וואָס איז געבויט, ווי מע דערצעהלט, נאָך פון מאַזעפע'ן. אַ הויכע, אַ ווייסע געמויערטע וואַנד רינגעלט אַרום דעם מאָנאַסטיר פון אַלע פיער זייטען און פערנעמט דריי חלקים פון דער שטאָדט. אין איהר, אין דער וואַנד, פון איין זייט געפינען זיך די געוועלבען (די גרעס־טע קלייטען), פון דער אַנדערער זייט — טיעפע קעלערס, וואו עס איז אַמאָל געווען בעהאַלטען, ווי מע זאָגט, דאָס גאַנצע געוועהר (כלי־זין) פון די היידאַמאַקעס, און אַצינד לעגט מען דאָרט אָפּ עפּעל און אַנדערע מינים סחורות. די דריטע וואַנד איז בעוואַכסען מיט דערנער און בעשיצט מיט די הויכע טאָפּאָלים און אַנדערע בוימער, וואָס געפינען זיך פון יענער זייט וואַנד אינ'ם גרויסען מאָנאַסטירסקען גאָרטען. די פיערטע וואַנד איז הויל און גלאַט, אין פיעל ערטער אָפּגעקאַלופּעט און אָפּגעפּאַלען די לעהם מיט די ציגעל, אַזוי אַז עס בעט זיך פעררעכטען שוין לאַנגע יאָהרען. אַקעגען געפינען זיך הייזער מיט הייזעלעך, הויפען מיט הויפעלעך, אידישע און גויישע, און די שמאָלע גאַס, וואָס איז צווישען דער הוילער מאָנאַסטירסקער וואַנד און צווישען די הייזלעך, ווערד אָנ־גערופען די מאָנאַסטירסקע גאַס.

דאָרט, אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס, אין ווינקעל, וואו עס הויבען זיך אָן די בוימער, איז פאָרגעקומען דאָס ערשטע זעהעניש פון אונזערע ליעבענדע — רחל'ע און סטעמפעניו.

די לעזער, וואָס זענען געוואָהנט געוואָרען צו די „העכסט־איני־טערעסאַנטע ראָמאַנען", האָבען נעבאָך געוווּג אָנגעליטען זיך ביז אַהער פונ'ם ראָזיגען ראָמאַן, וואָס ס'איז נישטאָ אין איהם קיין שום ריהרענדיגע סצענעס און טרעפּעגישען. קיינער שיסט זיך

ניט, קיינער סמ׳ט זיך ניט. מע בענגענט זיך ניט מיט קיין גראַפּעז און מיט מאַרקיזען. מע זעהט זיך אַלץ מיט פּראָסטע מענשלעך, מיט כלי־זמר גאָר און מיט געוועהנליכע אידישע ווייב־לעך. די דאָזיגע לעזער קוקען שוין אודאי ארוים אויף דעם שבת־צו־נאַכטס; זיי ווארטען אויף אַ ציקאַווע־פּיקאַנטע סצענע אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס... איך מוז אָבער פאָראויס זאָגען, אַז זייער אַרויסקוקען איז אומזיסט: קיין שום ציקאַווע־פּיקאַנטע סצענעס וועט דאָ נישט זיין, וואָרום אונזער רחל׳ע איז געקומען אַהער נישט חלילה ווי אַ בעל־עבירה׳ניצע, נישט ווי איין אויסגע־לאַסענע וואָס לויפט זיך קושען אין דער פינסטער מיט איהר ליעבענדען... חס ושלום! רחל׳ע האָט נאָר געוואָלט פרעגען ביי איהם, ווי אַזוי האָט ער, סטעמפּעניו כלי־זמר, געהאַט אַ העזה, אַזאַ עזות, צו שרייבען איהר רב אייזיק־נפתלי׳ס שנור, משה־מענדעל׳ס ווייב, אַ בריוועל, און נאָך אַזאַ בריוועל?!...

„איך ׳מוז דאָס איהם פירהאַלטען! — האָט זי געטראַכט. — איך מוז דאָס איהם זאָגען איין מאָל פאַר אַלע מאָל! ווי זאָגט מען: „עס איז בעסער דער ערשטער רוגז“...

דער דאָזיגער געדאַנק איז איהר ניט געקומען פּלוצים. רחל׳ע האָט געהאַט צייט אַ גאַנצע וואָך, און נאָך מעהר — דעם גאַנצען טאָג שבת. אויף צו קלערען וועגען דעם, און אוי־וועה, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אינ׳ם דאָזיגען איינעם טאָג! וואָס פאַר אַ שרעק־ליכע מלחמה האָט זי אויסגעהאַלטען מיט׳ן יצר־הרע... ניין, דאָס וואָרט „יצר־הרע“ פּאַסט לחלוטין נישט אַהער: ווי קומט דאָס צו איהר, צו אַזאַ אידיש ווייבעל, צו אַזאַ עהרליך ווייבעל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלעזען קיין ראָמאַנען און האָט נישט געוואוסט פון קיין ליעבעס, חוץ די מעשה מיט איהר חבר׳טע חיה־עטעל, עליה השלום, וואָס מיר האָבען וועגען איהר אויבען געשמועסט, — ווי קומט דאָס צו איהר יצר־הרע, ליעבע? — נאַרישקייטען! זי זאָל חאָטש זיין אַ מיידעל, איז עפּיס אַנדערש. פאַרט, ווי זאָגט מען, אַ פריי פויגעלע, נישט צוגעדעקט דעם קאָפּ, אַ מענשעל פאַר זיך.

אַבער אַ ווייבעל, און אַ פרום ווייבעל פון שענעם גראַד, פון הויכע יחוס! זי איז געווען אויף זיך אַליין להרוג ולאבד, פלאַם־פייער, און האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. אָט האָט זי זיך צו־געלעגט ביי זיך אויפ׳ן בעט, אָט האָט דאָס זי אויפגעטראָגן, ווי איינעם, וואָס ליגט אויף אַ היציגער שלאַפקייט. עס ווערד איהם „מלאַסנע“ אויפ׳ן האַרצען און עס נודעט איהם אַרוים די נשמה, — ער וואָלט נאָר געלאָפען אין דער וועלט אריין... רחל׳ע האַפּט זיך אויף און נעמט זיך גאָר צום טייטש־חומש. זי עפענט־אויף די סדרה „וישלח“, און — מערקווירדיג! איהרע אויגען שטעלען זיך אָפּ אויפ׳ן פסוק: „ו ת צ א ד י נ ה ב ת ל א ה, איז דינה די טאָכטער פון לאה אַרויסגעגאַנגען זעהן די טעכטער פונ׳ם לאַנד, האָט זי שכם דער זוהן פון חמור גענומען מיט גוואַלד. ו ת ד ב ק נ פ ש ו ב ד י נ ה, און שכם האָט זיך בעהעפּט אין דינה. דער בחיי שרייבט: שכם האָט איהר איינגערעדט...“

אַזוי האָט רחל׳ע אַריינגעקוקט אין איהר טייטש־חומש, וואָס די שוויעגער האָט איהר געשענקט נאָך בשעת זי איז געווען אַ כלה, און ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבען צו פערגעסען, אַז זי זיצט איבער׳ן טייטש־חומש, און איהרע געדאַנקען האָבען זי פערטראָגען אַהין, צו סטעמפעניו׳ן, אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס, אונטער די בוימער, וואו ער האָט איהר צוגעזאָגט וואַרטען — און ער וועט אודאי דאָרטען וואַרטען... נאָר קוים איז סטעמפעניו געקומען איהר אויף דער מחשבה, אַזוי האָט עס זי געצויגען צו איהם, ווי אַ מאַגניט, און זי האָט נישט פערשטאַנען וואָס דאָס איז.

„איך וואָלט איהם נאָר געוואָלט פרעגען, וואָס האָט ער צו מיר און וואָס וויל ער פון מיין לעבען האָבען?“...

און דאָ דערמאַנט זיך רחל׳ע אין איהר חבר׳טע חיה־עטעל, עליה השלום, ווי זי האָט נעבאָך געליטען איבער איהר בנימינ׳ען... נאָר חיה־עטעל איז אָבער געווען בנימינ׳ס איין איינענע און איז געווען אַ מיידעל; אָבער זי, רחל׳ע, איז דאָך איין „אשת־איש“ (אוי־אוי, וואָס פאַר אַ האַרב וואָרט דאָס איז פאַר אַ אידישער

טאַכטער !). און ער — ווער איז ער? אַ כלי־זמר ! וואָס קערט ער זיך מיט איהר אָן? וואָס פאַר אַ שמעלקע איז ער מיט איהר, וואָס ער שרייבט צו איהר בריוולעך? אַ פּאַטעפּאַלנאַסט פון אַ כלי־זמר'וק, אַ העזה אַביסעל פון אַ יונגאַטש !

„די וועלט זאָל זיך קעהרען — האָט זי ביי זיך אָפּגע'פּסק'עט — די וועלט זאָל זיך קעהרען, מוז איך דאָס איהם זאָגען ! וואָס האָב איך מורא פאַר איהם? איך וועל זיך זעהן מיט איהם, איך וועל דאַרטען זיין. נישקשה, קיינער וועט מיך נישט זעהן. איך וועל זיך אַרויסחאַפּען אויף אַ מינוט, ס'איז נישט ווייט, אָט באַלד אָט דאָ אַקעגען"...

און רחל'ע קוקט דורך דעם אָפענעם פענסטער אויף דער מאַנאַסטירסקער גאַס אַרויס און זעהט די בוימער, די הויכע טאָפּאָלים, ווי זיי שטעהען שטאָלץ, און זי הערט די פוינעל, ווי שען זיי זינגען פונ'ם גאָרטען אַרויס. און איהרע מחשבות טראָגען זיך אינגאַנצען איבער אַהין, וואו שפּעטער מיט אַ שעה, אָדער נאָך ווינציגער, וועט זי זיך זעהן מיט איהם און וועט רעדען מיט איהם אויג אויף אויג. און זי פיהלט, ווי דאָס האַרץ הויבט איהר אָן צו קלאַפּען און צו צאַפּלען, און (דעם אמת, דעם אמת מוז מען זאָגען !) עס איז איהר גרויס די מינוטען — זי וואָלט שוין געהרען, עס זאָל שוין זיין נאַכט. דער שוועהר מיט'ן מאַן וועלען קומען פון שוהל און וועלען אָפּמאַכען הבדלה, די שוויעגער וועט זיך נעמען איבערטהון און ליאַרעמען מכח דעם סאַמאָוואַר און מכח דעם באָרשט צו דער מלוה־מלכה — און אָט דעמאָלט וועט זי חאַפּען אויף זיך די שאַל און אַרויסגעהן פּאַמעליך, אויף דער טיר, אַביסעל אויף דער גאַס, אַזוי, מעשה שפּאַציער, — ווער וועט זיך דאָס אַרומקוקען אויף איהר? ביז זי וועט קומען אַהין, וואו... אָך, עס ציטערט אויף איהר דאָס לייב, די בעקלעך פלאַמען איהר, און דאָס האַרץ — אוי, דאָס האַרץ ! עס פאַלט איהר אָקערשט נישט אַרויס, און וואָס ווייטער ציהט דאָס זי אַלץ מעהר אַהין, אַזוי, אַז זי האָט שוין מעהר קיין זאַך נישט אין זינען. זי זעהט פאַר זיך קיין זאַך נישט, נאָר די בוימער פונ'ם

מאַנאַסטירסקען גאַרטען, נאָר סטעמפעניו'ן מיט זיינע פלאַם־פייער־דיגע אויגען. זי הערט קיין זאַך נישט, א חוץ דאָס שענע זינגען פון די פויגעל, וואָס דאָרט אין גאַרטען, און דאָס געטליכע שפּיע־לען — סטעמפעניו'ס. אין דער מינוט איז רחל'ע איינגאַנצען איבער־געגעבען צו איין געדאַנק — אהין, צו סטעמפעניו'ן, מיט סטעמ־פעניו'ן, און קיין זאַך אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד זי איינצוהאַלטען אין דער דאָזיגער צייט...

---

## XXIII.

### דאָס פייער ברענט און ווערד באַלד פערלאָשען.

און סטעמפעניו, קוים איז געוואָרען נאַכט, אַזוי האָט ער די חברה כלי־זמר ארויסגע'משלח'ט אויף א „זמירות",* האָט קלאָמ־פערשט גענומען דאָס פיערעלע אונטער'ן אָרעם, בכדי פריידעל זאָל מיינען, אַז ער איז אויך אויף דער חתונה. נאָר ארויסגעגאַנגען פון שטוב, האָט ער דאָס פיעדעלע איבערגעגעבען מעכטשי'ן, און אַליין האָט עס איהם אוועקגעטראָגען אין דער מאַנאַסטירסקער גאַס אריין, און ארומגעגאַנגען הין און צוריק אונטער דעם שאָטען פון די בוי־מער. האָט ער זיך אַלע מינוט אָפּגעשטעלט, געקוקט אהין, פון וואַ־נען עס האָט בעדאַרפט אָנקומען רחל'ע די שענע. אַז זי וועט זיין — דאָס איז פאַר איהם קיין ספק ניט געוועזן. דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט, אַז יאָ. ער האָט עס גוט ארויסגעזעהן נאָך איהרע

---

* דעם שבת־צו־נאַכטס, וואָס פאַר דער חופה, קלויבען זיך צענויף מיידלעך צו דער כלה טאַנצען — און דאָס הייסט „זמירות"; אין אַנדערע ערטער הייסט עס גלאַט „שבת־צו־נאַכטס".

אויגען דעמאָלט, אַז זיי האָבען זיך געזעהן ביי פריידל'ען בעת מעסטען די קאָרעלען.

און סטעמפעניו האָט נישט געהאַט קיין טעות: עס איז ניט אוועקגעגאַנגען קיין פופצעהן מינוט, האָט ער דערזעהען פון יענער זייט גאַס שוועבט איינע מיט אַ ווייס טיכעל אויף'ן קאָפּ. זי געהט געשווינד און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטען. דאָס ווייסע טיכעל איז איהר אָנגערוקט ביז כמעט איבער די אויגען, און עס ציטערען איהר די הענד, די ציהען אין מויל, דאָס הארץ אין דער ברוסט און דאָס גאַנצע לייב. זי קוקט זיך גוט איין, זי בלייבט שטעהן, זי דערזעהט סטעמפעניו'ן און טהוט זיך אַ לאָז צו איהם מיט די ווערטער:

— מיט וואָס פאַר אַ העזה, פרעג איך אייך...

— זאָג מיר ניט „איהר", רחל'ע, זאָג מיר „דו"... — האָט איהר סטעמפעניו געענטפערט און האָט זי אָנגענומען ביי ביידע הענד און האָט איהר אריינגעקוקט גלייך אין די אויגען אריין. רחל'ע האָט דערזעהן אין זיינע אויגען פונקט דעם זעלבען גלאַנץ פון די שטערען, וואָס האָבען אַראָפּגעקוקט אין דער דאָזיגער שענער זו־מער־נאַכט פונ'ם טונקעל־בלויען הימעל... אַלע מאַזעפּעווקער אידען האָבען אָפּגעמאַכט הבדלה און האָבען געזונגען, ווי דער שטייגער איז, די „אליהו'ס", געזיפצט און געטראַכט, געדאַרט דעם מוח אויף דער וויסטער פּרנסה, זיך געווינשעוועט דעם זכות פון יענעם חסיד, וואָס האָט געטראָפען דאָס גליק צו בעגעגענען זיך מיט אליהו הנביא און אָפּגעבען איהם שלום און אָפּנעמען ביי איהם שלום. די מאַזעפּעווקער ווייבער וואַרפען־אַראָפּ די שלייערס פונ'ם קאָפּ, טהוען־אויס די שבת'דיגע קליידער, די ציערונג, און נעמען זיך צו דער וואָכעדיגער אַרבייט. מיט איינעם וואָרט, מאַזעפּעווקע איז פערנומען אַרויסצובעגלייטען דעם ליעבען שבת־קודש — און קיינעם קומט גאָר ניט אויף די געדאַנקען, אַז אין דער צייט שטעהט רחל'ע דוואָסי־מלכה'ס שנור מיט סטעמפעניו דעם כלי־זמר אויף דער מאָ־נאַסטירסקער גאַס און האָבען צווישען זיך אַ שמועס מכח עפּיס

נאַרנישט קיין אידישע זאַכען... נאָר דער בלויער הימעל, די העלע שטערען, וואָס זוקען־אַראָפּ מיט זייער גלאַנץ, נאָר די הויכע מאַנאַס־טירסקע טאָפּאָלים, נאָר די נאַכט־פויגלען אינ'ם גרויסען מאַנאַס־טירסקען גאָרטען, וואָס רופען זיך איבער אויף זייער לשון, — נאָר זיי הערען און זעהן דאָס אַלץ צו; נאָר זיי וויסען, אַז אין דער דאָזיגער שענער צויבערליכער נאַכט, אונטער די מאַנאַסטירסקע בוימער, אויף דער גויישער גאַס, און אָט דאָ נעבען סטעמפעניו'ן, האָט זיך רחל'ע געפונען אין אַזאַ מין נייער לאַגע, אַז זי האָט זיך גאָר פערגעסען, ווער זי איז און וואָס זי איז. דאָ, אויף דער שענער פרעכטיגער נאַטור, האָט זיך רחל'ע נעפיהלט אַזוי, ווי נאָך קיינ־מאָל ניט אין איהר לעבען. דער פחד, וואָס איז אויף איהר געפאַ־לען בשעת זי איז אַהער געגאַנגען, האָט פּלוצים אָפּגעטראָטען פון איהר, און עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז עס זענען ביי איהר אויסגעוואַכסען פליגעל און זי איז פריי, ווי אַ פויגעלע, און קאָן פליהען, פליהען... סטעמפעניו האָט זיך צוגערוקט צו איהר נעהענ־טער און האָט אַנידערגעלעגט זיינע הענד ביי איהר אויף די אַכסלען. רחל'ע האָט אַ ציטער געטהאָן. זי האָט געוואָלט אָפּטרעטען פון איהם, נאָר זי האָט דאָס ניט געטהאָן. זי האָט נאָר אַ קוק געטהאָן אויף סטעמפעניו'ן, און פון איהרע ליבטיגע בלויע אויגען האָבען אַראָפּגערונען צוויי טרערען.

— וואָס וויינסט דו, רחל'ע? — האָט סטעמפעניו אַ פרעג גע־טהאָן, אָפּווישענדיג איהר די טרערען מיט זיינע הענד.

— אַך, סטעמפעניו, עס איז מיר אַזוי גוט אָט דאָ, נעבען... אייך... נעבען... דיר, סטעמפעניו! פאַר וואָס בין איך... פאַר וואָס בין איך ניט...

— מיינע, ווילסט דו זאָגען? ביזט מיינע, רחל'ע, ביזט מיינע!

— וואָס הייסט, איך בין דיינע, סטעמפעניו? ווי אַזוי קאָן דאָס זיין?

— דו ביזט מיינע, פאַרשטעהסט דו מיך, האַרץ מיינס, ווייל איך בין דיינער אויף תמיד, אויף אייביג, ביז׳ן פינסטערען גרוב, ביז׳ן קבר אריין בין איך דיינער, לעבען מיינס!

— בנימין האָט אויך אַזוי געזאָגט, האָט זיך געשוואָרען — און צום סוף...

— וואָסער בנימין? — האָט זי סטעמפּעניו פערוואונדערט אַ פרעג געטהאָן, געקוקט רחל׳ען אין די אויגען אריין, ווי מע קוקט אויף אַ קליין קינד, ווען עס זאָגט אַ ווילדע נאַרישקייט. — פון וואָס פאַר אַ בנימין רעדסט דו, נשמה מיינע?

— בנימין, חיה־עטעל׳ס געשוועסטער־קינד. מיין חבר׳טע חיה־עטעל די יתומה האָט געהאַט אַ געשוועסטער־קינד, וואָס האָט גע־הייסען בנימין, האָבען זיי אָפּגערעדט פון לאַנג, אַז זיי זאָלען זיך נעמען; ער האָט איהר צוגעזאָגט, געשוואָרען ביי זיינע הייליגע נאמנות — און צום סוף... אַך, האָט זי געהאַט אַ מיאוס׳ען סוף, חיה־עטעל נעבאך, זי איז שוין לאַנג געשטאָרבען, עליה־השלום, לאָז זי מיר מוחל זיין... נאָר בנימין איז ביי איהר געווען דאָס חיות, זי איז אויסגעגאַנגען נאָך זיינע טריט. זי האָט דאָס מיר אַליין דער־צעהלט... זי שטעהט מיר פאַר די אויגען, און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אָט זיצט זי ביי׳ם פענסטער, איך זינג איהר ליעדלעך, און זי וויינט און זאָגט אַלץ: „אַי, גלויב זיי ניט, מע טאָר זיי ניט גלויבען, די מאַנסבילען!“...

רחל׳ע דערצעהלט פון איהר חבר׳טע חיה־עטעל די יתומה, און סטעמפּעניו קושט רחל׳ען די הענד, גלעט זי, האַלזט זי, קוקט איהר אין די אויגען אריין — און רחל׳ע דערצעהלט אַלץ פון חיה־עטל׳ען, ווי אַזוי זי איז שטילערהייד אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט, נאָך איהר ליעבען טייערען בנימינ׳ען...

חיה־עטעל איז שוין געווען פון עטליכע יאָהר טוידט, נאָר רחל׳ע האָט זי גוט געדענקט. חיה־עטעל איז איהר אָפטמאָל גע־קומען צו חלום. אַצינד האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז חיה־עטעל שטעהט פון יענער זייט וואַנד, אַנגעטהאָן אין תכריכים, און קוקט־

אריבער אהער און ווינקט צו איהר, אנווייזענדיג איהר אויף סטעמ־פעניו'ן און שאקלענדיג מיט'ן קאפּ, ווי איינער רעדט: „וואס טהוסט דו דא?“...

— צו וואס טויג עס דיר, רחל'ע מיין לעבען, צו וואס טויג דיר רעדען, דערמאנען אזעלכע זאכען, און נאך אקעגען נאכט? טהו בעסער א קוק אויף מיר מיט דיינע שענע ליכטיגע אויגען, וואס לייכטען און בלישטשען, ווי צוויי שענע בריליאנ...

סטעמפעניו האט נאך ניט אויסגערעדט דאס לעצטע ווארט, האט זיך רחל'ע ארויסגעריסען פון זיינע הענד מיט אזא שטאר־קייט, אז סטעמפעניו האט זיך איבערגעשראקען פאר איהר.

— גאט איז מיט דיר, רחל'ע, וואס איז דיר אזוינס געשעהן?

ער האט זי געוואלט האפּען ווידער א מאל, נאר זי האט זיך ניט געלאזט. זי האט געציטערט און געשעפּטשעט: „דו זעהסט? אן איז זי!... אן שטעהט זי!... אן קוקט זי אהער, אהער“...

— ווער שטעהט? וואו שטעהט? וואס רעדסט דו דאס, רחל'ע? נשמה מי נע, קום צו מיר, נא דיר א האנד...

— אי! לאז מיך, לאז מיך, סטעמפעניו, לאזט מיך! איהר זעהט, אן שטעהט עפּיס א ווייס? אך, ס'איז זי, ס'איז חיה־עטעל! חיה־עטעל!... אוי, לאזט מיך, לאזט מיך!... מיט וואס פאר א העזה פרעגט איך אייך... א גוטע נאכט! א גוטע...

און רחל'ע איז פערשוואונדען געווארען אינ'ם שאטען פון די בוימער. סטעמפעניו האט נאר געקאנט זעהן, ווי צוויי עקען פון דער ווייסער שאל, וואס האבען זיך צעלאזט פונ'ם ווינד, האבען אויסגעוויזען, ווי צוויי ווייסע פליגעל. אט אזוי ווערד אנטרונגען א גוטער מלאך, אט אזוי ווערד פערשוואונדען א גוטער חלום...

א, אידישע טאכטער! אט דא האסט דו זיך בעוויזען מיט דיין עהרליכקייט, מיט אינגאנצען דיין ריינקייט. א, אידישע פרוי! אט דא האסט דו זיך בעוויזען מיט דיין גאנצער געטריישאפט, מיט דיין גאנצער איבערגעבענהייט!...

---

געקומען אהיים, האָט רחל׳ע געוואָלט פאַר אַלע אויסזאָגען, אויסשרייען, וואו זי איז געווען און מיט וועמען זי האָט זיך גע־זעהן. נאָר זי האָט געטראָפען דאָס גאַנצע הויזגעזינד זיצען ארום טיש מיט נאָך עטליכע געסט ביי א גרויסען סאַמאָוואר, פערטיעפט אין א וויכטיגען שמועס פון געשעפט, ווי דער שטייגער איז שבת־צו־נאַכטס ביי אידען צענויפקלויבען זיך ערגיץ, און נאָך דעם גאַנ־צען מעת־לעת, וואָס מע האָט גערוהט, שמועסען אביסעל וועגען מסחר, וועגען מאַרגענדיגען יריד, און גלאַט אזוי וועגען וועלט־זאכען.

— איך וועל זיך ניט „טאשען".* — האָט געזאָגט א גראָב אידעל, א שניט־קרעמער. — לאָז דאָס געהן אין דער ערד אריין! איך בין קלאָר אין די ירידים גאַנץ געוווג! נאָר גריזאָטע מיט הארצ־וועהטיג קאָן מען פון אזעלכע ירידים האָבען!

— פאַר וואָס? — רופט זיך אָן דוואָסי־מלכה, האַלטענדיג די הענד צענויפגעלעגט אונטער׳ן הארצען. — איך וויים ניט פאַר וואָס, רב יודעל, איהר זענט אזוי ברוגז אויפ׳ן יריד? פאַראַכטאָגען האָב איך ביי אייך געזעהן, קיין עין־הרע, א שפע, אויף אַלע אידען גע־זאָגט געוואָרען! איהר האָט, דאכט זיך, א גאַנצען טאָג געלייזט געלט?

— ביי דיר הייסט אַלסדינג געלייזט געלט! — האָט זיך אָפּ־גערופען אייזיק־נפתלי, נישט קוקענדיג אויפ׳ן ווייב און וואַרפענ־דיג אויף ביינדלעך פון די „שטשאָטעס".

— און איך וואָלט זיך געוואונשען ניט קיין ערגערען יריד, ווי פאַראַכטאָגען זונטאָג. — האָט זיך אָנגערופען משה־מענדעל, געקוקט אין די חשבונות אריין. — וואָס דאַרף מען דאָ לייקענען, פאַר־שטעה איך ניט?

---

* „טאשען" הייסט אויף קרעמער־לשון — זיך שטעלען אויפ׳ן יריד מיט א קראָם.

— אָט דאָס איז טאַקי די מעשה, — זאָגט יודעל — אז איהר ווילט ניט גלויבען יענעם. ביי איך, אז מע דערזעהט צעהן ערלים געהען זיך צענויף און מע צעטראַגט מיר שיער די קראָם, הייסט דאָס שוין געלייזט געלט, און מע פארגינט שוין נישט.

— ווייסט איהר וואָס, רב יודעל? — רופט זיך אָן א יונגער־מאַן, א קאַסאָקער אויףביידע אויגען. — לאָמיר אוועקוואַרפען דעם יריד, עס איז נאָך דאָ מאָרגען א גוטער טאָג, און מע וועט זיך נאָך מיט איהם גוט אָנעסען; לאָמיר בעסער שמועסען פון עפּיס אנדערש.

און דער עולם הויבט אָן צו שמועסען וועגען וועלט־זאכען, וועגען אתרוגים, וועגען בית־המדרש־ענינים, געוועהנליך, אויך וועגען מלחמה. אלע רעדען, אלע רויכערען, דער סאַמאָוואַר זידט און פּאַ־רעט און די שטוב איז פול מיט רויך. אין אויווען הייצט זיך: עס קאָכט זיך א באָרשט מיט גענזענע פרייזדקעס צו דער מלוה־מלכה.

— וואו ביזט דו געוועזען, רחל'ע? — האָט זיך דוואָסי־מלכה גע־ווענדעט צו דער שנור.

— אָט דאָ... אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס...

— ווי אזוי איז אין דרויסען? שען? גאָט זאָל העלפען, עס זאָל האָטש האַלטען ביז נאָך אלע ירידים... וואָס איז דיר, טאָכטער, דער קאָפּ טהוט דיר וועה, וואָס דו ביזט אזוי בלייך? טאָמער וואָלסט דו זיך אביסעל צוגעלעגט ביי זיך אויפ'ן בעט?

ביי די ווערטער האָבען זיך אלע אומגעדרעהט און א קוק גע־טהאָן אויף רחל'עס בלייך פנים און האָבען אלע אין איין קול בע־שלאָסען, אז זי איז פערטשאַדעט געוואָרען פונ'ם סאַמאָוואַר. רחל'ע איז אוועקגעגאנגען צו זיך אין חדר אריין זיך צולעגען אויפ'ן בעט, און דאָ האָט דער עולם געמאַכט א שמועס וועגען טשאַד, וואָס א טשאַד, אזא קליינינקייט, א נאַלע גאָרניט, דאכט זיך, — וואָס, משטיינס געזאָגט? א רויך! — קאָן קוילען א מענשען אויף טויט. און איינער האָט דערצעהלט, אז ביי זיין זיידען עליו השלום איז אמאָל שיער דאָס גאַנצע הויזגעזינד פון דער וועלט נישט געגאַנגען

פון א טשאַד. דער אַנדערער האָט דערצעהלט נאָך א שענערע מעשה, ווי אַזוי ביי זיין פעטער האָט זיך דאָס גאַנצע הויזגעזינד שיער נע'סמ'ט פון א מין פיש, וואָס הייסט „מארינקע", אַזוי, אַז מע האָט זיי קוים מציל געווען פונ'ם טוידט. דער דריטער האָט דער־צעהלט אויך זעהר א שענע מעשה פון א לץ, פון א דאָמאָוויק, פון א עולם־התוהו'ניק... אַזוי לאַנג, ביז מען איז אַרויף אויף דעם טוידט.

— וואָס מע זאָל ניט רעדען, אויפ'ן טוידט מוז מען דאָך אַרויפ־קומען! — האָט זיך אָנגערופען איינער.

— אליהו הנביא, מע דאַרף א קוק טהון, אליהו התשבי, וואָס טהוט עפּיס מיין פלונית'טע? אליהו הגלעדי... — האָט זיך משה־מענדעל פלוצים שטיל א זאָג געטהאָן, צוגעזונגען די אליהו'ס פון שבת־צו־נאַכטס. ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש און איז גע־גאַנגען געוואָהר ווערען צו רחל'ען.

---

XXIV.

## רחל'ע קעהרט זיך אום אויפ'ן גלייכען וועג.

— גוואַלד, אידען, ראַטעוועט! — האָט דער עולם דערהערט א קול פונ'ם זייטיגען חדר, און אַלע האָבען זיך געלאָזט לויפען אַהין, אין חדר אריין, וואו רחל'ע איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן בעט, דעם קאָפּ פערוואָרפען אַרויף, און נעבען איהר איז געשטאַ־נען משה־מענדעל האַלב־טוידט.

— וואָס איז? ווער איז? גע'חלש'ט? וואַסער! גיכער!

— וואַסער! וואַסער! — האָבען אַלע אידען געשריגען און קיינער האָט זיך נישט גערירט פונ'ם אָרט.

— אוי, א מכה דער מאמען! — האט דוואסי־מלכה אויסגע־שריגען און האט געבראכט א קווארט וואסער, אנגענומען אין מויל אריין און בעשפריצט רחל׳ען דאס פנים, וואס איז געווען טוידט, ווי די וואנד.

— לאז מען רופען דעם דאקטאר! — האט משה־מענדעל גע־שריגען ניט מיט זיין קול.

— דעם דאקטאר! דעם דאקטאר! — האבען ווידער אלע אידען געשריגען, געקוקט איינער אויפ׳ן אנדערען.

— מע באדארף איהר בינדען די הענד מיט א פאטשיילע און קוועטשען די נאז!

— די נאז! די נאז! — האבען אלע אידען געשריגען און גע־שטאנען אויף איין ארט.

— אט אזוי, דוואסי־מלכה, שטארקער, שטארקער! — האבע־די געסט אונטערגעגעבען חשק דער בעל־הבית׳טע, וואס האט גע־ארבייט מיט אלע כלים: געריבען, געקוועטשט, געגאסען וואסער־געריסען די אויגען — אזוי לאנג, ביז מע האט די פער׳חלש׳טע רחל׳ע אפגעמינטערט און אויפגעזעצט. רחל׳ע האט זיך ארומגע־קוקט אויף אלע זייטען, ווי א פערשלאפענע, און האט געפרעגט: „וואו בין איך? עס איז מיר הייס, הייס!"...

— צעגעהט זיך אביסעל, עולם! צעגעהט זיך! — האט דוואַ־סי־מלכה געזאגט און האט משלח געווען דעם גאנצען עולם אין זאל אריין און איז אליין מיט משה־מענדל׳ען איבערגעבליבען נעבען רחל׳ען, וואס האט ניט אראפגעלאזט קיין אויג פון משה־מענדל׳ען.

— וואס איז דיר, טאכטער, געשעהן? — האט די שוויגער געפרעגט.

— וואס איז דיר, רחל׳ע? — האט זי משה־מענדעל געפרעגט, אנגעבויגען זיך שטארק איבער איהר קאפ.

— לאז די מאמע ארויסגעהן פון דאנען, — האט איהם רחל׳ע געענטפערט שטילערהייד.

— מאמע, נעה, זיי מוחל, ארויס פון דאנען, — האָט איהר משה־מענדעל געזאָגט. ער האָט בעגלייט די מוטער פונ'ם חדר און צוגעגאנגען צוריק צו רחל'עס בעט.

— זאָג מיר, וואָס איז דיר? — האָט זיך צו איהר משה־מענדעל געווענדט דאָס ערשטע מאָל מיט גרויס ליעבשאפט.

— אוי, משה־מענדעל, שווער מיר, אז דו וועסט קיינעם ניט זאָגען... שווער מיר, אז צווישען אונז וועט דאָס בלייבען... זאָג מיר צו, אז דו וועסט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב זיך אקעגען דיר... ווען ניט חיה־עטעל, עליה השלום, זאָל מיך דערמאנען... אך, ווען ניט חיה־עטעל... אך, משה־מענדעל, טייערער מיינער!

— באטראכט זיך, רחל'ע, וואָס דו זאָגסט. דו רעדסט פון היץ! וואָסער חיה־עטעל?

— מיינע א חבר'טע, חיה־עטעל, עליה השלום, חיה־עטעל די יתומה, זי איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט! זי איז מיר שוין עטליכע מאָל געקומען צו חלום. נאָר היינט, נאָר איצט... אך, משה־מענדעל, בויג זיך צו מיר צו נאָהענט, נאָהענט... אט אזוי... איך האָב מורא... איך האָב חרטה... אוי, איך האָב חרטה!

און רחל'ע האָט זיך וואָס ווייטער אלס נעהענטער צוגערוקט צו משה־מענדל'ען ביז זי איז איינגעטונקען געלעגען ביי איהם אויף די הענד. אין חדר איז געווען פינסטער. נאָר איין ליכטיגער פאַס האָט זיך אריינגעצויגען דורך דער טיר פון זאָל, און רחל'ע מיט משה־מענדל'ען האָבען קוים־קוים געקאָנט זעהן איינס דאָס אנדערע. זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט, און א פייערעל האָט זיך אין זיי אנגעצונדען, אָט דאָס פייערעל, וואָס איהר קאָנט זעהן נאָר ביי די גליקליכע געליעבטע צום ערשטען מאָל, ווען דאָס הארץ רעדט, נישט דאָס מויל, ווען מיט די אויגען שמועסט מען זיך דורך, ניט מיט'ן מויל.

— זאָג מיר, משה־מענדעל געטרייהער, בין איך טאקי ביי דיר אזוי טייער?

— א שאלה אביסעל? — ענטפערט איהר משה־מענדעל. — ביזט ביי מיר איינגעבאקען אין הארצען, ווי א... איך ווייס אליין ניט וואס...

אויף איין אנדער אופן האט משה־מענדעל ניט געקאנט ארויס־זאגען זיין ליעבע צו רחל'ען. נאר מע מעג איהם גלויבען, אז ער האט עס געמיינט מיט'ן גאנצען הארצען, אזוי ערנסט (און אפשר נאך ערנסטער), ווי דער פיינער בחור, וואס האט פיעל מעהר שטאף אויף ארויסצוגעבען זיינע געפיהלען דורך ווערטער.

נאר לאמיר זיי לאזען, דאס גליקליכע פארפאלק, אט דא אינ'ם האלב־פינסטערען חדר, וואו אין א יאהר ארום נאך דער חתונה האבען זיי דאס ערשטע מאל געהאט די געלעגענהייט אויסצורעדען זיך אביסעל דאס הארץ איינער פאר דעם אנדערען, זיצען ווי די טייבעלעך. דאס, וואס איז א גאנץ קיילעכיג יאהר געווען פער־בארגען טיעף אין הארצען, איז פלוצים ארויסגעשוואומען ארויף, ווי בוימעל אויפ'ן וואסער.

* * *

אבי רחל'ען איז געווארען אביסעל גרינגער, זיצט זיך משה־מענדעל נעבען איהר און זינגט זיך שטילערהייד, אונטער דער נאז, די „אליהו'ס", ווי פריהער:

— אליהו הנביא... אליהו התשבי... אליהו הגלעדי...

און רחל'ע רופט זיך אן צו איהם:

— איך האב צו דיר א בקשה, משה־מענדעל. זאג, איך וועל ביי דיר פועל'ען, צי ניין?

— דהיינו? וואסער א בקשה? זאג, רחל'ע, וועסט אלץ ביי מיר פועל'ען. אפילו דאס טעלערעל פונ'ם הימעל וועסט דו ביי מיר פועל'ען.

— גענוג שוין, משה־מענדעל, צו זיצען אויף קעסט. קיין בית־המדרש'ניק ביזט דו ניט. עטליכע קערבלעך האבען מיר, דאנקען

גאָט, — לאָמיר אַרויספאָהרען אין אַ גרויסער שטאָדט אַריין, קיין יעהופּעץ. דאָרטען, צווישען מיינע פריינד, מיין משפּחה, און מיט דיר — וועט מיר זיין גוט ווי די וועלט. מיר וועלען שוין זיין אליין. גענוג שוין עסען קעסט, כלעבען, ס׳איז מיר שוין אַזוי נמאס, אַזוי טריף, אַז סע געהט מיר ניט איין גאָרניט... מיר זענען דאָ צווישען דייניגע עפּים ווי פרעמדע, ווי ווילד־פרעמדע...

משה־מענדעל בלייבט זיצען און בעטראַכט אביסעל רחל׳ען פערוואונדערט. נאָכדעם צעשאָקעלט ער זיך, ווי פריהער, און זינגט זיך ווייטער די אליהו׳ס.

— אָך, זעהר פיין, איש זעף, פון מיינעטוועגען? אליהו הנביא... אפילו נאָך־שבת׳דיגע וואָך!

— אלסדינג פיהר איך ביי דיר אוים, משה־מענדעל, אַלס־דינג! — זאָגט צו איהם רחל׳ע מיט גרוים ליעבשאַפט. — איאַ? מיר וועלען זיך זיצען אליין, איך וועל מיר זיין אַ בעל־הבית׳טע און וועל דיך אָפּהיטען, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון׳ם אויג... אָך, משה־מענדעל, ביזט אַזאַ צעטראָגענער, אַז מע הערט פון דיר קיין־מאָל קיין גוט וואָרט! נאָר היינט ביזט דו עפּים גאָר אנדערש, גאָר אנדערש...

— אליהו הנביא... — זינגט משה־מענדעל שטילערהייד. — אליהו התשבי... אליהו הגלעדי...

און דאָרט, אין זאַל, צווישען די מאַנסבילען, געהט איין אנדער שמועס: דער עולם פּאַלט אויף פערשיעדענע המצאות, פאַר וואָס האָט דאָס אייזיק־נפתלי׳ס שנור פּלוצים געקאָנט חלש׳ען? איינער זאָגט, אַז דאָס איז פון אַ גוט אויג; דער אנדערער דרינגט פער־קעהרט, אַז ס׳איז אַ מין ווינטעל געחאַפּט; און דער דריטער, אַ בעטאָגטער איד, וואָס האָט שוין אויסגעגעבענע קינדער, זאָגט זיך זיין המצאה:

— פּאָלגט זשע מיך, איך האָב אליין דריי שניר, בין איך שוין קלאָר אין דעם ענין; איך זאָג אייך, ס׳איז „פּאָסטעוועקעס". איי־זיק־נפתלי, גרייט זיך אויף אַ לעקאַך־און־בראָנפען, אָדער אַ ברית...

דוואָסי־מלכה, מזל־טוב אייך! אייער שנור — נו־נו, מהכתיתי!... וואָס שעהמט איהר זיך דאָ אזוי, דוואָסי־מלכה? נישקשה, ס'איז אַ אידישע זאַך...

דוואָסי־מלכה שמעלצט זיך פון גרוים פערגעניגען; זי קוקט שוין לאַנג דערויף אַרוים.

— נו־נו! — זאָגט זי כלומרשט מיט אַ בייזער. — געהט שוין געהט מיט אייערע קאַטאָוועסלעך! מע דאַרף בעסער אַ קוק טהון, וואָס הערט זיך מיט'ן באָרשט? עפּיס געדוייערט ער היינט ביי איהר מעהר ווי אַלע שבת־צו־נאַכטס!...

---

## XXV.

## אין אַ יאָהר אַרום.

„אַ שטילע וועטשערע!" — זאָגט דער לעזער, אפּנים, שטאַרק ניט צופריעדען, מחמת ער איז דערצויגען געוואָרען אויף יענע „העכסט־אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען, וואו מע הענגט זיך און מע טרינקט זיך, וואו מע סמ'ט זיך און מע שיסט זיך, אָדער וואו פון אַ מלמד ווערד אַ גראַף, פון אַ דיענסטמיידעל — אַ בת־מלכה, און פון אַ בעהעלפער — אַ פּיפּערנאָטער... וואָס זאָל איך טהון, אַז ביי אונז איז נישטאָ קיין גראַפען מיט קיין בת־מלכה'ס? ביי אונז זענען פאַרהאַן פּראָסטע אידען, פּראָסטע ווייבלעך, אידישע טעכ־טער און אידישע כלי־זמר... נאָר צו וואָס טויג דאָס פערענטפערען זיך? אצינד מעג שוין דער לעזער זאָגען וואָס ער וויל; קוים האָב איך איהם שוין צוגעפיהרט ביז אהער, וועט ער שוין געהן מיט מיר ווייטער און וועט וועלען וויסען דעם סוף, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט רחל'ען? וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט סטעמ־פעניו'ן?

מיר לאָזען איבער אַ גאַנץ יאָהר (וואָס איז אַ יאָהר אין'ם מענ־שענ'ס לעבען?) און מיר קומען צו אייזיק־נפתלי'ן שבת־צו־נאַכטס

אויף מלוה־מלכה און טרעפען דאָרטען די אייגענע פּאַרשוינען, וואָס פאַר אַ יאָהרען, און הערען די זעלבע שמועסען, וואָס פאַר אַ יאָה־רען, נישט געמינערט אַ האָר. מע רעדט אַזוי לאַנג וועגען יריד, פרנסה, פדיון, קינדער, — ביז מע קומט אַרויף אויף משה־מענדל'ען מיט רחל'ען, וואָס זיצען איצט אין יעהופּעץ.

— ווייז נאָר אהער, דוואָסי־מלכה, דאָס בריוועל, וואָס די קינ־דער שרייבען פון יעהופּעץ? — רופט זיך אָן אייזיק־נפתלי צום ווייב. — נאַט, לייענט, רב יודעל.

— לאָז ער לייענען! — זאָגט יודעל, אַנווייזענדיג אויפ'ן קאַ־סאַקען יונגענמאַן.

דער קאַסאַקער נעמט דאָס בריוועל און לייענט עס, ווי אַ וואַ־סער:

„שלום וכל טוב סלה לאהובי אָבי החכם המפורסם המופלג מופלא מוהר"ר אייזיק־נפתלי ב"ר משה יוסף ז"ל, ולאמי הצנועה החסידה והמפורסמת אשת חיל כאסתר וכאביגיל כש"ת מרת דוואָ־סי־מלכה בת משה־מענדעל ז"ל, עם כל ב"ב שלום...

„כזוהר השמש בערפלי חושך בתכלת הרקיע, שם בעליונים בגבהי שחקים מבין מחרכי אור יקרות וקפאון לטוהר..."

— ניין! — שרייען אַלע. — ניין, ניט דאָס! דאָס איז גלאַט אַזוי, ווייס איך, מליצה, יונגעלשע זאַכען. זייערע נאַרישקייטען! לייענט ווייטער, אויף יענער זייט.

דער קאַסאַקער קעהרט־איבער דאָס בריוועל און לייענט:

„און אודות, וואָס דו פרעגסט מיך, אָבי היקר, איך זאָל דיר שרייבען מכח פרנסה והמסחרים דפה יעהופּעץ, בין איך דיר מודיע..."

— אַ, אָט דאָס מיינט דער פּסוק! — זאָגט דער עולם צופריע־דען. — לייענט, לייענט ווייטער!

„...בין איך דיר מודיע, אַז ביותר געהט דאָ אָן שניט־סחורה, גם צעלניק, רק צעלניק נישט אַזוי, כמו שניט־סחורה. גם באַקאַליע איז גם כן ניט שלעכט, נישט ערגער ווי אצליכם במאַזעפּעווקע.

וואָל־ציינ איז דאָ ביוקר, טאַקי מיט גאָלד גלייך. צוקער, קמח וקלייען איז דאָ גם כן אַ מסחר, עס געהט לזאגראַניצע, און אידען פערדיענען דערביי אַ שען קערבעל. הכלל, יעהופּעץ איז איין ארץ מבורכת, די שטאָדט גופא איז מורא׳דיג גרוים, ס׳איז כדאי זי אָנצוקוקען. עס איז כלל איין אנדער וועלט בפּה יעהופּעץ, איהר קאָנט בפּה בעגעגנען אזא אידען, וואָס איהר וועט אין לעבען ניט זאָגען, אז ס׳איז אַ איד. גם איז דאָ אַ מסחר פּאַפּיער. פּה איז אַלס־דינג אַ מסחר. און אידען דרעהן זיך דאָ אויף דער בערזע, קויפען און פערקויפען אַלערליי אקציעס, און מעקלערס פערדינען געלד לרוב. גם זוגתי מרת רחל׳ע לאָזט אייך אַלעמען גריסען גאָר פריינד־ליך. זי שרייבט אייך בעצמה. יעזור השי״ת, מיר זאָלען הערען פון אייך גם כן בשורות טובות — אָמן. גם אודיעכם, אז הקליים, וואָס איך האָב געדונגען, איז אין סאַמע פראָנט באַלעכסנדראָווסקי אולי־צא, און הפּדיון איז, ברוך השם, גאָר ניט שלעכט. זוגתי מרת רחל׳ע שתחיה האָט זיך שוין אויסגעלערענט די מלאכה און קאָן שוין רעדען עם הקונה. רק על ירידים איינקויפען פאָהר איך בעצמי, איך האָב קרעדיט אצל הסוחרים במאָסקווע ובלאָדז. מיט מאָסקווע איז ניט שלעכט צו האַנדלען, מאָסקווע פערקויפט על סאָוועסט און האָט ליעב אַ אידישען קונה. אפילו אז עס מאַכט זיך איין אָנ־זעץ, האַלט מאָסקווע אונטער און לאָזט ניט פאַלען. דירות איז פּה ביוקר גדול. פּאָר צוויי אַלקערס מיט אַ קיך צאָהל איך דאָ הונדערט פינף און זיעבעציג רובעל אַ משך, חוץ האָלץ און וואַסער, און דאָ איז אַלסדינג טייער מיט גאָלד גלייך. און צום מיינסטענס פערנעמען זיך דאָ אידען מיט מעקלעריי און אידישע מעקלערס זענען בפּה פאַרהאַן לרוב. און אַ איד האָט דערפון אַ קערבעל בכבוד. הכלל, יעהופּעץ איז אַ מקום פרנסה. געב גאָט געזונד און שטאַר־קייט און צו הערען דאָס נעמליכע פון אייך, ווי עס ווינשט אייך

ממני בנכם דורש שלומכם והצלחתכם כל הימים משה־מענדעל בלא״א מוהר״ר אייזיק־נפתלי ממאַזעפּעווקע.

גריסען לדודי היקר ולדודתי היקרה עכב״ב.

גריסען להנגיד ר׳ יודעל עכב"ב.
גריסען להנגיד ר׳ שמחה הערש עכב"ב.
גריסען להנגיד ר׳ דובער עכב"ב.
גריסען להנגידה מרת סטיסי־ביילע עכב"ב.
גם בני יוסף נ"י גריסט אייך אלעמען גאר פריינדליך.

הנ"ל".

„אויך איך לאז גריסען מיין האכגעשעצטען שוועהר און מיי־נער ליעבער שוויעגער, לעבט וואהל! איך מעלד אייך פון מיין געזונט, געב גאט אויף ווייטער ניט ערגער. אויך מיין יוסעלע לאזט אייך גריסען און דאנקט דער שוויעגער לעבען פאר'ן העמדעל פיעל מאל. ער זאגט אייך צו דערפאר, אז גאט וועט שענקען דאס לעבען און ער וועט, אם ירצה השם, אין דריי־פיער יאהר ארום אנהויבען צו געהן אין חדר, וועט ער, אם ירצה השם, לערנען מיט חשק און וועט זיין, אם ירצה השם, איין עהרליכער איד, געב גאט מיט לאנגע יאהר, אמן. שוויעגער לעבען, אויב איהר קאנט אצינד אויסארבייטען פון יוסעלע'ס וועגען א יארמעלקעלע מיט א פאר שי־בעלעך פון בליטשקע, וואלט איך אייך זעהר גערדאנקט, מחמת איך בין זעהר פערנומען אין געשעפט, און קיין אם וויל איך ניט צונעמען צו יוסעלע'ן, עס איז נישט כדאי. איך האב נאר גערונגען א מיי־דעל און צאהל איהר פיער קערבלעך אויף מיין גאנג, וויעגט זי מיר דאס קינד און טרייבט די קוה אין טשערעדע — איהר וואלט גע־דארפט זעהן וואס פאר א קוה איך האב געקויפט! זי גיט גאנצע פיער קווארט מילך, זעהר טייערע מילך, און איך האב, ברוך־השם, פון איהר קעז און פוטער. נאר משה־מענדעל לעבען האט פלוצים פיינט בעקומען מילכיגס. שטראפט איהם אוים, איך בעט אייך, ער היט זיך כלל נישט אפ! יוסעלע רייסט זיך איצט אויף א קול, ער וויל נעבאך עסען, מיר זאל זיין פאר איהם! איך שליס מיין בריעף און לאז גריסען אלע אונזערע פריינד און ליעבע פריינד גאר הערצליך, און בעט אפשרייבען ענטפער, למען השם, און פער־

בלייב אייער גליקווינשענדע און איבערגעבענסטע שוויעגער־טאָכ־טער כ ל ת כ ם ר ח ל".

— נו? — זאָגט בערעל דער גראָבער. — הלואי אויף מיינע קינ־דער געזאָגט געוואָרען נישט ערגער!

— איהר זינדיגט, דוואָסי־מלכה, איהר זינדיגט! — זאָגט יו־דעל. — כלעבען, איהר זינדיגט!

— אודאי, אַ דאַנק זיין ליעבען נאָמען, וואָס ס'איז זיי, קיין עין־הרע, גוט. נאָר זי טהוט מיר באַנג — איך קאָן זי ניט פאַר־געסען, רב יודעל, איך קאָן זי ניט פאַרגעסען!

און דוואָסי־מלכה רעכענט־אויס יודל'ען אַלע מעלות פון איהר שנור מיט אַלע איהרע פּאָסטעמקעס און בעווייזט איהם, פאַר וואָס זי קאָן זי נישט פערגעסען. דער גאַנצער עולם רעדט, שמועסט מכח יעהופעץ און מכח יעהופעצער מסחרים. נאָכדעם נעמט מען צו קאַפּעלעך, מע טרינקט לחיים, האַלטענדיג דאָס קעלישעקעל אין דער האַנד גאַנץ לאַנג, און מע ווינשעוועט איינער דעם אַנדערען אַלדאָס גוט'ס, און אויף דעם כלל ישראל בשורות טובות מיט ישועות ונחמות. ביז דער באָרשט קומט אַרויף אויפ'ן טיש און צעשפּרייט אַ מחיה'דיגען ריח איבער דער גאַנצער שטוב, און דער עולם ווערד פריילין. מע פעררעדט זיך און מע פערגעסט זיך אָן משה־מענדל'ען, מיט רחל'ען, מיט דער שטאָדט יעהופעץ און מיט אַלע מיט איין אַנדער.

---

## XXVI.

### ס ט ע מ פ ע נ י ו פ ע ר ז ו כ ט ד ע ם א מ ת ' ע ן ט ע ם פ ו ן ג י ה נ ם.

נאָר איין מענש קאָן ניט פערגעסען די שענע רחל'ע. דער לעזער שטויסט זיך, אַז דאָ שמועסט מען מכח סטעמ־פעניו'ן.

יאָ, מכּה סטעמפּעניו'ן שמועסט מען. ווער איז אימשטאַנד איבערצוטראָגן זיינע גרויסע יסורים? ווער קאָן פּיהלען זיין האַרץ און פערשטעהן זיין גרוים פּערדראָס?

„סטייטש, פּערדראָס! סטייטש, דאָסאַדע! — טראַכט זיך סטעמפּעניו. — אַפילו ניט מזכּיר געווען, נישט איבערגעקעהרט די צונג, קיין צוויי צעבראָכענע ווערטער נישט אויפגעשריבען, חאָטש פון יוצא וועגען: נאַ, וויים חאָטש, אַז איך פאָהר אוועק — פע, בזיונות!"...

סטעמפּעניו'ן האָט זיך נאָך אַזעלכעס קיינמאָל ניט געטראָפען, חאָטש טרעפען האָבען זיך איהם געטראָפען פערשיעדענע טרעפע־נישען, און אַמאָל — נאָך זעהר מיאוסע, מיט אַ בייזען סוף, ווי מיר האָבען שוין אויבען דערמאָנט. נאָר אַזאַ שלאַק, אַזאַ מפּלה, ווי מיט רחל'ען, האָט זיך איהם אפילו ניט גע'חלום'ט. סטעמ־פּעניו, וואָס איז געווען אַזאַ חשוב ביי'ם רבי'ן אין הויף, אַז אפילו דעם רבינ'ס טעכטער האָבען מיט איהם געטריבען קאַטאָוועס, סטעמפּעניו, וואָס אפילו די גראַפינע ברעזשעזשקאַ מיט אַלע „פּאַנעס" זענען געווען נאָך איהם די כּפּרה, ארויסגעשיקט נאָך איהם די קאַרעטע, גערעדט מיט איהם אויף פראַנצויזיש, — הכּלל, סטעמפּעניו זאָל האָבען אַזאַ נאַז, און נאָך אַזוי מיאוס, פון אַ פּשוט אידיש ווייבעל!

— זי טהוט מיר האַרציג באַנג! — האָט זיך סטעמפּעניו מודה געווען פאַר זיין קאָמפּאַניע כּלי־זמר. — זי טהוט מיר האַרציג באַנג, אָט דאָס ווייבעל, און איך וואָלט איהר נאָכגעפאָהרען ביז יעהופּעץ, ווען ניט... ווען ניט... — סטעמפּעניו קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, און חברה ווייסען שוין, וועמען ער זוכט דאָ מיט די אויגען.

די גאַנצע חברה כּלי־זמר האָבען ליעב געהאַט סטעמפּעניו'ן, ווי דאָס לעבען, און זענען קאַפּאַבל צו געהן פון זיינעטוועגען אין פייער און אין וואַסער. און ווי ליעב זיי האָבען געהאַט סטעמ־פּעניו'ן, אַזוי האָבען זיי פיינט געהאַט פריידל'ען. זיי האָבען זי

נישט געקאָנט אָנקוקען פאַר איהר קאַרגשאַפט, פאַר איהר זשערנע־קייט צום געלד און פאַר אַלע איהרע מיאוסע תנועות.

— כל־זמן ער איז געווען אַ בחור, — האָבען חברה געשמועסט צווישען זיך, — איז אַ סמאַליער[1] געווען ביי איהם הפקר, און מע האָט זיך געקאָנט אַרום איהם פּאָזשיווען; אַמאָל חאַפּען אויף אייביג אַ גמילות־חסד אַ סטראַמערעל[2], צי אַ שפּענערעל[3], און אַמאָל אַזוי אַ מתנה. אצינד, זינט די מרשעת, ימח־שמה, האָט איהם צוגענומען צו זיך אין די לאַפּקעס אריין, פּגר'ט ער אַליין נאָך אַ גראָשען, חאַטש הענג איהם אויף. ניטאָ אַמאָליגע יאָהרען מיט די אַמאָליגע וועטשערעס ביי סטעמפּעניו'ן, מיט די ארומפּאָה־רעכצען! היינט ליג אין דער קרענק, דאַר און קוואַר און ווער גע־שוואָלען ווי אַ באַרג פאַר הונגער. דאָס גאַנצע יאָהר זיין אָהן אַ שטיקעל קרעל[4] און קוק־אַרוים אויף'ן ראש־חודש אלול! זאָלסט זאָגען, זי זאָל עס פון יוצא וועגען מכבד זיין אַ נאַש־בראַט מיט אַ גלעזעל טיי, רופען אַמאָל פון דרך־ארץ וועגען עסען — עסען זאָלען ווערעם איהר לייב!

— גלויבט מיר, עס מאַכען זיך איצט אַפּט צייטען, ווען עס דאַקאַרעט זיך בעריען[5], אַז ס'איז אַ שרעק, נאָר זי זאָל מיר אַני־דערלעגען גאָלד, וואָלט איך ביי אַזאַ שלאַק נישט פאַרזוכט קיין שטיקעל קרעל.

— ווי אַזוי לעבט ער מיט איהר, מיט אַזאַ יאַשטשערקע, מיט אַזאַ נבלה? איך וואָלט שוין לאַנג אַזעלכעס גע'סמ'ט אָדער גע־האַנגען, צו אַלדי שווארצע יאָהר, ווי איהר זעהט מיך לעבען!

— אי, סטעמפּעניו, סטעמפּעניו, ליגסט דו נעבאַך אין דער ערד, ווי אַ באַרג, און באַקסט בייגעל!...

---

[1] סמאַליער — קערבעל. — [2] סטראַמערעל — דרייערעל. — [3] שפּענערעל — פינפערעל. — [4] קרעל — ברויט. — [5] דאַקאַרעט זיך בעריען — עס ווילט זיך עסען.

אַט אַזוי שמועסען זיך אויס וועגען סטעמפּעניו'ן זיין קאַמ־פּאַניע כלי־זמר, וואָס זעהען זיינע צרות, פיהלען זיינע וועהטיגען, חאָטש ער רעדט מיט זיי ניט וועגען דעם.

אַז פריידעל איז אין מארק, אָדער זי איז פערנומען מיט איהרע משכונות און מיט איהרע קונים, איז נאָך ווי עס איז: סטעמפּעניו איז מכבד די חברה מיט פּאַפּיראָסען, מע זיצט, מע לצ'עוועט, מע דערצעהלט מעשיות פון אַמאָל און מע רייבט די פּאַפּיראָסען אויף וואָס די וועלט שטעהט. נאָר אַט קומט־אריין פריידעל, ווערד אַלעמען קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען, און חברה הויבט זיך אָן ארויסרוקען איינציגוויין.

— זעהט נאָר זעהט, ווי מע האָט דאָ אָנגעקורעט, ווי אין אַ קרעטשמע! — זאָגט פריידעל, שמאָרענדיג מיט דער נאָז און קו־קענדיג אויף דעם פּעקעל טאַבאַק, וואָס טאָגט שוין. — נאָר גע־רויכערט, נאָר געקורעט און געגנוג! עס טהוט מיר שוין וועה מיין קאָפּ פון אייערע ציגארען, איהר וועט מיך קראַנק מאַכען! דו מיינסט, סטעמפּעניו, ס'איז אַ מעלה, וואָס דו רויכערסט אַזוי פיעל? פאָלג מיך, סטעמפּעניו. הער־אויף צו רויכערען, נשמה מיינע! גלויב מיר, עס שאַרט דיר צום געזונט.

— וואָס טויג דיר, פריידעל, געזונט־געשמונט? זאָג בעסער, אַז דו זשאַלעוועסט מיר אַ גילדען אויף פּאַפּיראָסען — און געגנוג. צו וואָס טויג דיר אָנשטעלען?

— וואָס זאָגסט דו אויף זיין טאַטען? נאַ דיר גאָר אָנשטע־לען! איך מיין זיין טובה, און ער קומט דיר מיט זיינע אָנשטעלען! נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג צום שענעם פריהמאָרגען, וואָס איך האָב היינט געהאַט, זיך אָנגעהאַריקעט, אויסגעקאָכט דאָס וואַסער, אָפּגענעסען דאָס הארץ, נישט געלייזט אַ גראָשען, און דערצו נאָך געזידעלט געוואָרען, ווי אַ דיענסט, ערגער ווי אַ דיענסט, געשוואַרצט דאָס פּנים, נעמאַכט מיט בלאָטע גלייך — און סחורה ליגט און פוילט...

— איך וואָלט אַ בעלן זיין וויסען, פריידעל־סערדצע, וואָס פראַטעסט דו אַזוי? וואָס קאַרגסט דו? די קינדער דיינע האָבען דיך באַפּאַלען?

— קוק איהם נאָר אָן אַביסעל, איך בעט דיך, אַ נעבאַכעל! ער ווייסט נישט, מע דאַרף איהם פּיקען די צונג דאַרף מען איהם. איך זאָג דיר! מסתמא טראָג איך דאָך דאָס אָפּ דער מאַמע מייד נער, — איאָ, סטעמפעניו? אָדער איך עס דאָס אַליין אויף, אַזאַ פרעסערין, אַ זויפערין, ווי דיין ווייב איז, מע זאָל גאָר באַהיט און באַוואָהרענט ווערען, — איאָ, סטעמפּעניו? אַנג, קוק מיר גלייך אין די אויגען אריין, סטעמפּעניו, איאָ?

— איך זאָג דען, אַז דו עסט־אויף? אדרבה, איך זאָג פאַר־קעהרט. איך זאָג...

— דו זאָגסט, דו זאָגסט — איך וויים וואָס דו זאָגסט! דו האָסט נאָך צו זאָגען, איאָ, סטעמפעניו? דו דאַרפסט נאָך האָבען טענות צו גאָט, וואָס האָט דיר צוגעשיקט אַזאַ אויסברעננגערין, ווי איך, וואָס איך קאָן דיר מאַכען פון אַ גראָשען צוויי און דיך אין זינען האָבען טאָג ווי נאַכט, אדרבה, זאָג, וואָס פעהלט דיר, וואָס געהט דיר אָפּ? דו שווייגסט? איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען, וואו וואָלסט דו שוין אַצינד אָנגעשפּאַרט מיט דיין פּיע־דעלע, ווען דו זאָלסט מיך ניט האָבען, סטעמפּעניו, פאַר אַ ווייב?

— או — וואַ!

— זאָלסט דו טאַקי וויסען, אַז „או — וואַ!“ עס ווייזט־אויס, אַז דו האָסט פאַרגעסען, וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט געהאַט צו דער חתונה — אָהן אַ העמד אויפ׳ן לייב, קיין גאַנצע פּאָר זאָקען, קיין קישעלע, קיין ציכעלע, קיין לייב און לעבען, און פאַרדיענט האָסט דו שטיקער גאָלד — וואו איז דאָס אַהינגעקומען?

— אָט פליה איך דיר אָפּגעבען דין וחשבון פון מיינע פאַר־דיענסטען בחור׳ווייז.

— אַ! אָט דאָס איז דאָך די מעשה מיט דיר, סטעמפּעניו! דו קאָנסט ניט ליידען, אַז מע זאָגט דיר דעם ריינעם אמת, און

האָסט נאָך טענות צו יענעם, דערפאַר, וואָס יענער שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט פאַר דיר, האָרעוועט, קריכט אין דער ערד, פאַרגינט זיך ניט קיין שטיקעל ברויט אויף צו עסן, פאַראומערט זיך דאָס לעבן, און אַלץ צוליעב וועמען? צוליעב איהם! אַלץ פון זיינעטוועגען, טאָמער ווייסט דו, פאַר וואָסערע מעשים טובים? ער וועט מסתמא שטעלען אַ גילדערנע מצבה נאָך מיין קאָפּ — אַז אָך און וועה איז מיר...

— וואָס האָב איך דיר געטהאָן? און ווער טשעפּעט דיך?

— וואָס זאָלסט דו מיר טהון? האָסט מיר גענוג געטהאָן! האָסט מיר פאַרוויסט מיין וועלט! האָסט גענומען אַ יונג קינד, אַ מיידעל אַ ניונקעלע, און האָסט מיט דיין צינגעלע מיך איבער־גערעדט, צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אָפּגעליגנערט פונ׳ם קאָפּ ביז די פיס. וואָס וואָלט מיר שלעכט געווען, איך זאָל דיך נישט געוועזן קענען? איך וואָלט מיר אָפּגעזוכט מיין גלייכען און וואָלט נישט געווען סטעמפּעניו׳ס ווייב — אַ גליק האָט מיך געטראָפען!

— נו, אפשר האָסט דו חרטה אויפ׳ן שידוך, פריידעל? ס׳איז דאָ אַ רב אין מאַזעפּעווקע, און אַ טייך, און מע קאָן שרייבען גט...

— אַ־אַ־אַ? אָט דאָס איז דיין מיין? קוים אַ מאָל זיך אויס־געקוועטשט! דו מיינסט, איך ווייס ניט, אַז דו קוקסט דערויף ארויס? דו ווילסט פון מיר פּטור ווערען! איך ווייס, סטעמפּעניו, איך ווייס, מיך ווערסט דו ניט נאַרען! איך בין דיר גרויס אין די אויגען! נאָר פאַר וואָס קומט דאָס מיר, סטעמפּעניו? איך פרעג דיך, אדרבה, זאָג מיר, פאַר וואָס קומט דאָס מיר? לאָם איך אויך וויסען!

— עט! — ענטפערט איהר סטעמפּעניו, טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד, געהט־אַוועק צו זיך אין חדר אריין און נעמט זיך אַראָפּ דאָס פידעלע פון דער וואַנד.

דאָס פידעלע — דאָס איז אינגאַנצען זיין טרייסט, זיין איינ־ציגער חבר אויף דער וועלט. מיט׳ן פידעלע קאָן ער פערגעסען זיינע יסורים, דערמאַנען זיין יוגענד, זיין פרייהייט, וואָס ער האָט

אנגעוואָרען אויף אייביג, אויף אייביג! פיעל פערשיעדענע פאַר־שוינען רופט איהם אַרויס דאָס געזאַנג פון זיין פידעלע; פיעל שענע, ליכטיגע, פרייליכע בילדער פון אַמאָל שטעלען זיך איהם פאָר, ווען ער הויבט־אָן צו שפּיעלען; זיי בעוויזען זיך — און אנטלויפען!...

צווישען די אַלע אַמאָליגע בילדער ריהרט איהם אָן מעהר פון אַלע איין בילד, וואָס ער קאָן גאָר נישט פערגעסען: דאָס שענע ליעבע בילד פון רחל'ען מיט איהר ליכטיג פּנים, מיט איהרע בלויע אויגען, מיט די לאַנגע ברעמען, מיט איהר ווייסען האַלז און מיט איהר זיס, גוט שמייכעלע, פאַר וועלכעס ער איז גרייט אַלע, אַלע אוועקצוגעבען!

סטעמפּעניו שפּיעלט און שפּיעלט; ער שפּיעלט לאַנג, כּדי דער שאָטען פון רחל'ען זאָל ניט פערשוואונדען ווערען, ווי תּמיד. ער וויל חאָטש זעהן איהר שאָטען. די מחשבה אפילו וועגען רחל'ען איז ביי איהם טייער, זעהר טייער.



אין יענער צייט האָט סטעמפּעניו געשפּיעלט אַזוי, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געשפּיעלט. אין יענער צייט, קאָן מע זאָגען, האָט ער געגרויכט אין זיין שפּיעלען ביז דער העכסטער מדרגה. ווער עס האָט איהם אין יענער צייט נישט געהערט שפּיעלען, דער האָט נאָך קיין גוטס נישט געהערט.

אַזוי קוועלען מיר אָן, ווען דאָס פויגעלע זינגט זיך אין שטיי־געלע: עס חלום'ט זיך דעם פויגעלע גרינע בלעטלעך, בליהענדיגע קוויטען, פרייע לופט, אַ פרייע וועלט, איין אָפענע וועלט, אַ גרויסע ברייטע וועלט, און עס בעקומט חשק צו זינגען, אויסצוגיסען דאָס ביטערע הארץ — און עס זינגט, עס וויינט, עס צעגיסט זיך! און מיר קוועלען־אָן, קלויבען דערפון תּענוג, האָבען אמת פערגעניגען.

— זי טהוט מיר הארציג באַנג! — זאָגט סטעמפּעניו צום הונ־דערטען מאָל פאַר זיין קאָמפּאַניע כּלי־זמר. — איך בענג נאָך איהר

באמת, ווי נאָך איין אייגענער. איך וואָלט איהר נאָכגעפּאָהרען ביז יעהופּעץ, ווען ניט...

און סטעמפּעניו קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען און דערזעהט פריידל'ען, ווי זי שטעהט און טענה'ט איבער אַ קונה'טע פון קאָ־רעלען, פון זיידענע טיכלעך און פון בליטשקע...

אונזער פריידעל האָט ביסלעכווייז איינגעפיהרט אַ גאַנצע קראָם ביי זיך אין שטוב און איז געוואָרען אַ רעכטע סוחר'טע, גלייך מיט אַלע מאַזעפּעווקער קרעמערקעס.

גאַנץ אָפּטליך קומט צו איהר צו־גאַסט איהר מוטער, צפּורה די גראָבע. זי זאָגט, אַז ישעיה'קע בענגט זעהר נאָך דער טאָכטער און שיקט זי געוואָהר ווערען, וואָס פריידעל מאַכט. נאָר פריידעל ווייסט, אַז ס'איז אַ ליגען; זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די מאַמע איז זשעדנע אין דער היים אַ שטיקעל ברויט, קומט זי אַהער אַביסעל זיך אָפּפּאַסטען און מאַכט זיך דאָ גאָר אַ גאַנצען קימפּעט.

— ווייסט דו וואָס, טאָכטער? מאַך אַזעלכע פּוטערבולקעס, ווי איך פלעג אַמאָל מאַכען, געפלאָכטענע און גוט אויסגעטריקענט. דאָס מיט ציקאָריע איז זעהר געזונט, און ווער עס קאָן פּאַרדייען מיט אַ סך פּוטער — איז גאָר גוט. און אויף אָנבייסען היים צו־פּרעגלען די פלאָסטערען פון די געגנז מיט אַ ציבעלקע. דער טאַטע, אויב דו געדענקסט, האָט דאָס ליעב פון תמיד אָן. געזונט, טאָכ־טער, זאָל מען זוכען אין שיסעל...

און צפּורה בעלעקט זיך אַזש און טראַכט־צו אַלע טאָג אַ נייעם אָנבייסען מיט אַ נייעם וואַרמעס מיט אַ מיטאָג און מיט אַ וועט־משערע, — און מע קאָן נישט זאָגען, אַז פריידעל איז דערפון שטאַרק צופריעדען. די ערשטע וואָך טראָגט זי דאָס ווי עס איז איבער, נאָר אויף דער אַנדערער וואָך הויבט זי זיך אָן צו בלאָזען אויף דער מאַמע'ן, די מאַמע — אויף איהר, ביז מע צעאַמפּערט זיך און מע לאָזט־אויס דעם גאַנצען כעס צו סטעמפּעניו'ן, וואָס וויל זיך אריינמישען און מאַכען שלום צווישען ווייב מיט דער שוויגער.

— ס'איז נישט דיין עסק! — זאָגט צו איהם פריידעל. — דו האָב נאָר קיין יסורים ניט. איך וועל מיין מאַמען דיין ירושה ניט אוועקגעבען. זיי רוהיג, סטעמפעניו!

— א שענער געניידעם! — זאָגט די שוויעגער פון איהר זייט מיט א שטאָך. — איין אָכס האָט א לאַנגע צונג און קאָן קיין שופר ניט בלאָזען! ביי לייטען א שוויעגער האָט כבוד גלייך ווי איין אייגענע מאַמע. ער זעהט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, וואָס פאַר א כבוד איך האָב פון מיין טעכטערעל, ווי זאָגט מען: שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פנים, — און ער זאָל עס איהר אפילו איבערקעהרען די צונג. אויך מיר א מאַן, משטיינס געזאָגט, אבי געריממפעלט אויפ'ן פיעדעל. איך פאַרשטעה דאָס גאָר ניט, ווי אזוי ווערד דאָס איהם ניט נמאס, טאַטעניו! וואָס מיין טאָכטער נעמט זיך אזוי איבער — ווייס איך ניט: אז דאָס מזל געהט, קעלבט זיך איין אָכס אויך. מע האָט שוין געזעהן אזעלכע בריות, ווי דו! דיין שוועהר איז אמאָל געווען אזא שענער פיעדלער, ווי דו, נאָר גאָר ניט, ווי זאָגט מען: א נייער בעזעם קעהרט ריין. צו אלסדינג דאַרף מען האָבען מזל, און אז נאָט וויל, שיסט א בעזעם. ברוגז, סטעמפעניו, דאַרפסט דו אויף מיר ניט זיין, וואָס איך זאָג דיר דעם ריינעם אמת, און חאָטש יעדער הונט איז אודאי א בעל־הבית אויף זיין שוועל, נאָר קיין פרעמדע בין איך דיר ניט, פאָרט א שוויעגער, און אז מע שפּיעלט זיך מיט דער קאַץ, נעמט מען פאַר ליעב איהר קראַץ...

און צפורה שיט מיט ווערטלעך, ווי פון א זאַק, ווי איהר שטייגער איז, אז זי צערעדט זיך. נאָר סטעמפעניו הערט נישט אויס ביז'ן סוף: ער נעמט זיך צו דער פיעדעל, ווי תמיד, ווי אלע מאָל, ווען ס'איז איהם שוין גוט אָנגעזאָלעט אויפ'ן הארצען — און דעמאָלט פערגעסט ער דאָס ווייב מיט דער שוויעגער מיט אלע צרות. און עס שטעלט זיך איהם פאַר אלץ יענע רחל'ע מיט די בלויע אויגען...

„זי טהוט מיר הארציג, הארצעדיג באנג!“ — טראכט זיך סטעמפעניו און קלערט אלץ תחבולות, ווי ארום קומט מען צו איהר, ווי אזוי און וואו קאן מען זי זעהן נאך א מאל...

פוסטע מחשבות! ער ווייסט ניט, אז זיין ליעדעל האט ער שוין אפט באלד־באלד אפגעזונגען, אז זיין וועלטעל האט ער שוין כמעט אפגעקומען: ער זעהט ניט, ווי זיינע שענע שווארצע לאקענס ווערען וואס ווייטער שיטערער, ווי זיינע פייערדיגע אויגען ווערען־אן ביסלעכווייז דעם גלאנץ, אזוי ווי אויף זיין ווייסען שטערן לעגען זיך שוין קנייטשען.

נארישער גבור! פערגעס זיך נישט. זעה, ווי ביי דער זייט שטעהט דיין דלילה, דיין ווייב פריידעל. די דאזיגע דלילה האט דיך פערוויעגט, פערשלעפערט ביי זיך אויפ'ן שוים, שטילערהייד אפגעשוירען דיינע לאנגע האר און צוגענומען ביי דיר דעם כח, אינגאנצען דיין כח, ווי יענע דלילה ביי שמשון הגבור... דיר איז געבליבען איצטער איין טרייסט אויף דער וועלט — די פיעדעל.

שפיעל, סטעמפעניו, שפיעל אויפ'ן פיעדעל! שפיעל, און מיר וועלען הארכען...